בְּעֶזְרַת הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ

# דִי שֵׁיינְקַייט פוּן יוֹם טוֹב

# פֶּסַח

צוּזַאמֶענְגֶעשְׁטֶעלְט און בֶּעאַרְבֶּעט
פוּן

**מְנַחֵם מֶנְדֶל**

יְרוּשָׁלַיִם ה׳תשמ״ט

# אִינְהַאלְט

# צֶעהן בְּרֶעקְלַאךְ!

— דוּ בִּיסְט דָא גָארְנִישְׁט נוֹיטִיג, אִין דֶעם גְרוֹיסְן גֶעטוּמְל! מִיר וֶועלְן זִיךְ אַ עֵצָה גֶעבְּן אָן דִיר! שְׁטֵיי בֶּעסֶער אִין דְרוֹיסְן אוּן דִי מִינוּט וָואס מֶען וֶועט דִיר דַארְפְן הָאבְּן וֶועט מֶען דִיר רוּפְן!

רַבִּי יַעֲנְקְל אִיז מִיט שְׁנֶעלֶע טְרִיט אַרוֹיס אוֹיפְן הוֹיף, וְוִי עֶר וָואלְט גֶעוָוארְן אַרוֹיסְגֶעשְׁטוֹיסְן פוּן שְׁטוּבּ דוּרְךְ זַיין וַוייבּ׳ס אוֹיסְגֶעשְׁרֵיי. עֶר אִיז אַ וַויילֶע גֶעשְׁטַאנֶען אַ פַארְלוֹירֶענֶער אוּן בֶּעטְרַאכְט דֶעם גְרוֹיסְן הוֹיף וְוִי עֶר וָואלְט גֶעזוּכְט אַ רוּהִיגְן ווִינְקְל אִין דֶעם גְרוֹיסְן עֶרֶב פֶּסַח׳דִיגְן טוּמְל, אוּן אָט פַאלְט זַיין בְּלִיק אוֹיף זַיין שָׁכֵן רַבִּי מָרְדְכַי וֶועלְכֶער אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַרַיינְגֶערוּקְט צְווִישְׁן אַ בַּארְג קִישֶׁענֶעס אוּן פֶּערֶענֶעס וֶועלְכֶע זַיינֶען גֶעוֶוען אָנְגֶעלֵייגְט אוֹיפְן צוּים פוּן הוֹיף. יֶענֶער הָאט אִיהם גֶעווּאוּנְקֶען מִיט דִי אוֹיגְן אוּן אוֹיסְגֶערוּפְן מִיט אַ שְׁמֵייכְל:

— קום אַהער, יַעֲנְקֶל. אָט דָא װעסְטוּ געפינען אַ צײטְוַוײליגע שוּץ. אױך איך בין אַ פאַרְטְריבֶּענער אַזױ װי דוּ. אױך מיר האָט מײן וַוײבּ פַּארְשיקְט אין דְרױסְן איך זאָל איהר נישְט שְׁטֶערְן פון צוּ מַאכְן פֶּסַח׳דיג!

רַבּי יַעֲנְקֶל האָט אָנְגֶעקוּקְט זַיין שָׁכֵן מיט ערְשְׁטױנוּנְג: וָואס איז ער עֶפֶּעס אַזױ אױפְגֶערַאמְט?! עס איז הַיינְט עֶרֶב פֶּסַח, אין אָוונְד דַארְף מען שױן בּוֹדֵק חָמֵץ זַיין, עס איז נָאך דָא פיהל אַרְבֶּעט, מֶען דַארְף רֵיינִיגְן און שַׁײעֶרְן א. א. וו. און דָא שְׁטֵייט גָאר זַיין שָׁכֵן און לַאכְט פון די גַאנְצֶע וֶועלְט?! מיט אַ עֶרְנְסְטֶע מינֶע האָט ער זיך דערְנֶענְטֶערְט צוּ איהם און זיך אַרַיינְגֶערוּקְט אין דעם הױפְן קישֶׁענֶעס אָפְּקְרֶעכְצְנְדיג:

— זי, מַיין וַוײבּ, לָאזְט מיר נישְט שְׁטֵיין אױף איהר קָאפּ. זי אַרְבֶּעט טַאקֶע עֶרְנְסְט און גֶעטְרַיי. אָבֶּער דָאך, עס הַאנְדְלְט זיך דאך װעגְן חָמֵץ, װיל איך אױך אַבּיסל אױפְזיכְטְן, אָבֶּער זי לָאזְט זיך נישְט. זי האַלְט זיך בּיי איהרס: דוּ שְׁטֵיי אין דְרױסְן.

— אױך מַיין וַוײבּ איז אַזױ — שְׁמֵייכְלְט

אוּנְטֶער רַבִּי מָרְדְכַי.

*

צְווֵיי שְׁכֵנִים זַיינֶען זֵיי גֶעוֶוען, רַבִּי יַעֲנְקֶל אוּן רַבִּי מָרְדְכַי, טְהִיר בַּיי טְהִיר. אָבֶּער זֵייעֶר וַוייט אִין זֵייעֶר נַאטוּר אוּן שְׁטֵייגֶער. רַבִּי יַעֲנְקֶל, אַ מִיטְל יֶעהרִיגֶער אִיד, אִיז גֶעוֶוען אַ גְרוֹיסֶער תָּמִים אוּן אַ עֶרְנְסְטֶער, בַּיי אִיהם אִיז נִישְׁט גֶעוֶוען קֵיין חָכְמוֹת. אַלֶעס אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען פּוּנְקְטְלִיךְ ווִי אַ זֵייגֶער אָן קֵיין בֶּעזוּנְדֶער גֶעפִיהל, אַלֶעס הָאט גֶעמוּזְט קְלַאפְּן לוֹיטְן טַאקְט. עֶר הָאט גֶעהַאלְטְן אַז אוֹיךְ דִי הַארְץ אִיז אַ טֵייל פוּן דֶעם מֶענְטְשְׁנְס קֶערְפֶּער וָואס דַארְף זִיךְ בּוֹיגְן צוּם קָאפּ אוּן מֶען דַארְף נִישְׁט אַרוֹיסְגֵיין פוּן דִי כֵּלִים, נָאר אַוואוּ מֶען אִיז מְחוּיָב.

פוּנְדֶעסְטְוֶועגְן פְּלֶעגְט עֶר אָבֶּער הָאבְּן אַ גֶעשְׁמַאק אִין אוֹיסְפִיהְרְן חוּמְרוֹת. וואוּ אַ חוּמְרָה, אַ סְיָג אָדֶער אַ גָּדֵר, פְּלֶעגְט עֶר נֶעמֶען אוֹיף זִיךְ מִיט אַ סְפֶּעצִיעֶלְן גֶעשְׁמַאק. דָארְטְן פְּלֶעגְט עֶר אַרַיינְלֵייגְן זַיין גַאנְצֶע עֶנֶערְגִיֶע אוּן גֶעפִיהלְן. שְׁטֶענְדִיג פְּלֶעגְט עֶר זוּכְן אִין סְפָרִים, אָדֶער נָאכְקוּקְן בַּיי רַבָּנִים אוּן צוּנוֹיפְקְלַייבְּן נָאךְ אוּן נָאךְ

חוּמְרוֹת. בֶּעזוּנְדֶער אִיז אִיהם גֶעוֶוען לִיבּ דֶער פַּאר
פֶּסַח וֶועלְכֶער אִיז אָנְגֶעפִּיהלְט מִיט חוּמְרוֹת אוּן
עֶר הָאט כִּמְעַט קֵיינֶע נִישְׁט פַאַרְפֶעהלְט.

פּוּנְקְט פַּארְקֶעהרְט אִיז גֶעוֶוען זַיין שָׁכֵן רַבִּי
מָרְדְכַי. שְׁטֶענְדִיג לוּסְטִיג אוּן פְרֵיילַאךְ. וֶועלְכֶער
הָאט גֶעלֵייגְט דֶעם פּוּנְקְט אוֹיף גֶעפִיהל אוּן הַאַרְץ.
עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אוֹיפְן מִיטְל וֶועג, נִישְׁט קֵיין
גְרוֹיסֶער מַחְמִיר אוּן ח"ו נִישְׁט קֵיין מֵקִיל, אוּן
דֶערִיבֶּער פְלֶעגְט אָפְּט פָארְקוּמֶען וִיכּוּחִים צְוִוישְׁן
בֵּיידֶע שְׁכֵנִים וואוּ יֶעדֶערֶער הָאט גֶעזוּכְט צוּ
בַּאפֶעסְטִיגְן זַיין הַאלְטוּנְג. דֶער עֶרְשְׁטֶער הָאט זִיךְ
גֶעהַאלְטְן מִיטְן "אֵין לוֹ לְהַקָדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא
בְּעוֹלָמוֹ אֶלָא ד' אַמוֹת שֶׁל הֲלָכָה" אוּן דֶער
צְוֵויטֶער פְלֶעגְט טַייטְלֶען מִיטְן "רַחֲמָנָא לִיבָּא
בָּעִי".

אוּן יֶעצְט שְׁטֵייעֶן בֵּיידֶע שְׁכֵנִים צְוִוישְׁן דֶעם
בַּארְג מַאטְרַאצְן אוּן קִישֶׁענֶעס אוּן בַּאטְרַאכְטְן
דֶעם גֶעוִוירְבְּל וָואס הֶערְשְׁט יֶעצְט אִין דֶעם גַאנְצְן
הוֹיף צוּלִיבּ דֶעם עֶרֶב פֶּסַח. דִי גַאנְצֶע לוּפְט אִיז
אָנְגֶעפִיהלְט מִיטְן פְרִיהלִינְג. דֶער גֶעשְׁמַאקֶער
גֶערוּךְ פוּן פְרִישׁ גֶעבַּאקֶענֶע מַצוֹת אוּן אָט עֶרְשְׁט

געקאַלאכט און גֶעפַּארְבְּטֶע װענט און טְהִירְן הָאט פַּארְשְׁמֶעקְט די לופְט. די זון שְׁטְרַאלְן הָאבְּן זיך אָפְּגֶעשְׁפִּיגלְט און גֶעבְּלַאשְׁקֶעט אין די אויסְגֶעשַׁייעֶרְטֶע און גֶעכַּשֶׁרְטֶע גֶעשִׁיר װעלְכֶע זַיינֶען גֶעוָוארְן אויסְגֶעשְׁטֶעלְט אויפְן הויף. קִינְדֶער הָאבְּן גֶעהָארֶועט צו בַּאקְן קְלֵיינֶע מַצָּה׳לַאךְ אִיבֶּער אַ בְּלֶעךְ וָואס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אויף אַ פַּייעֶר. אִין אַ זַייט אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ גְרוֹיסֶער קֶעסְל וואו די פַּארֶע הָאט דֶערְפוּן אַרוֹיסְגֶעזֶעצְט, גְרֵייט צוּ כַּשֶׁרְן די כֵּלִים.

אָט די פַּאנָארַאמֶע הָאט גֶעשַׁאפְט גְרוֹיס פַּארְגֶענִיגְן פַאר רַבִּי מָרְדְכַי׳ן און עֶר הָאט זיך אויסְגֶעדְרִיקְט מִיט גְרוֹיס הִתְפַּעֲלוּת צוּ זַיין שָׁכֵן רַבִּי יַעְנְקְל.

— אִינְטְרֶעסַאנְט. עֶס דוכְט זיך ווי די גַאנְצֶע װעלְט הָאט אויסְגֶערופְן אַ מִלְחָמָה קֶעגְן דֶעם חָמֵץ, עֶס זָאל דֶערְפוּן נִישְׁט בְּלַייבְּן אֲפִילוּ קֵיין מַשֶׁהוּ.

רַבִּי יַעְנְקֶל הָאט זיך אָנְגֶעכַאפְּט אויף דֶעם לֶעצְטְן וָוארְט און מִיט אַ עֶרְנְסְטֶע מִינֶע גֶעזָאגְט:

— האָבן מיר דען אַ באַגריף וואס עס מיינט אַ משהו? איך דערמאַן זיך די מעשה מיט די בריסקער רעבעצן וועלכע האט אַריינגעלייגט אויסערגעוויינליכע מיה אין די אַרבעט פון ערב פסח, און ווען מען האט איהר געלאָזט באמערקן דערויף האט זי געענטפערט: קען מיר דען איינער זאָגן וויפל איז דער שיעור פון אַ משהו?!

די זון האט זיך דערווייל דערנענטערט צו מערב זייט. רבי יענקל׳ס פרוי האט איהם געמאָלדן אַז ער איז דאָ מעהר נישט נויטיג, ער קען רוהיג גיין אין שוהל, זי דאַרף זיך יעצט נעמען אויפראַמען דעם הויף.

— זאָלסט נישט פאַרגעסן, פייגל — האט רבי יענקל אויסגערופן ווען ער איז שוין געשטאַנען ביי דער טהיר פון הויף — צוגרייטן צעהן ברעקלאך ברויט, איינוויקלענדיג זיי אין אַ שטיקל פאַפיר און זיי אויסלייגן אין שטוב.

— וויפל זאָגסטו, צעהן, זאָל זיין צעהן — האט פייגל צוגעשטימט און זיך גענומען ווייטער צו די אַרבעט.

וֶוען דִי צְוֵויי שְׁכֵנִים זַיינֶען צוּרִיקְגֶעקוּמֶען נָאךְ מַעֲרִיב פוּן שׁוּהל אוּן אַ בְּלִיק גֶעטְהוּן אוֹיפְן הוֹיף, זַיינֶען זֵיי גֶעבְּלִיבְּן עֶרְשְׁטוֹינְט, זֵיי הָאבְּן מַמֶשׁ נִישְׁט דֶערְקֶענְט דֶעם הוֹיף. עֶס אִיז נִישְׁט גֶעבְּלִיבְּן קֵיין בְּרֶעקֶל שְׁמוּץ, אַלֶעס הָאט גֶעגְלַאנְצְט אוּן גֶעבְּלַאשְׁקֶעט.

אוֹיךְ אִין שְׁטוּבּ הָאט דִי רֵיינְקַייט אַרוֹיסְגֶעשְׁרִיגְן פוּן יֶעדְן ווִינְקֶעלֶע, עֶס הָאט זִיךְ נִישְׁט גֶעלָאזְט גְלוֹיבְּן אַז דָא אִיז וֶוען עֶס אִיז גֶעוֶוען אַ בְּלָאטֶע, אָדֶער קוֹיטִיקַייט. אַ גֶעשְׁמַאקֶע גֶעהוֹיבֶּענֶע אַטְמָאסְפֶער הָאט אָנְגֶעפִיהלְט אַלֶע צִימֶערְן וֶועלְכֶע הָאבְּן גֶעבְּלַאשְׁקֶעט פוּן רֵיינְקַייט. פוּן שַׁאפֶע הָאבְּן זִיךְ אַרָאפְּגֶעקוּקְט פֶּעקְלַאךְ מִיט קַיילֶעכִיגֶע מַצוֹת, וֶועלְכֶע הָאבְּן גֶעבְּלִיקְט מִיט אַ זִיגְרַייכְן בְּלִיק אוֹיף דִי אֵיינִיגֶע צוּוָוארְפֶענֶע בְּרֶעקְלַאךְ וֶועלְכֶע זַיינֶען גֶעלֶעגְן אוּנְטֶערְן טִישׁ, אוֹיפְן שְׁוֶועל פוּן פֶענְסְטֶער, ווִי דִי לֶעצְטֶע קָרְבָּנוֹת פוּן דִי גְרוֹיסֶע מִלְחָמָה.

מִיט גְרוֹיס זְהִירוּת אִיז רַבִּי יַעֲנְקֶל צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם בְּדִיקַת חָמֵץ. עֶר הָאט גֶעהַאלְטְן אִין הַאנְד אַ וַואקְסֶענֶע לִיכְט מִיט אַ גַאנְזְן־פֶעדֶער, אוּן דֶעם

דיקן סידור אין דער צװײטער האנד. אלע קינדער, פון גרויס ביז קלײן זײנען געשטאנען ארום איהם אנגעצויגן און געקוקט אויף יעדע באװעגונג זײנע. מיט אײנגעהאלטענעם אטעם האבן זײ צוגעהערט די ברכה "על ביעור חמץ" און נאכגעגאנגען נאך איהם, טריט בײ טריט, העלפנדיג זוכן דעם חמץ. א טיפע שטילקײט האט געהערשט אין שטוב און קײנער האט נישט געװאגט עס איבערצורײסן. פון צײט צו צײט האט ער אויסגעפונען אײנע פון די ברויט ברעקלאך פון װעלכע זײן פרוי האט צושפרײט איבערן שטוב און מיטן גאנזן־פעדער עס ארײנגעשארט אין דעם קויש װאס ער האט געהאלטן אין האנד.

נאכדעם װאס רבי יענקל האט זיך אויפגעשטעלט אויף די פיס און אויסגעגלײכט די פלײצע זאגנדיג "כל חמירא", האט ער גענומען באטראכטן דעם פעקל מציאות װאס ער האט דא ערשט ערדײכט: א שאלאכץ פון א פאפיטע, א שטיקל שטײנדל, א ברעקל פון א בעבל און נײן ברעקלאך ברויט.

— נײן — איז אדורכגעלאפן א ציטער אין

רַבִּי יַעֲנְקְל׳ס קֶערְפֶּער — און אַוואוּ אִיז דֶער צֶענְטֶער?

עֶר אִיז שְׁנֶעל אַרַיינְגֶעלָאפְן אִין קִיךְ, וואוּ זַיין פְרוֹי הָאט זִיךְ שׁוֹין פַארְנוּמֶען מִיטְן צוּגְרֵייטְן דֶעם יוֹם טוֹב און אִיהר גֶעפְרֶעגְט מִיט אַ צִיטֶערְדִיגֶע שְׁטִימֶע:

— ווִיפְל בְּרֶעקְלַאךְ בְּרוֹיט הָאסְטוּ צוּגֶעגְרֵייט, פֵייגְל?

— דוּ הָאסְט דָאךְ גֶעזָאגְט צֶעהן, הָאבּ אִיךְ צוּגֶעגְרֵייט צֶעהן! — הָאט פֵייגְל גֶעעֶנְטְפֶערְט אַ פַארְמַאטֶערְטֶע פוּן דִי פִיהל אַרְבֶּעט.

— קִינְדֶער! — הָאט רַבִּי יַעֲנְקְל צוּנוֹיפְגֶערוּפְן זַיינֶע אַלֶע קִינְדֶער וֶועלְכֶע זַיינֶען בְּלִיץ שְׁנֶעל גֶעשְׁטַאנֶען אַרוּם — קוּמְט, הֶעלְפְט צוּ אוֹיסְגֶעפִינֶען אַוואוּ עֶס לִיגְט דֶער בְּרֶעקְל וָואס פֶעהלְט!

נָאךְ אַ לֵיינְגֶערֶע זוּכֶענִישׁ און לוֹיפֶענִישׁ, הָאט זִיךְ אַרוֹיסְגֶעווִיזְן אַז דֶער צֶענְטֶער בְּרֶעקְל אִיז פַארְשְׁוואוּנְדְן גֶעוָוארְן און עֶר אִיז נִישְׁטָא. רַבִּי

יַעֲנְקֶל אִיז אַנִידֶערְגֶעפַאלְן אוֹיף דֶער סָאפֶע מִיט אַ טִיפְן טְרוֹיעֶר. עֶר הָאט אוֹיסְגֶעזֶעהן וִוי עֶר וָואלְט בַּייגֶעקוּמֶען זַיינֶע אַלֶע פַיינְד אוֹיסֶער דֶער גְרֶעסְטֶער אוּן גֶעפֶערְלִיכְסְטֶער וָואס הָאט זִיךְ אַרוֹיסְגֶעדְרֵייט אוּן יֶעצְט וַוארְפְט עֶר אָן אוֹיף אִיהם אַ שְׁרֶעק.

יֶענֶע נַאכְט הָאט רַבִּי יַעֲנְקֶל נִישְׁט גֶעקֶענְט אַיינְשְׁלָאפְן. דֶער פַארְשְׁווֹאוּנְדֶענֶער בְּרֶעקֶל חָמֵץ אִיז אִיהם וִוי גֶעבְּלִיבְּן שְׁטֶעקְן אִין הַאלְז אוּן פַארְשְׁוֶוערְט זַיין אָטֶעם. עֶס אִיז נִישְׁט גֶעוֶוען קֵיין סוֹף צוּ זַיין עַגְמַת נֶפֶשׁ, וָואס נָאךְ אַזוֹי פִיהל אַרְבֶּעטְן אוּן הָארֶוֶוען אִיז בַּיי אִיהם אִין שְׁטוּבּ גֶעבְּלִיבְּן חָמֵץ מַמֶשׁ, וֶועלְכְן עֶר קֶען בְּשׁוּם אוֹפָן נִישְׁט גֶעפִינֶען.

וֶוען עֶר אִיז אוֹיף מָארְגְן אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִיז עֶר גֶעוֶוען זֵייעֶר צוּבְּרָאכְן, דֶער גַאנְצֶער פְרֵיילַאכֶער יוֹם טוֹב וָואס הַאלְט בַּיים אָנְקוּמֶען הָאט בַּיי אִיהם אוֹיסְגֶעזֶעהן וִוי אַ קַיילִיקֶער. שְׁטִיל, מִיט אַ שְׁטוּמֶער כַּעַס הָאט עֶר מִיט זַיין גַאנְצֶע הוֹיז גֶעזִינְד גֶעגֶעסְן אַרוּם אַ גְרוֹיסֶע קוּפֶּערְנֶע פַּיילֶע, וֶוען אַלֶע עֶסְן אִיבֶּערְגֶעבּוֹיגְן מִיט אַ הַאלְבְּן

קֶערְפֶּער אִיבֶּער דִי פַּיילֶע, כְּדֵי דִי בְּרֶעקְלַאךְ בְּרוֹיט זָאלְן נִישְׁט אַרָאפְּפַאלְן אוֹיף דֶער עֶרְד. דִי גַאנְצֶע צַייט הָאט רַבִּי יַעֲנְקֶלֶען גֶעגְרִיזְשֶׁעט אִין הַארְץ: דָא שְׁטֵייט מֶען אוּן מֶען טְהוּט אַכְטוּנְג עֶס זָאל קֵיין בְּרֶעקֶל נִישְׁט אַרָאפְּפַאלְן אִין דֶער צַייט וֶוען אִין שְׁטוּב לִיגְט זִיךְ רוּהִיג אַ שְׁטִיק חָמֵץ אוּן מֶען קֶען עֶס נִישְׁט גֶעפִינֶען...

דֶער דָאזִיגֶער טְרוֹיעֶרִיגֶער גֶעדַאנְק הָאט אִיהם נִישְׁט נָאכְגֶעלָאזְט אוֹיךְ דַאן וֶוען עֶר הָאט פַארְבְּרֶענְט דֶעם חָמֵץ מִיט דֶער הִילְף פוּן זַיינֶע טֶעטִיגֶע קִינְדֶער. זֵיי, דִי קִינְדֶער הָאבְּן אַרוּמְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אַרוּם דֶעם פַייעֶר, לוּסְטִיג אוּן פְרֵיילַאךְ אוּן דֶער טַאטֶע אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פַארְזָארְגְט אוּן פַארְקְלֶעמְט...

וְוִיפִּל רַבִּי יַעֲנְקֶל הָאט פְּרוּבִּירְט אַרוֹיסְקְלַאפְּן פוּן גֶעדַאנְק וֶועגְן יֶענֶעם פַארְשְׁוואוּנְדֶענֶעם בְּרוֹיט בְּרֶעקֶל אוּן זִיךְ אִינְגַאנְצְן אָפְּגֶעבְּן מִיטְן יוֹם טוֹב, מִיט קְדוּשָׁה אוּן טָהֳרָה — אִיז אִיהם נִישְׁט גֶעגַאנְגֶען. ווִי צוּ לְהַכְעִיס הָאט זִיךְ עֶס נִישְׁט גֶעקֶענְט אַרוֹיסְקְלַאפְּן פוּן זַיין גֶעדַאנְק. זַיינֶע אוֹיגְן הָאבְּן נִישְׁט אוֹיפְגֶעהֶערְט זִיךְ צוּ וַוארְפְן אוֹיף אַלֶע

זַייטְן, אִין אַלֶע פַארְוָוארְפֶענֶע ווִינְקְלֶען, טָאמֶער
וֶועט אִיהם פָּארְט גֶעלוּנְגֶען צוּ כַאפְּן אוּן
אוֹיסְגֶעפִינֶען דֶעם פַארְשְׁוואוּנְדֶענֶעם בְּרֶעקְל,
וֶועלְכֶער צוּשְׁטֶערְט אִיהם זַיין רוּה. צוּ דֶערְצוּ הָאט
עֶר נָאכְאַמָאל גוּט אַדוּרְכְגֶעלֶערְנְט די הֲלָכוֹת פוּן
חָמֵץ בְּפֶּסַח, טָאמֶער וֶועט זִיךְ פוּנְקְט טְרֶעפְן אוּן
דֶער בְּרֶעקְל וֶועט זִיךְ בֶּעוַוייזְן דַוְקָא אִין סַאמֶע
פֶּסַח.

*

עֶס אִיז אָנְגֶעקוּמֶען דֶער סֵדֶר נַאכְט. דֶער טִישׁ
אִיז גֶעוֶוען שֵׁיין אוּן גְרוֹיסְאַרְטִיג צוּגֶעגְרֵייט, די
לִיכְטִיגֶע אוּן הֵיילִיגֶע אַטְמָאסְפֶערֶע הָאט גֶעוִוירְקְט
אוֹיךְ אוֹיף רַבִּי יַעְנְקְלֶען אַבִּיסְל צוּ פַארְגֶעסְן פוּן
דֶעם וָואס דְרִיקְט אִיהם אוֹיפְן הַארְץ אוּן זַיין
גֶעזִיכְט הָאט גֶעשַׁיינְט פוּן פְרֵייד אוּן יוֹם טוֹב
גְלִיק. מִיט קֶענִיגְלִיכֶער בְּרֵייטְקַייט הָאט עֶר זִיךְ
גֶעזֶעצְט צוּם סֵדֶר־טִישׁ אוּן גֶענוּמֶען פִיהְרְן זַיין
קֶענִיגְרַייךְ מִיט גֶעהוֹיבְנְקַייט. זַיין וַוייבּ, די
"מַלְכָּה" הָאט בַּאטְרַאכְט די גְלַאנְצִיגֶע שְׁטוּבּ
וֶועלְכֶע בְּלַאשְׁקֶעט מִיט אִיהר רֵיינְקַייט אוּן
זוֹיבֶּערְקַייט אוּן אִיהרֶע אוֹיגְן זַיינֶען גֶעוֶוען פוּהל

מִיט הֶעכֶערְן גְלִיק, וָואס דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער הָאט אִיהר גֶעהָאלְפְן זִי זָאל קֶענֶען אַלֶעס אַלֵיין צוּגְרֵייטְן.

אוֹיךְ דִי קִינְדֶער זַיינֶען אוֹיפְגֶערוֹימְט. זֵיי הָאבְּן מִיט גְרוֹיס נַייגֶערִיגְקַייט גֶעקוּקְט אוֹיפְן פָּאטֶער וָועלְכֶער מוּטְשֶׁעט זִיךְ צוּ אַיינְשְׁלִינְגֶען דִי אַלֶע "כַּזֵיתִים" מִיט דֶער גְרֶעסְטֶער שְׁנֶעלְקַייט, כְּדֵי אֲכִילַת פְּרַס, אוּן זַיינֶע צֵיינֶער קַייעֶן אוּן קַייעֶן, אוּן פוּן זַיין שְׁטֶערְן רִינְט דֶער שְׁוֵייס פוּן שְׁוֶוערֶע מִיה, אוּן עֶרְשְׁט דַאן וֶוען עֶר הָאט גֶעעֶנְדִיגְט דִי כַּזֵיתִים, הָאט עֶר לַייכְט אָפְּגֶעאָטֶעמְט ווִי עֶר וָואלְט יֶעצְט גֶעעֶנְדִיגְט אַ שְׁוֶוערֶע שְׁטִיקְל אַרְבֶּעט.

וֶוען מֶען הָאט דֶערְלַאנְגְט צוּם טִישׁ דִי סְעוּדָה, הָאט בֶּערְל, דֶער עֶלְטֶערֶער צְוֶועלְף יֶעהְרִיגֶער אִינְגְל גֶעוואוּנְקֶען צוּם קְלֶענֶערְן בְּרוּדֶערְקֶע, יָאסֶעלֶע, עֶר זָאל זִיךְ דֶערְנֶענְטֶערְן צוּ אִיהם, צוּלִיבּ אַ ווִיכְטִיגְן עִנְיָן.

— יָאסְל — הָאט בֶּערְל שְׁטִיל אַרַיינְגֶעשֶׁעפְּשֶׁעט אִיהם אִין אוֹיעֶר — דוּ וָואלְסְט גֶעוָואלְט מַאכְן אַ שׁוּתְּפוּת בַּיים אַרוֹיסְכַאפְּן פוּן

טאַטן דעם אַפּיקומן?

— געוויס — האָט יאָסעלע באַלד געענטפערט — אָבער ווי קען מען צוקומען צו איהם, ווען דער טאַטע לאָזט עס נישט אַרויס פון האַנד!

— איך האָב אַ עצה — האָט בערל געזאָגט — איך וועל מאַכן אַז דער טאַטע זאָל אויפשפּרינגען פון אָרט און דאַן זאָלסטו אויסניצן די געלעגנהייט און שנעל אַרויסכאַפּן דעם אַפּיקומן.

— גוט, איך בין מסכּים — האָט יאָסעלע געענטפערט.

בערעלע האָט זיך אויפגעהויבן און אַריין אַ ווײַלע אין קאָך, און פּלוצלונג איז ער אַריינגעשפּרונגען אין שטוב מיט גרויס איבעראַשונג האַלטנדיג אין האַנד אַ קליין פּעקעלע און אויסגערופן:

— איך האָב געפונען דעם פאַרשוואונדענעם...

אִין שְׁטוּבּ אִיז גֶעוָוארְן אַ טוּמְל. רַבִּי יַעֲנְקְל אִיז דֶערְצִיטֶערְט גֶעוָוארְן אוּן גֶענוּמֶען שְׁרַייֶען מִיט נִישְׁט זַיין קוֹל:

— שְׁנֶעל וַוארְף עֶס אַוֶועק! גִיךְ בְּרֵיינְג אַ כְּלִי עֶס צוּ פַארְדֶעקְן!

אָבֶער בֶּערְל אִיז זִיךְ גֶעשְׁטַאנֶען רוּהִיג אוֹיף זַיין פְּלַאץ, אוֹיפְגֶעעֶפְנְט דִי קְלֵיין פֶּעקֶעלֶע אוּן עֶס דֶערְלַאנְגְט צוּם מוֹיל...

רַבִּי יַעֲנְקְל אִיז אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פוּן זַיין אָרְט ווִי אַ שְׁלַאנְג גֶעבִּיסֶענֶער. עֶר הָאט גֶעגֶעבְּן אַ שְׁפְּרוּנְג צוּ צוּ בֶּערֶעלֶען, אָבֶער נָאךְ אֵיידֶער עֶר אִיז צוּ אִיהם צוּגֶעקוּמֶען הָאט עֶר בַּאמֶערְקְט אַז עֶר הַאלְט אִין הַאנְד נִישְׁט מֶעהר ווִי אַ קְלֵיין נִיסֶעלֶע... אַ עֶרְשֶׁעפְּטֶער הָאט עֶר זִיךְ צוּרִיקְגֶעזֶעצְט אוֹיף זַיין הֵיסֶב בֶּעט אוּן אוֹיף זַיין גֶעזִיכְט אִיז נִישְׁט גֶעוֶוען צוּ דֶערְקֶענֶען צוּ עֶר שְׁמֵייכְלְט אָדֶער עֶר אִיז אוֹיפְגֶערֶעגְט. עֶר הָאט אָבֶער נִישְׁט גֶעוואוּסְט, אַז אִין דִי מִינוּט וָואס עֶר הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹבְּן פוּן זַיין שְׁטוּל, אִיז דֶער אֲפִיקוֹמָן אַרִיבֶּער אִין אַ צְוֵייטֶע הַאנְד. עֶנְדְלִיךְ הָאט עֶר גֶעמוּזְט

פאַרשְׁפְּרֶעכְן פאַרְן אָפְּגֶעבְּן דֶעם אֲפִּיקוֹמָן אַ גֶעהֶערִיגֶע מַתָּנָה פאַר די צְוֵויי קְלֵיינֶע "גַנָבִים" צוּגֶעבְּנְדִיג אַ עֶרְנְסְטֶע בַּאמֶערְקוּנְג: די חַזַ"ל זָאגְן אַז "לא תִגְנוֹב עַל מְנַת לְמֵיקַט" אִיז אוֹיךְ אָסוּר.

אַזוֹי זַיינֶען אַרִיבֶּער אוֹיף רַבִּי יַעֲנְקְלֶען די זִיבְּן טֶעג פֶּסַח, נִישְׁט גֶעפִינֶענְדִיג דֶעם פאַרְשְׁוואוּנְדֶענֶעם חָמֵץ בְּרֶעקְל. די גאַנְצֶע צַייט אִיז אִיהם זַיין הַארְץ גֶעוֶוען שְׁוֶוער און דֶערְדְרִיקְט, ווִי דֶער שָׁאטְן פון דֶעם בַּאהַאלְטֶענֶעם בְּרֶעקְל שְׁוֶועבְּט אִיבֶּער אִיהם. קֵיין זַאךְ הָאט אִיהם נִישְׁט גֶעקֶענְט מַאכְן פאַרְגֶעסְן און אִיהם אַבִּיסְל אוֹיפְמוּנְטֶערְן. דֶעם גַאנְצְן יוֹם טוֹב הָאט עֶר כִּמְעַט ווִי נִישְׁט גֶעגֶעבְן קֵיין שְׁמֵייכְל, אוֹיסֶער אֵיין מָאל, וֶוען עֶר אִיז מִיט זַיינֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער זַיינֶען גֶעגַאנְגֶען בַּאזוּכְן חוֹל הַמוֹעֵד אִין דֶעם "זָאאָלָאגִישְׁן גָארְטְן" און זַיין מוּזְשִׁינִיקְל אִיז אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אַ דֶערְצִיטֶערְטֶער אוֹיסְשְׁרַייעֶנְדִיג: קוּק נָאר, טַאטֶע, די בּוּזְשַׁאנֶע עֶסְט חָמֵץ אוּם פֶּסַח!!

און וֶוען עֶס הָאט אוֹיפְגֶעשַׁיינְט דֶער פְּרִימָארְגְן פון אִסְרוּ חַג אִיז ווִי אַ וָואלְקְן פון

וָואכֶעדיגְקַייט אַרָאפּ אוֹיפְן גַאנְצְן הוֹיז. דֶער גַאנְצֶער שַׁיין אוּן חֵן פוּן יוֹם טוֹב אִיז פַארְשְׁוואוּנְדְן. דִי קִינְדֶער הָאבְּן עֶס נִישְׁט גֶעקֶענְט פַארְלַיידְן. בֶּעזוּנְדֶער וֶוען דֶער טַאטֶע הָאט זִיךְ צוּ זֵיי אָנְגֶערוּפְן:

— קִינְדֶערְלַאךְ, גֶעעֶנְדִיגְט. שׁוֹין אוֹיס יוֹם טוֹב! מֶען דַארְף שׁוֹין גֵיין אִין חֵדֶר אַרַיין!

דֶער קְלֵיינֶער יָאסֶעלֶע הָאט פַארְקְרִימְט זַיין נָאז, וִוי עֶר וָואלְט גֶעוֶוען אוֹיפְגֶערֶעגְט אוֹיף דִי גַאנְצֶע וֶועלְט אוּן זִיךְ אִיבֶּערְנֶעמֶענְדִיג גֶעפְרֶעגְט:

— פַארְוָואס אִיז פֶּסַח נָאר זִיבְּן טֶעג אוּן נִישְׁט קֵיין אַכְט?

רוּפְט זִיךְ אָן זַיין בְּרוּדֶער בֶּערְל אוֹיף אַ וֶוערְטְל:

— וֵוייסְט פַארְוָואס? וַוייל אַכְט זַיינֶען זוּגוֹת!

אִין יֶענֶעם מָאמֶענְט גִיט דִי מַאמֶע אַ שְׁפְּרִינְג אוֹיף פוּן אָרְט וִוי אַ דוּנֶער וָואלְט אִיהר גֶעטְרָאפְן. זִי כַאפְּט זִיךְ אָן בַּיים קָאפּ אוּן רוּפְט אוֹיס:

— אוי, סאַרא קאַפּ! סאַרא קאַפּ! אַזוי נישט צו געדײנקען! אַזוי צו פאַרגעסן!

רבּי יענקל מיט די גאַנצע הויז געזינד האָבּן איהר אָנגעקוקט פאַרוואונדערט און ערשטוינט. עס האָט אויסגעזעהן ווי די וואָלט פון זינען אַראָפּ.

— איצט דערמאַן איך זיך — האָט פייגל גענומען דערצײלן מיט גרויס איבּעראַשונג — אַז ווען איך האָבּ גענומען צוגרייטן די בּרעקלאַך בּרויט אויף בּדיקת חמץ, האָבּ איך טאַקע געטהון אַזוי ווי מיר האָבּן דאָן אָפּגערעדט, צעהן בּרעקלאַך. אָבּער פּלוצלונג איז מיר דאַן אַדורכגעפלויגן אין געדאַנק אַז צעהן זײנען זוגות און נישט טראַכטענדיג קיין סאַך האָבּ איך צוגעגרייט נאָר נײן בּרעקלאַך און דעם צעהנטן האָבּ איך אַוועקגענומען. עס איז מיר אינגאַנצן אַרויס פון קאָפּ! אַך, סאַרא קאָפּ איך האָבּ! די שווערע אַרבּעט פון ערב פּסח האָט מיר געמאַכט פאַרגעסן אַפּילו מער וויכטיגערע זאַכן.

די קינדער האָבּן אויסגעזעצט אין אַ געלעכטער און אויך דער פאָטער האָט גענומען

שְׁמֵייכְלֶען. ווִי אַ שְׁוֶועֶרֶער שְׁטֵיין אִיז אַרָאפּ פוּן זַיין הַארְץ. עֶר הָאט גֶעפִיהלְט אַ גְרוֹיסֶע פַארְלַייכְטֶערוּנְג אוּן אַ פְרֵייד הָאט אִיהם אַרוּמְגֶענוּמֶען. רִיכְטִיג, דֶער פַארְשְׁוואוּנְדֶענֶער בְּרֶעקְל חָמֵץ וָואס הָאט גָאר קֵיינְמָאל נִישְׁט עֶקְזִיסְטִירְט הָאט אִיהם צוּרוּדֶערְט דֶעם גַאנְצְן יוֹם טוֹב, אָבֶער בֶּעסֶער אַ כָּשֶׁרֶער פֶּסַח בְּדִיעֶבֶד, ווִי אַ פָּסוּלֶער פֶּסַח לְכַתְּחִלָּה...

פוּן גְרוֹיס פְרֵייד הָאבְּן אִיהם זַיינֶע פִיס גֶעטְרָאגְן צוּם הוֹיף, צוּ שֶׁעפְּן אַ בִּיסְל פְרִישֶׁע לוּפְט. עֶר הָאט זִיךְ דֶערְפְרֵייט צוּ טְרֶעפְן זַיין שָׁכֵן רַבִּי מָרְדְּכַי אוּן צוּגֶעלָאפְן צוּ אִיהם אָנְזָאגְן דִי גוּטֶע בְּשׂוֹרָה. אָבֶער נָאךְ אֵיידֶער עֶר הָאט אוֹיסְפִּיעֶט אַרוֹיסְרֶעדְן אַ וָוארְט אִיז עֶר גֶעבְּלִיבְּן שְׁטֵיין אַ שְׁוַוייגְנְדִיגֶער, זֶעהֶענְדִיג ווִי אַ טְרוֹיעֶרִיגֶע מִינֶע בַּאדֶעקְט דֶעם גֶעזִיכְט פוּן זַיין שָׁכֵן.

— וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶן? — הָאט עֶר אִיהם גֶעפְרֶעגְט מִיט גְרוֹיס זָארְג.

— הַיינְט אִינְדֶערְפְרִי — דֶערְצֵיילְט רַבִּי מָרְדְּכַי אַ טְרוֹיעֶרִיגֶער — הָאבְּן מִיר גֶעפוּנֶען אִין

שְׁטוּב אִין אַ פַּארְרוּקְטְן װינְקְל, אֵײנֶע פוּן דִי בְּרֶעקְלַאךְ חָמֵץ, װָאס מִיר הָאבְּן אַװעקְגֶעלֵײגְט עֶרֶב פֶּסַח צוּ בְּדִיקַת חָמֵץ. אִיךְ קֶען נִישְׁט פַּארְשְׁטֵײן װִי אַזוֹי אִיךְ הָאב עֶס נִישְׁט בַּאמֶערְקְט. דָאס מוּז זַײן אַ רֶעזוּלְטַאט פוּן מַײן גְרוֹיס אַײלֶענִישׁ און נִישְׁט אַכְטוּנְג גֶעבְּן און אָפְּגֶעבְּן זִיךְ אִין דִקְדוּקֵי מִצְוֹות.

רַבִּי יַעְנְקְל אִיז גֶעוֶוען עֶרְשְׁטוֹינְט פוּן דִי מַעֲשֶׂה.

— אִיךְ מוּז דִיר זָאגְן — הָאט עֶר כִּמְעַט װִי אַ פְרֵײלִיכֶער גֶעזָאגְט — אַז עֶס טְהוּט מִיר צוּפְרִידְן דִי פַּאסִירוּנְג! דָאס הָאט מֶען דִיר גֶעוָואלְט װַײזְן פוּן הִימְל אַ צֵײכְן דוּ זָאלְסְט צוּגֵײן מִיט מֶעהר עֶרְנְסְטְקַײט צוּ יֶעדֶער מִצְוָה און זִיךְ אָפְּגֶעבְּן מִיט חוּמְרוֹת...

— כַּאפּ נִישְׁט, מַײן טַײעֶרֶער שָׁכֵן — הָאט רַבִּי מָרְדְכַי גֶעעֶנְטְפֶערְט — בִּיסְט דָאךְ נִישְׁט אִינְגַאנְצְן גֶערֶעכְט, פוּן הִימְל הָאט מֶען אוּנְז בֵּײדְן גֶעוָואלְט אָנְלֶערְנֶען. דוּ, װָאס דוּ קוּקְסְט נִישְׁט אוֹיפְן הַארְץ, אוֹיפְן גֶעפִיהל, נָאר דוּ פִיהְרְסְט אוֹיס

די טְרוּקֶענֶע מִצְוָה וִוי עֶס שְׁטֵייט אוּן גֵייט, בִּיסְטוּ גֶעשְׁטְרָאפְט גֶעוָוארְן מִיט אַ שְׁטִיק חָמֵץ אִין הַארְץ. רִיכְטִיג, בַּיי דִיר אִין שְׁטוּבּ אִיז טַאקֶע קֵיין מַמָשׁוּתְדִיגֶער חָמֵץ נִישְׁט גֶעוֶוען, אָבֶּער דַיין הַארְץ אִיז גֶעוֶוען זוֹיעֶר אוּן פוּהל מִיט חָמֵץ דֶעם גַאנְצְן פֶּסַח. דַאגֶעגְן אִיךְ, וָואס לֵייג דֶעם פּוּנְקְט אוֹיף דֶער גַייסְטִיגֶער זַייט פוּן דֶער מִצְוָה, נִישְׁט אָפְּגֶעבְּנְדִיג זִיךְ אַזוֹי שְׁטַארְק וִוי עֶס גֶעהֶער צוּ זַיין מִיטְן אוֹיסְפִיהרְן די מִצְוָה מִיט אַלֶע חוּמְרוֹת, אִיז מַיין הַארְץ גַאנְץ פֶּסַח גֶעוֶוען טַאקֶע רֵיין פוּן חָמֵץ. אָבֶּער אִיךְ בִּין גֶעשְׁטְרָאפְט גֶעוָוארְן מִיט חָמֵץ מַמָשׁ...

# בָּארְשְׁט — אַ פֶּסַח׳דִיגֶער מִנְהָג

גֶעוֶוען אִיז עֶס אִין אֵיינֶע פון דִי חול הַמּוֹעֵד טֶעג פון פֶּסַח. בַּיי דֶער סְעוּדָה וָואס מֶען הָאט דֶערְלַאנְגְט פַאר דִי יוֹשְׁבִים וֶועלְכֶע זַיינֶען גֶעזֶעסְן אִין סְקְוֶוער, בַּיים צַדִיק רַבִּי דָוִד טְוֶוערְסְקִי זצ״ל, הָאט מֶען אוֹיךְ דֶערְלַאנְגְט בָּארְשְׁט. פְּלוּצְלוּנְג גִיט אַ שְׁפְּרוּנְג אוֹיף אֵיינֶער פון דִי טִישׁ זִיצֶערְס מִיט אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער אוֹיסְגֶעשְׁרֵיי, וִוי אַ שְׁלַאנְג הָאט אִיהם אַ בִּיס גֶעגֶעבְּן:

— גֶעוַואלְד! אַ וֵוייצְל גֶעפִינְט זִיךְ אִין טֶעלֶער פון דֶער בָּארְשְׁט!

עֶס אִיז עֶנְטְשְׁטַאנֶען אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער טוּמְל. עֶפֶּעס אַ קְלֵיינִיגְקַייט?! חָמֵץ אִין פֶּסַח! עֶס אִיז דָאךְ אַ הִימְל גֶעשְׁרֵיי, וִוי קֶען מֶען עֶס מוֹחֵל זַיין! עֶס זַיינֶען צוּנוֹיפְגֶעלָאפְן דִי אַלֶע גַבָּאִים, מְשָׁרְתִים אוּן הוֹיף מֶענְטְשְׁן. אֵיינֶער פון דִי פֵייהִיגֶערֶע

בַּאדינֶער הָאט אַרויסְגֶענוּמֶען פון טֶעלֶער דֶעם קֶערְנְדֶל, וֶועלְכֶער זֶעהט אויס פּוּנְקְט וִוי אַ וֵוייצְל, און עֶס אַרויפְגֶענוּמֶען אויף זַיין פְּלַאכֶע הַאנְד. אַלֶע שְׁטֵייעֶן אַרום און קוּקְן זִיךְ אַיין אויף דֶעם קֶערְנְדֶל מִיט גְרויס נַייגֶעריגְקַייט און צִיטֶער. זֵיי קֶענֶען נִישְׁט בַּאשְׁלִיסְן צוּ אָט דֶער קֶערְנְדֶל אִיז טַאקֶע אַ וֵוייצְל ווייל עֶר אִיז שׁוין שְׁטַארְק אַיינְגֶעקָאכְט.

אָבֶער גֶעווַאלְד, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם. דָאס אִיז דָאךְ גָאר קֵיין שְׁפִּיל נִישְׁט. דָא הַאנְדְלְט זִיךְ דָאךְ וֶועגְן דֶעם אִיסוּר חָמֵץ אִין פֶּסַח, וֶועלְכֶער אִיז אַזוֹי הַארְבּ, דָאס אֲפִילוּ אַ מַשֶׁהוּ וֶוערְט נִישְׁט בָּטֵל.

עֶס אִיז שׁוין אַ אַלְטֶער מִנְהָג פון חֲסִידִים צוּ עֶסְן פֶּסַח בַּיים טִישׁ אַ בָּארְשְׁט זוּפּ. בַּיי יֶעדְן אִידִישְׁן מִנְהָג גֶעפִינְט זִיךְ אַ מְקוֹר אויף וֶועלְכְן דֶער מִנְהָג בַּאצִיהט זִיךְ. אֲפִילוּ מִיטְן צוּגְרֵייטְן דֶעם בָּארְשְׁט אִיז אויךְ גֶעוֶוען אַ בֶּעזוּנְדֶערֶע הֲכָנָה.

אֵיינִיגֶע טֶעג פַאר יוֹם טוֹב הָאט מֶען אַוֶועקְגֶעשְׁטֶעלְט אַ הָאלְצֶערְנֶע פַּאס אִין אַ ווִינְקְל נֶעבְן קָאךְ, אִין וֶועלְכְן מֶען הָאט גֶעדַארְפְט

צוגרייטן די בארשט. מען האט אכטונג געגעבן ביים שעפן די וואסער עס זאל דארטן נישט ארייינפאלן קיין משהו חמץ. מען האט אפגעשיילט די בוריקעס מיט א פסח'דיגן מעסער און עס איינגעווייקט אין די וואסער וואס אין פאס.

ליגנדיג אין פאס האט די בוריקעס גענומען יוירן און שפילן ביז עס איז אנגעקומען דער יום טוב. אין דער האלצענער פאס האט זיך אפגעהיט דער געשמאק פון די בארשט און דערנאך האט מען עס פערפראוועט ווי געהעריג.

עס איז זעלבסט פארשטענדליך דאס נאכדעם ווי מען איז געווען אזוי געווארנט און אפגעהיט אין די אלע צוגרייטונגען פון דעם פסח, וואס פאר א טומל עס האט אויסגערופן אין רבינס הויז דאס געפינען דעם ספק ווייצל.

איניגע גבאים האבן באשלאסן אויפן ארט ארויסצורופן דעם רב פון שטאט, וועלכער איז געווען א גרויסער תלמיד חכם, קלוג און פערשטאנדיג, און א גרויסער חסיד פון דעם סקווערער צדיק.

וֶוען דֶער רָב אִיז גֶעקוּמֶען הָאט עֶר בַּאפוֹילְן צוּ רוּפְן דֶעם וֵוייץ הֶענְדְלֶער אוּן צוּזַאמֶען בֶּעטְרַאכְטְן דֶעם עִנְיָן.

דֶער טוּמְל אִין הוֹיף וֶוערְט אַלְץ גְרֶעסֶער, וָוארוּם אוֹיבּ עֶס וֶועט זִיךְ אִין דֶער ווירְקְלִיכְקַייט אוֹיסְשְׁטֶעלְן אַז דָאס אִיז טַאקֶע גֶעוֶוען אַ וֵוייצְל, וֶועט מֶען דַארְפְן צוּבְּרֶעכְן פִיהל פֶּסַח'דִיגֶע גֶעשִׁיר: טֶעפְּלַאךְ, טֶעלֶער, לֶעפְל אוּן אַלֶעס וָואס אִיז גֶעקוּמֶען אִין בַּארִיהרוּנְג מִיטְן חָמֵץ. עֶס אִיז דָאךְ נִישְׁט קֵיין קְלֵיינִיגְקַייט. חָמֵץ אִין פֶּסַח אִיז דָאךְ זֵייעֶר הַארְבּ אוּן עֶס אַסֶר'ט אֲפִילוּ מִיט אַ מַשֶׁהוּ.

וֶוען דֶער וֵוייץ הֶענְדְלֶער אִיז גֶעקוּמֶען, הָאט אִיהם דֶער רָב בֶּעוִויזְן דֶעם קֶערְנְדְל. זֵיי הָאבְּן בֵּיידֶע צוּזַאמֶען גֶענוּמֶען בַּאטְרַאכְטְן דָאס קֶערְנְדְל, עֶס גֶעדְרֵייט אַהֶער אוּן אַהִין, בִּיז עֶנְדְלִיךְ הָאט דֶער וֵוייץ הֶענְדְלֶער אַרוֹיסְגֶענוּמֶען פוּן קֶעשֶׁענֶע אַ פַארְגְרֶעסֶער גְלָאז אוּן בֶּעטְרַאכְט אוּנְטֶער דֶעם דָאס קֶערְנְדְל אוּן דַאן גֶעזָאגְט דֶעם רָב, דָאס לוֹיט זַיין מֵיינוּנְג אִיז עֶס נִישְׁט עֶנְדְלִיךְ צוּ קֵיין וֵוייצְל.

דֶער רָב הָאט זִיךְ אָבֶּער דֶערְמִיט נִישְׁט

בֶּעגְנוּגְנְט. מֶען מוּז דֶערְגֵיין בִּיז צוּם גְרוּנְד פוּן וַואנֶען עֶס נֶעמְט זִיךְ אָבֶּער אָט דָאס קֶערְנְדְל אוּן דַאן וֶועט מֶען קֶענֶען בַּאשְׁלִיסְן צוּ עֶס אִיז טַאקֶע נִישְׁט קֵיין וֵוייצְל.

דֶער רָב הָאט גֶעשִׁיקְט רוּפְן דִי הוֹיפְּט קֶעכֶערִין מִיט דִי בַּאדִינֶער אוּן מֶען אִיז גֶעגַאנְגֶען בֶּעטְרַאכְטְן דֶעם אָרְט וואוּ עֶס שְׁטֵייט דִי פַּאס. דֶער רָב הָאט זִיךְ אַבִּיסְל בֶּערוּהִיגְט צוּזֶעהֶענְדִיג דָאס דִי פַּאס מִיטְן בָּארְשְׁט גֶעפִינְט זִיךְ זֵייעֶר וַוייט פוּן דֶעם אָרְט וואוּ עֶס הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען דִי שְׁמוּרָה וֵוייץ.

דֶער רָב הָאט דַאן גֶענוּמֶען אוֹיסְפְּרֶעגְן דִי קֶעכֶערְן וִוי אַזוֹי זִי גְרֵייט צוּ דֶעם בָּארְשְׁט. דִי הוֹיפְּט קֶעכֶערְן הָאט פָארְגֶעשְׁטֶעלְט פַארְן רָב דֶעם גַאנְצְן גַאנְג פוּן צוּגְרֵייטְן דֶעם בָּארְשְׁט:

— אִיךְ הָאבּ עֶס מִיט אַ קְוָוארְט אַרוֹיסְגֶענוּמֶען פוּן פַּאס אוּן עֶס אַרַיינְגֶעגָאסְן אִין דֶעם גְרוֹיסְן טָאפּ — הָאט דִי קֶעכֶערְן דֶערְצֵיילְט — דֶערְנָאךְ הָאבּ אִיךְ גֶענוּמֶען צְוֵויי לִימֶענֶעס אוּן דֶערִין אַרַיינְגֶעקְוֶועטְשְׁט.

וָוען דֶער רָב הָאט גֶעהֶערְט די וָוערְטֶער הָאט זַיין גֶעזִיכְט אוֹיפְגֶעשַׁיינְט. עֶר הָאט ווִידֶער גֶעהֵייסְן בְּרֵיינְגֶען דֶעם קֶערְנְדְל און נָאכְדֶעם ווִי עֶר הָאט עֶס גוּט בַּאטְרַאכְט און צוּגֶעגְלִיכְן הָאט עֶר עֶנְדְלִיךְ בַּאשְׁלָאסְן אַז דָאס אִיז נִישְׁט אַנְדֶערְשׁ ווִי אַ קֶערְנְדְל פוּן לִימֶענֶע און דֶער בָּארְשְׁט אִיז כָּשֵׁר וְיָשָׁר, עֶס אִיז נִישְׁטָא דֶערוֹיף אֲפִילוּ קֵיין מַשֶׁהוּ חֲשַׁשׁ חָמֵץ.

דֶער הוֹיף הָאט זִיךְ בִּיסְלַאכְוַוייז בַּארוּהִיגְט און מֶען אִיז גֶעוֶוען צוּפְרִידְן וָואס דֶער רָב הָאט בֶּעלוֹיכְטְן דֶעם פַארְצְוֶוייפְלְטְן עִנְיָן און עֶס קְלָאר גֶעמַאכְט.

*

אִין יֶענֶעם אָוְונְד, נָאךְ מַעֲרִיב, אִיז דֶער עוֹלָם גֶעוֶוען נַייגֶערִיג צוּ הֶערְן פוּן דֶעם צַדִיק עֶפֶּעס אַ וָוארְט, וֶועגְן דֶעם טוּמְל וָואס אִיז עֶנְטְשְׁטַאנֶען אִין הוֹיף.

און דֶער רֶבִּי הָאט דַאן אַזוֹי גֶעזָאגְט:

— דָאס עֶסְן בָּארְשְׁט אוּם פֶּסַח, אִיז אַ מִנְהָג

וָואס מִיר הָאבְּן אִיבֶּערְגֶעְנוּמֶען פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן אוּן עֶלְטֶערְנְס עֶלְטֶערְן פוּן דוֹרֵי דוֹרוֹת. עֶס אִיז צוּ בֶּעוַוייזְן אַז טְרָאץ וָואס דָאס חָמֵץ הָאט דִי תּוֹרָה גֶעאַסֶרְט צוּ עֶסְן פֶּסַח אָבֶּער בָּארְשְׁט וֶועלְכֶע וֶוערְט אוֹיךְ אָנְגֶערוּפְן זוֹיעֶרְס, מֶעג מֶען עֶסְן פֶּסַח. דַארְף מֶען דֶערִיבֶּער זַיין גֶעוָוארְנְט אוּן נִישְׁט מַאכְן קֵיין שׁוּם עֶנְדֶערוּנְג פוּן דֶעם מִנְהָג, אוּן אִין דִי מִינוּט וָואס מֶען לֵייגְט צוּ אַנְדֶערֶע זוֹיעֶרְס, אִיז עֶס שׁוֹין אַ אָפְּנוֹיג פוּן דֶעם מִנְהָג אוּן עֶס וֶוערְט בַּאלְד גֶעשַׁאפְן אַ שְׁאֵלָה, וֶועלְכֶע עֶרְוֶועקְט אַ אוּמְזִיסְטְן טוּמְל.

אוּן דִי חֲסִידִים הָאבְּן דֶערְהֶערְט אִין דִי וֶוערְטֶער פוּן רֶבִּין אַ טִיפְן דֶערְהֶער אַז מֶען טָאר נִישְׁט אָפְּנוֹיגְן פוּן דֶעם שְׁטֵייגֶער פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן אֲפִילוּ אִין דֶעם פַאל וִוי אַזוֹי צוּצוּגְרֵייטְן דִי פֶּסַח׳דִיגֶע גֶעקֶעכְצְן. אַלֶעס הָאט אַ טַעַם, אַ גְרוּנְד.

# דִי צְוֵויי גֶעסְט אוֹיף פֶּסַח

דֶער טָאג אִיז אַ ״פַּארְמַאטֶערְטֶער״ אַוֶועק, און אִיז פַארְזוּנְקֶען אִין דֶעם שְׁוַוארְצְן סַאמֶעטֶענֶעם-וֶועלְדְל אוּנְטֶערְן שְׁטֶעטְל חְמֶעלְנִיק. דִי זוּן הָאט זִיךְ אוֹיף אַ וַויילֶע אָנְגֶעצוּנְדְן אִין אִיהְרֶע פְּלַאם פַייעֶרְדִיגֶע שְׁטְרַאלְן, און אִיז אַזוֹי אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין דִי הֶענְד פוּן דֶעם קִילְן ווִינְטְל וָואס הָאט זִיךְ צוּבְלָאזְן פוּן מָאל צוּ מָאל.

עֶס אִיז בִּיסְלֶעכְוַוייז פִינְסְטֶער גֶעוָוארְן. דָאס שְׁטֶעטְל אָבֶער, אִיז נָאךְ וַואךְ און בַּאוֶועגְלִיךְ. עֶס אִיז יֶעצְט דִי נַאכְט פוּן בְּדִיקַת חָמֵץ. אַ גַאנְצְן טָאג הָאט מֶען אוּמְגֶעדוּלְדִיג אוֹיסְגֶעוַוארְט אוֹיף דִי יֶעצְטִיגֶע מִינוּטְן. דֶער טָאג, אִין וֶועלְכְן מֶען הָאט שׁוֹין פוּן פְרִיהְסְטְן בַּאגִינֶען אָנְגֶעהוֹיבְן צוּ אַרְבֶּעטְן, רֵיינִיגְן און צוּגְרֵייטְן דָאס הוֹיז לְכָבוֹד דֶעם יוֹם טוֹב פֶּסַח, אִיז שׁוֹין עֶנְדְלִיךְ אַוֶועק און יֶעצְט שְׁפַּאנְט

שוֹין יֶעדֶערֶער מִיט אַיילְנְדִיגֶע טְרִיט צוּ זִיךְ אַהֵיים, כְּדֵי מְקַיֵים צוּ זַיין דִי מִצְוָה פוּן בְּדִיקַת חָמֵץ.

*

אוֹיךְ בַּיים צַדִיק רַבִּי יִשָׂכָר בֶּער זצ״ל, דֶער שְׁפֶּעטֶערְדִיגֶער רֶבִּי פוּן רַאדָאשִׁיץ, וֶועלְכֶער הָאט אִין זַיינֶע יוּנְגֶע יָארְן אֵיידֶער עֶר אִיז נִתְגַלֶה גֶעוָוארְן, גֶעווּאוֹינְט אִין שְׁטֶעטְל חְמֶעלְנִיק, בַּיי אִיהם אִיז אוֹיךְ צִיכְטִיג אוּן רֵיין. דָאס גַאנְצֶע בְּנֵי בַּיִת וַוארְט שוֹין אוּמְגֶעדוּלְדִיג אוֹיף זֵייעֶר גְרוֹיסְן פָּאטֶער וָואס וֶועט בַּאלְד קוּמֶען בּוֹדֵק חָמֵץ זַיין.

עֶר אִיז עֶנְדְלִיךְ אָנְגֶעקוּמֶען פוּן בֵּית הַמִדְרָשׁ, אָבֶּער אוֹיף וָואס צוּ מַאכְן דֶעם בְּדִיקַת חָמֵץ אִיז נִישְׁט גֶעוֶועְן, דָאס דַחְקוּת אוּן אָרִימְקַייט אִיז גֶעוֶועְן גֶעפֶּערְלִיךְ גְרוֹיס, אַזוֹי וַוייט, אַז פִּיל מָאל אִיז אִין הוֹיז קֵיין שְׁטִיקְל בְּרוֹיט נִישְׁט גֶעוֶועְן. אוּן אַזוֹי אוֹיךְ יֶעצְט, וֶוען עֶר הָאט גֶעוָואלְט מְקַיֵים זַיין דִי מִצְוָה, אִיז אִין שְׁטוּב נִישְׁט גֶעוֶועְן מִיט וָואס צוּ מַאכְן דִי צֶען בְּרֶעקְלַאךְ בְּרוֹיט צוּ בְּדִיקַת חָמֵץ, לוֹיט וִוי דֶער מִנְהָג אִיז.

דֶער צַדִיק הָאט קֵיינְמָאל פַאר קֵיינֶעם נִישְׁט

דֶערְצֵיילְט פוּן זַיין דַחְקוּת, נִישְׁט וֶועלְנְדִיג פוּן קֵיינֶעם נֶהֱנֶה זַיין. אוּן דִי חָשׁוּבֶע רֶעבֶּעצְן אִיז שְׁטֶענְדִיג גֶעוֶוען גְלִיקְלַאךְ אוּן צוּפְרִידְן. דָאס צוּפְרִידְנְקַייט אוּן פְרֵיילִיכְקַייט אִיז גֶעוֶוען צוּגָאסְן אוֹיף אִיהר, אַזוֹי, אַז קֵיינֶער הָאט נִישְׁט גֶעוואוּסְט פוּן אִיהר שְׁוֶועדֶע לַאגֶע. אוּן דִי מִיט אִיהר הוֹיז גֶעזִינְד פְלֶעגְן מַמֶּשׁ שְׁמַאכְטְן פוּן הוּנְגֶער גַאנְצֶע טֶעג.

בְּלוֹיז אֵיין פְרוֹי וָואס הָאט גֶעוואוֹינְט אִין שְׁכֵנוּת מִיט זֵיי הָאט פוּן זֵייעֶר לַאגֶע אַבִּיסְל גֶעוואוּסְט. זִי אִיז דֶערְפוּן גֶעווְאוֹיר גֶעוָוארְן אִין אַ פְרַייטָאג צוּנַאכְט, וֶוען זִי אִיז צוּלִיבּ אַ סִיבָּה אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען צוּ דִי רֶעבֶּעצְן אוּן וֶוען מֶען הָאט אִיהר גֶעעֶפֶנְט דִי טְהִיר הָאט זִיךְ פַּאר אִירֶע אוֹיגְן עֶנְטְפְּלֶעקְט אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע בִּילְד.

דִי זֶעט ווִי אִין צִימֶער צְוִוישְׁן דִי פִּיר לִיכְטְלָאזֶע וֶוענְט שְׁטֵייט אַ טִישׁ מִיט הַאלְבּ אַיינְגֶעפַאלֶענֶע בֵּיינְקְלַאךְ, אוֹיפְן וַוייסְן טִישְׁטַאךְ שְׁטֵייעֶן בְּלוֹיז צְוֵויי קְלֵיינֶע לִיכְט וָואס וַוארְפְן אַ בְּלַאסְן שַׁיין אוֹיף אַלֶעס וָואס אִיז אַרוּם. אוּן אַבִּיסְל וַוייטֶער אִיז דָאס חַלָּה דֶעקְל וָואס אוּנְטֶער

אִיהר לִיגְן צְוֵויי שְׁוַוארְצֶע קוּכְן אַנְשְׁטָאט חַלוֹת.

שׁוֹין אַבִּיסְל נַייגֶערִיגֶער אִיז זִי צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם אוֹיְוון וָועלְכֶער הָאט פוּן מָאל צוּ מָאל אַ קְלַאפּ גֶעטְהוּן פוּן דִי בִּיסְל הֶעלְצֶער אוּן זִי דֶערְזֶעט ווִי אִין אַ טָאפּ קָאכְט זִיךְ אַבִּיסְל קַארְטָאפְל. אַ דֶערְשִׁיטֶערְטֶע אִיז זִי גֶעבְּלִיבְן שְׁטֵיין. זִי הָאט נִישְׁט גֶעגְלוֹיבְּט אוֹיבּ עֶס אִיז טַאקֶע ווִירְקְלִיךְ דָאס וָואס זִי זֶעהט, אָדֶער עֶס אִיז נָאר אַ חָלוֹם?

דָאס גוּט שַׁבָּת בַּאגְרִיסוּנְג פוּן דִי רֶעבֶּעצְן וָואס אִיז בַּאלְד אַרַיינְגֶעקוּמֶען הָאט אִיהר פוּן דִי גֶעדַאנְקֶען אִיבֶּערְגֶערִיסְן. זֵיי הָאבְּן זִיךְ בֵּיידֶע גֶעזֶעצְט שְׁמוּעֶסְן פוּן פַארְשִׁידֶענֶע אָנְגֶעלֶעגְנְהַייטְן אוּן דִי שְׁכֵנָה הָאט זִיךְ גְלַייכְצַייטִיג גֶעמַאכְט ווִי זִי הָאט גָארְנִישְׁט גֶעזֶען.

אַ קוּרְצֶע וַוײלֶע שְׁפֶּעטֶער הָאט זִיךְ דִי טְהִיר אָפְּן צוּשְׁפְּרַאלְט אוּן דֶער רֶבִּי אִיז אַהֵיימְגֶעקוּמֶען.

דָאס גַאנְצֶע צִימֶער אִיז מִיטְאַמָאל לִיכְטִיג גֶעוָוארְן מִיט אַזַא לִיכְטִיגְקַייט, וָואס דִי פְרוֹי הָאט אִין אִיהר לֶעבְּן נִישְׁט גֶעזֶען. דַיין הֵיילִיג גֶעזִיכְט הָאט גֶעבְּרֶענְט ווִי אַ פְלַאם פַייעֶר. זִי אִיז אַ

דֶערְשְׁרָאקֶענֶע גֶעשְׁווינְד אַרויסְגֶעלָאפְן און דִי רֶעבֶּעצְן הָאט אִיהר שׁוין אִינְדְרויסְן אָנְגֶעזָאגְט מִיטְן בַּאפֶעל פון אִיהר מַאן, זִי זָאל פון דֶעם וָואס זִי הָאט יֶעצְט גֶעזֶען קֵיינֶעם נִישְׁט דֶערְצֵיילְן.

דִי פְרוֹי הָאט בַּאלְד פַארְשְׁטַאנֶען אַז אִיהר שָׁכֵן מוּז זַיין אַ הֵיילִיגֶער אִיד און אַ גְרויסֶער צַדִיק, הָאט זִי פון יֶענֶעם שַׁבָּת אָן זִיךְ בַּאמִיהט זֵיי צוּ בַּאזָארְגְן ווִי וַוייט מֶעגְלִיךְ זִי הָאט גֶעקֶענְט, מִיט שַׁבָּת מַאֲכָלִים וָואס זִי פְלֶעגְט אַרִיבֶּערְשִׁיקְן בַּאהַאלְטֶענֶערְהֵייט, אָבֶּער אוֹיסֶער דִי שְׁכֵנָה הָאט קֵיינֶער נִישְׁט גֶעוואוּסְט פון זֵייעֶר לַאגֶע.

אויךְ הַיינְט בַּיי בְּדִיקַת חָמֵץ אויף דֶער נַאכְט הָאט דִי שְׁכֵנָה גֶעבְּרֵיינְגְט אַבִּיסְל בְּרוֹיט. מֶען הָאט בּוֹדֵק חָמֵץ גֶעוֶוען און נָאכְדֶעם וָואס עֶס אִיז אויךְ אויסְגֶעקוּמֶען פַאר יֶעדְן אַ כַּזַיִת דֶערְפוּן, הָאבְּן זֵיי זִיךְ גֶעזֶעצְט עֶסְן דָאס בִּיסְל בְּרוֹיט, נָאכְדֶעם וָואס עֶטְלִיכֶע טֶעג הָאבְּן זֵיי דָאס אויךְ נִישְׁט גֶעהַאט. זֵיי זַיינֶען דֶערְנָאךְ אַנְטְשְׁלָאפְן גֶעוָוארְן נִישְׁט הָאבְּנְדִיג מֶער ווִי צֶען בְּרֶעקְלַאךְ צוּ פַארְבְּרֶענֶען בַּיים בִּיעוּר חָמֵץ, אָבֶּער פון דִי גֶעבְּרויכְן אויף פֶּסַח אִיז נָאךְ נִישְׁט גֶעוֶוען קֵיין אָנְהוֹיב.

אויפצומאַרגנס אינדערפרי, די זון קריכט בּיסלאַכוויַיז אַרויס פון אונטערן וועלדל, פייגאַלאַך טונקען זייערע שנאַבּלען און פעדערן אין די טוי טראָפּנס פון די נײַ אויפגייענדיגע זון. איבּעראַל הערט זיך אַ באַוועגונג פון צוועפּנטע טהירן אָדער לאָדנס. עפּעס אַ קליינינקייט?! עס איז דאָך היינט ערב דער סדר נאַכט! דער גאַנצער עולם איילט זיך אָפּעסן דעם חמץ צו דער צייט, און איהם פאַרבּרענען ווי דער דין איז, און נאָך איידער די זון האָט אויסגעפּיעט צו אַרויפגיין אין מיטן הימל איז דאָס שטעטל זיך רוהיג און פריילאַך געזעסן, נאָך דעם שווערן לאַנגן פאַר פּסח. בלויז איין שנירל שוואַרצער רויך ציט זיך נאָך פון ערגעץ וואו מען האָט דעם חמץ פאַרבּרענט.

אַ פריילאַכע אַטמאָספער איז פאַרשפּרייט איבּעראַל. דאָס יום טוב׳דיגקייט פילט זיך שוין אין אַלע הייזער, פון וועלכן עס פילן זיך די פיינע גערוכן פון די פּסח׳דיגע מאַכלים.

בלויז פון איין קליין הייזל אין אַ זייטיג געסל איז געוועלין שטיל. פון די קליינע ריינע

פֶענְסְטֶערְלַאךְ פִילְן זִיךְ גָאר נִישְׁט קֵיין גֶערוּכְן פוּן עֶסְנְוַוארְג. נָאר אָרִימְקַייט און דַחְקוּת שְׁפְּרַאלְט אַרוֹיס פוּן זֵיי.

דֶער טַאטֶע, דֶער שְׁפֶּעטֶערְדִיגֶער רֶבִּי פוּן רַאדָאשִׁיץ, זִיצְט זִיךְ רוּהִיג אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ פַארְזוּנְקֶען אִין דִי טִיפֶע סוּגְיוֹת הַשַ״ס. דִי מוּטֶער ווִידֶער, דְרֵייט זִיךְ אַרוּם אַ פַארְזָארְגְטֶע, וַוארְט און הָאפְט צוּ הַשֵׁם יִתְבָּרַךְ אַז עֶר ווֶעט אִיהר הֶעלְפְן. זִי טְרַאכְט אַז אַ סֵדֶר טִישׁ ווִי בַּיי יֶעדְן, ווֶעט זִי מֶעגְלִיךְ נִישְׁט הָאבְן, עֶס אִיז שׁוֹין שְׁפֶּעט און קֵיין שְׁפּוּר פוּן מַצָה אִיז נִישְׁטָא. אָבֶער אַזוֹי ווִי אַלֶעמָאל פַארְלִירְט זִי נִישְׁט אוֹיךְ יֶעצְט אִיהר בִּטָחוֹן און הָאפֶענוּנְג און שְׁטֶעלְט זִיךְ אַ מוּנְטֶערֶע בַּיים פֶענְסְטֶער בְּלִיקְן אוֹיפְן גַאס אַרוֹיס און וַוארְטְן אוֹיף דִי יְשׁוּעָה פוּן הִימְל.

אִיהר אִינְטְרֶעסִירְט נִישְׁט דָאס גֶעסְל. זִי זֶעהט פַאר זִיךְ אִיהר גְרוֹיסְן מַאן און צַדִיק ווִי עֶר זִיצְט אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ, דָאס טְרֵייסְט אִיהר און מוּטִיגְט אִיהר ווָאס זִי הָאט צוּ דֶעם גֶעהַאט דִי זְכִיָה.

מִיט אַמָאל הָאט זִיךְ אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט אַ

פְּרַאכְטפוּלֶע קַארְעטֶע פַאר אִיהרֶע פֶענְסְטֶער. צְוֵויי אִידְן זַיינֶען אַרָאפּ פוּן דֶעם וָואגְן, זֵיי קְלַאפְּן אָן אִין טְהִיר, אוּן זֵיי פְרֶעגְן וואוּ אִיהר מַאן גֶעפִינְט זִיךְ יֶעצְט.

די רֶעבֶּעצְן עֶנְטְפֶערְט זֵיי אַז עֶר אִיז יֶעצְט אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ.

די צְוֵויי אִידְן הָאבְּן אָנְגֶעהוֹיבְּן דֶערְצֵיילְן אַז זֵיי גֶעפִינֶען זִיךְ יֶעצְט אוּנְטֶער־וֶועגְנְס, וַוייט פוּן זֵייעֶר הֵיים, אוּן אַזוֹי וִוי עֶס אִיז שׁוֹין שְׁפֶּעט אוּן צוּ זֵייעֶר הוֹיזְגֶעזִינְד וֶועלְן זֵיי שׁוֹין פַאר יוֹם טוֹב נִישְׁט קֶענֶען אָנְקוּמֶען, בֶּעטְן זֵיי דֶערִיבֶּער, אוֹיבּ זֵיי קֶענֶען פַארְבְּלַייבְּן אוֹיף אִיבֶּער יוֹם טוֹב. זֵיי זַיינֶען פוּן שְׁטֶענְדִיג אָן גֶעוֶוען אָפְּגֶעהִיט בְּתַכְלִית הַכַּשְׁרוּת אוּן גֶעוִויס אִין פֶּסַח. אוּן אַזוֹי וִוי מֶען הָאט זֵיי אָנְגֶעוִויזְן אוֹיף דֶעם הוֹיז אַז דָא וואוֹינְט אַ אָפְּגֶעהִיטֶענֶער עֶרְלִיכֶער אִיד, ווִילְן זֵיי דָא פַארְבְּלַייבְּן.

דִי רֶעבֶּעצְן הָאט זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט אַז זִי וָואלְט זֵייעֶר גֶערְן מַסְכִּים גֶעוֶוען, נָאר לַיידֶער הָאט זִי פַאר זִיךְ אוֹיךְ גָארְנִישְׁט אוֹיף פֶּסַח, דֶערִיבֶּער אִיז

אִיהר אוּמְמֶעגְלִיךְ נָאכְצוּגֶעבְּן זֵייעֶר פַאְרְלַאנְג.

דִי צְוֵויי מֶענְטְשְׁן הָאבְּן אִיהר אָבֶּער גָארְנִישְׁט גֶעעֶנְטְפֶערְט. זֵיי הָאבְּן אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אֵיינִיגֶע גָאלְדֶענֶע רֶענְדְלַאךְ אוּן דֶערְלַאנְגְט פַאר דִי רֶעבֶּעצְן.

מֶען קֶען זִיךְ פָארְשְׁטֶעלְן דִי גְרוֹיסֶע שִׂמְחָה פוּן דִי רֶעבֶּעצְן מִיט דִי קִינְדֶער. זֵיי הָאבְּן זִיךְ גֶענוּמֶען גְרֵייטְן, קָאכְן אוּן בַּאקְן אוּן דָאס שְׁטִיבְּל אִיז פַארְוַואנְדְלְט גֶעוָוארְן אִין אַ פְּרַאכְטְפוּלֶע הוֹיז. אַ אוֹיסְגֶעצִירְט בַּאשַׁיינְטֶער טִישׁ בַּאלוֹיכְטְן פוּן דִי פִילֶע לִיכְט, אִיז אוֹיסְגֶעצוֹיגְן גֶעוָוארְן אוּן אוֹיף אִיהם אִיז גֶעוֶוען גֶעגְרֵייט פוּן אַלֶעס גוּטְס.

דִי צְוֵויי מֶענְטְשְׁן זַיינֶען גֶעגַאנְגֶען אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ צוּזַאמֶען מִיט אַלֶע אִידְן, וֶועלְכֶע הָאבְּן פְרֵיילַאכֶע אוּן אוֹיסְגֶעפוּצְטֶע אִין דִי יוֹם טוֹב׳דִיגֶע קְלֵיידֶער גֶעשְׁפַּאנְט גֶעשְׁווִינְד אִין שׁוּל אַרַיין. מֶען הָאט גֶענוּמֶען דַאוְונֶען מִנְחָה אוּן דֶערְנָאךְ מַעֲרִיב. אוּן וֶוען יֶעדֶער הָאט גֶענוּמֶען אַרוֹיסְגֵיין פוּן בֵּית הַמִדְרָשׁ נָאכְן דַאוְונֶען, זַיינֶען דִי צְוֵויי אוֹרְחִים צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם סָבָא קַדִישָׁא, אִיהם פְרַיינְדְלִיךְ

בַּאגְרִיסְט, אוּן אִיהם דֶערְצֵיילְט אַז זֵיי קוּמֶען פוּן די וַוייטֶע לֶענְדֶער אוּן זֵיי זַיינֶען עֶרֶב יוֹם טוֹב פַארְבְּלִיבְּן אוּנְטֶערְוֶועגְנְס.

וֶוען זֵיי זַיינֶען אָנְגֶעקוּמֶען אַהֶער קֵיין חְמֶעלְנִיק, הָאבְּן זֵיי זִיךְ נָאכְגֶעפְרֶעגְט וואו עֶס וואוֹינְט אַ עֶרְלִיכֶער איד בַּיי וֶועמֶען זֵיי וֶועלְן קֶענֶען עֶסְן נָאר אָפְּגֶעהִיטֶענֶע מַאֲכָלִים פוּן אַ מַשֶׁהוּ חָמֵץ, וַוייל זֵיי זַיינֶען פוּן שְׁטֶענְדִיג אָן נִזְהָר אִין דֶעם, הָאט מֶען זֵיי אָנְגֶעוִוייזְן אוֹיף זַיין הוֹיז.

— יֶעצְט — פִירְן זֵיי אוֹיס — וֶועלְן מִיר מִיטְגֵיין מִיט אַייךְ פְּרַאוֶועון דֶעם סֵדֶר.

זֵיי זַיינֶען אָנְגֶעקוּמֶען אִין הוֹיז אוּן וֶוען דֶער רֶבִּי הָאט דֶערְזֶעהְן דֶעם רַייךְ גֶעדֶעקְטְן טִישׁ מִיט אַלֶע שְׁפַּייזְן, אִיז עֶר זֵייעֶר פַארְוואוּנְדֶערְט גֶעוָוארְן. מֶען הָאט אִיהם בַּאלְד דֶערְצֵיילְט אַז דִי צְוֵויי גֶעסְט הָאבְּן זִיךְ בַּאטֵיילִיגְט אִין דִי הוֹצָאוֹת.

דֶער סֵדֶר אִיז גֶעפְּרַאוֶועט גֶעוָוארְן אִין זֵייעֶר אַ גֶעהוֹיבֶּענֶע שְׁטִימוּנְג. דֶער צַדִיק הָאט אִין זֵיי דֶערְזֶעהְן צְוֵויי גְרוֹיסֶע תַּלְמִידֵי חֲכָמִים אוּן דֶערְקֶענְט אִין זֵיי אַז זֵיי זַיינֶען עֶרְלִיכֶע אִידְן.

עֶר הָאט מִיט זֵיי גֶעשְׁמוּעֶסְט אִין תּוֹרָה, אוּן לַאנְג פַארְבְּרֵיינְגְט מִיטְן דֶערְצֵיילְן פוּן יְצִיאַת מִצְרַיִם, פַארְבְּרֵיינְגֶענְדִיג מִיט פְרֵיילַאכֶע גֶעזַאנְגֶען, מִיט שִׁירוֹת וְתִשְׁבָּחוֹת בִּיז פַארְטָאגְס, וֶוען עֶס הָאט זִיךְ שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבְּן בַּאוַוייזְן דִי וַוייסֶע פֶעדִימֶער פוּן דֶעם יוֹם טוֹב בַּאגִינֶען.

דֶער צְוֵוייטֶער טָאג יוֹם טוֹב אִיז אוֹיךְ אַדוּרְךְ אִין אַ גֶעהוֹיבֶּענֶע פְרֵיילַאכֶע שְׁטִימוּנְג.

מוֹצָאֵי יוֹם טוֹב נָאךְ הַבְדָּלָה זַיינֶען דִי צְוֵויי אוֹרְחִים אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען שְׁפַּאצִירְן, אוּן דֶערְזֶעהֶענְדִיג נָאךְ עֶטְלִיכֶע שָׁעָה אַז זֵיי קוּמֶען נִישְׁט צוּרִיק, זַיינֶען דִי שְׁטוּב מֶענְטְשְׁן גֶעגַאנְגֶען זוּכְן דִי צְוֵויי אִידְן, מֶען הָאט גֶעזוּכְט אוּן גֶענִישְׁטֶערְט אָבֶּער אָן עֶרְפָאלְג. עֶס אִיז פוּן זֵיי קֵיין שְׁפּוּר נִישְׁט גֶעבְּלִיבְּן.

דֶער צַדִיק הָאט בַּאלְד פַארְשְׁטַאנֶען אַז דִי פַּאסִירוּנְג אִיז נִישְׁט קֵיין גֶעוֵויינְלִיכֶע, אָבֶּער וֶוער זַיינֶע אוֹרְחִים זַיינֶען גֶעוֶוען הָאט עֶר נִישְׁט גֶעוואוּסְט.

וֶוען עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דֶער יוֹם טוֹב שָׁבוּעוֹת

און דער רֶבּי רַבּי יִשָׂכָר בֶּער איז גֶעפָארְן צוּ זַיין הֵיילִיגְן רֶבִּין פון לוּבְּלִין זי״ע, הָאט אִיהם דֶער רֶבִּי גֶעפְרֶעגְט אוֹיף זַיין לַאגֶע, וִוי אַזוֹי עֶס גֵייט.

וֶוען רַבִּי יִשָׂכָר בֶּער הָאט אִיהם דֶערְצֵיילְט וִוי אַזוֹי עֶס אִיז בַּיי אִיהם אַדוּרְךְ דֶער יוֹם טוֹב פֶּסַח מִיט זַיינֶע צְוֵויי גֶעסְט, וֶועלְכֶע זַיינֶען פְּלוּצְלוּנְג פַארְשְׁווּאוּנְדְן גֶעוָוארְן אוּן עֶר וֵוייסְט נִישְׁט פוּן זֵיי בִּיז הַיינְטִיגְן טָאג, הָאט זִיךְ דֶער רֶבִּי אַ שְׁטְרַאלְנְדֶער אוֹיסְגֶערוּפְן:

— צוּ וֵוייסְטוּ וֶוער דִי אוֹרְחִים זַיינֶען גֶעוֶועןְ?

די צְוֵויי גֶעסְט זַיינֶען גֶעוֶוען:

דֶער מַלְאָךְ מִיכָאֵל און דֶער מַלְאָךְ גַבְרִיאֵל!

## דֶער מַגִיד בַּיים שְׁנַיידֶער

אִין אַ דָארְף נֶעבְּן טְרִיסְק, הָאט גֶעווּאוֹינְט אַ אִיד, אַ שְׁנַיידֶער, וָואס הָאט גֶעאַרְבֶּעט פַּאר דִי פּוֹיעֶרִים, זֵייעֶרֶע פְּרָאסְטֶע אָנְטוּעֶכְצְן אוּן פוּן דֶעם זִיךְ מְפַרְנֵס גֶעוֶוען.

דֶער אִיד הָאט גֶעהֵייסְן יִצְחָק אוּן דִי פּוֹיעֶרִים הָאבְּן אִיהם פֶּערְצוֹיגְן אוֹיף "אִיצֶעק".

קֵיין גְרוֹיסֶער מוּמְחֶה אִין שְׁנַיידֶערַיי אִיז אִיצֶעק נִישְׁט גֶעוֶוען, וְהָרְאַיָה, אַז עֶר הָאט אַנְדֶערְשׁ נִישְׁט גֶעקֶענְט אַרְבֶּעטְן נָאר אוֹיפְן דָארְף, וואוּ דִי פּוֹיעֶרִים זַיינֶען נִישְׁט אַזֶעלְכֶע גְרוֹיסֶע מַקְפִּידִים אוּן קֶענֶען אוֹיסְלֶעבְּן זֵייעֶרֶע יָאהרְן מִיט גֶעלַאטֶעטֶע אוּן אִיבֶּערְגֶעניצֶעוֶועטֶע מַלְבּוּשִׁים.

צוּ לַאטֶעס הָאט אִיצֶעק גֶעטוֹיגְט אוּן אֶפְשֶׁר גָאר גֶעוֶוען אַ "מַייסְטֶער" אִין דֶעם פַּאךְ.

הָאבְּן אִיהם אַלֶע פּוֹיעֶרִים זֵייעֶר לִיבּ גֶעהַאט, נִישְׁט אַזוֹי וַוייט פַאר דֶער צוּפְרִידֶענֶער אַרְבֶּעט, וְוי דֶערְפַאר, וָואס אִיצֶעק אִיז גֶעוֶועזְן אַ "עֶרְלִיכֶער זְשִׁידֶעק".

דִי אַלֶע יָאהרְן הָאט אִיצֶעק נִישְׁט גֶעהַאט מִיט דִי פּוֹיעֶרִים קֵיין "יָא" אָדֶער "נֵיין", מִיט זֵיי גוּט גֶעלֶעבְּט, אַדְרַבָּה, דִי פּוֹיעֶרִים הָאבְּן פוּן אִיהם פִּיל נוּצְן גֶעהַאט אוּן נִישְׁט אֵיינְמָאל זַיינֶען זֵיי אַ דַאנְק אִיהם בֶּעהִיט גֶעוָוארְן פוּן גְנֵבוֹת, וַוייל אִיצֶעק פְלֶעגְט אַרְבֶּעטְן גַאנְצֶע נֶעכְט, אוּן אַז עֶר הָאט דֶערְהֶערְט וְוי אִין דְרוֹיסְן שַׁארְכְן טְרִיט אִין דֶער שְׁפֶּעטֶער נַאכְט הָאט עֶר פַארְשְׁטַאנֶען אַז דָאס זַיינֶען גַנָבִים, הָאט עֶר זִיךְ אַיינְגֶעשְׁטֶעלְט דָאס לֶעבְּן אוּן מִיט זַיין גֶעוַואלְד אוֹיפְגֶעוֶועקְט דִי פּוֹיעֶרִים פוּן שְׁלָאף.

הָאבְּן דִי פּוֹיעֶרִים זִיךְ גֶעבֶּעטְן בַּיי אִיהם, עֶר זָאל פוּן זֵיי נֶעמֶען מַתָּנוֹת, וְוי מֶעל, קַארְטָאפְל, קְרוֹיט, אָבֶּער אִיצֶעק הָאט אוֹיף קֵיין פַאל נִישְׁט גֶעוָואלְט נֶעמֶען, נָאר גֶעלֶעבְּט פוּן זַיין שְׁוֶוערְן אוֹיסְגֶעהָארֶועטְן גְרָאשְׁן.

הָאבְּן אִיהם דִי פּוֹיעֶרִים דֶערְפַאר נָאךְ מֶער

לִיב בַּאקוּמֶען און הָאבְּן גָארְנִישְׁט גֶעקֶענְט פַארְשְׁטֵיין וָואס פַאר אַ טַייעֶרֶער "זְשִׁידֶעק" דֶער אִיצֶעק אִיז.

זַיינֶען אַזוֹי אַוֶועק יָאהרְן נָאךְ יָאהרְן און אִיצֶעק הָאט בְּדוֹחַק דוּרְכְגֶעשְׁטוּפְּט דִי פַּרְנָסָה אִין דֶער וָואכְן, וֶוער שְׁמוּעֶסְט נָאךְ אַ שַׁבָּת און יוֹם טוֹב; דֶעמָאלְס אִיז פַאר אִיצֶעק'ן גֶעוֶוען דֶער גְרֶעסְטֶער נִסָיוֹן און אִיצֶעק הָאט גֶעאַרְבֶּעט אִיבֶּער דִי כֹּחוֹת, עֶס זָאל חָלִילָה קֵיין שַׁבָּת נִישְׁט גֶעשְׁטֶערְט וֶוערְן.

הָאט זִיךְ אֵיינְמָאל גֶעמַאכְט אַ שְׁלֶעכְט יָאהר, עֶס זַיינֶען גֶעוֶוען גְרוֹיסֶע הִיצְן, דִי תְּבוּאוֹת זַיינֶען פַארְבְּרֶענְט גֶעוָוארְן און אִין דָארְף אִיז גֶעוָוארְן צְוִוישְׁן דִי פּוֹיעֶרִים אַ גְרוֹיסֶע אָרִימְקַייט, זֵיי הָאבְּן נִישְׁט גֶעהַאט וָואס צוּ פִירְן אִין שְׁטָאט אַרַיין, אֲפִילוּ קֵיין פַּאשֶׁע פַאר זֵייעֶרֶע פֶערְד הָאבְּן זֵיי נִישְׁט גֶעהַאט — אַז אַלְץ אִיז פַארְבְּרֶענְט גֶעוָוארְן מִיטְן וָוארְצְל פוּן קָארְן בִּיזְן גְרָאז.

דִי פּוֹיעֶרִים הָאבְּן זִיךְ גֶעפוּנֶען אִין גְרֶעסְטְן יֵאוּשׁ. בִּיז דֶעם נַייעֶם יָאהר וֶוען מֶען וֶועט קֶענֶען

ווידער זייען איז נאך פארהאן באלד א יאהר און פון וואס צו לעבן האבן זיי נישט געהאט. האבן זיי אלץ פון שטוב אויספארקויפט אבי אויף א שטיקל ברויט צו האבן. אפילו די עופות, די קיה און פערד מיט די וועגענער זיינען אויספארקויפט געווארן.

אבער דאס אלעס האט נישט געקלעקט צו דערהאלטן זיך ביזן נייעם שניט און כמעט מער פון א העלפט דארף האט געמוזט אוועק בעטלען אויף דער וועלט כדי צו שאפן ברויט פאר זיך און פאר זייערע קינדער.

פארשטייט זיך, אז אין אזא הונגער יאהר האבן שוין די פויערים נישט אינזינען געהאט פון א מלבוש זיך צו מאכן, אפילו אויף א לאטע האבן זיי נישט געהאט און איצעק איז אזוי ארום געבליבן אן א שטאך ארבעט.

איצעק האט חלילה זיך נישט מתרעם געווען, אפילו מיט די לעפצן נישט א ברום געטהון נאר זיך געטראכט: מן הסתם איז עס מן השמים. געוויס ברויך אזוי צו זיין און מען טאר נישט פרעגן קיין קושיות.

אִיצֶעק הָאט אויךְ אָנְגֶעהויבְּן אַרויסְפַּארְקוּיפְן זַיינֶע זַאכְן און אַלְץ צוּלִיבּ אַ שַׁבָּת, וַוייל אַ גַאנְצֶע וָואךְ הָאט אִיצֶעק מִיט זַיין וַוייבּ גֶעלִיטְן מַמָּשׁ הוּנְגֶער, נָאר אַז עֶס אִיז גֶעקוּמֶען שַׁבָּת הָאט אִיצֶעק פַּארְקוֹיפְט צוּם עֶרְשְׁט דִי כְּלֵי בַּיִת און דֶערְנָאךְ אויךְ דָאס בֶּעטְגֶעוַואנְד, אַ קִישְׁן, אַ אִיבֶּער־בֶּעט, בִּיז עֶר הָאט שׁוֹין נִישְׁט גֶעהַאט אויף וָואס דֶעם קָאפּ אַנִידֶערְצוּלֵייגְן, אַבִּי חָלִילָה דֶעם שַׁבָּת נִישְׁט צוּ פַּארְשְׁטֶערְן און נִישְׁט צוּ מִינֶערְן אַ שְׁטִיקֶעלֶע פִישׁ, פְלֵיישׁ און לִיכְט לְכָבוֹד שַׁבָּת.

יֶעדְן פְרֵייטָאג, אַז מֶען הָאט עֶפֶּעס פוּן שְׁטוּבּ אוֹיסְפַּארְקוֹיפְט, הָאבְּן אַלֶע גֶעוֵויינְט, אָבֶּער אֵיין אִיצֶעק הָאט גֶעשְׁמֵייכְלְט:

— נַארָאנִים, וָואס וֵויינְט אִיהר, מֶען בְּרוֹיךְ דַאנְקֶען גָ־ט אַז עֶס אִיז דָא וָואס צוּ פַּארְקוֹיפְן און מַאכְן שַׁבָּת. דָאס אִיז דָאךְ אויךְ נִישְׁט אוּנְזֶערְס, דָאס הָאט דָאךְ אוּנְז גָ־ט גֶעגֶעבְּן.

בִּיז שַׁבָּת הַגָדוֹל הָאט נָאךְ אִיצֶעק׳ס בִּיסְל אָרִימְקַייט אוֹיסְגֶעקוּמֶען אויף צוּ מַאכְן כָּאטְשׁ דִי בְּלוֹיזֶע שַׁבָּתִים, אַז עֶס אִיז אָבֶּער גֶעקוּמֶען דִי וָואךְ

פון פֶּסח, איז שוין גֶעוֶוען אִינגַאנְצְן לֵיידִיג אִיצֶעק׳ס אָרִימֶע שְׁטִיבְל, אֲפִילוּ דֶער נֵיי מַאשִׁין אִיז שוין נִישְׁט גֶעשְׁטַאנֶען אויף זַיין אָרְט און גֶעוֶוען עֶרְגֶעץ פַארְקויפְט.

— וָואס טְהוּט מֶען? — הָאט אִין אִיצֶעקס מֹחַ גֶעהַאמֶערְט אַ פְרַאגֶע — דָא גֵייט אַזַא גְרויסֶער יום טוֹב, עֶפֶּעס אַ קְלֵיינִיגְקַייט... אַרְבַּע כּוסות און מַצות, אַזֶעלְכֶע גְרויסֶע און הֶערְלִיכֶע מִצְוֹת, וָואס נָאר אֵיין מָאל אִין אַ יָאהר אִיז מֶען זוֹכֶה עֶס צו מְקַיֵים זַיין.

אִיצֶעק הַאלְט עֶס נִישְׁט אויס, נָאר מְהַרְהֵר אִיז עֶר חָלִילָה נִישְׁט, אִיהם גֵייט נִישְׁט אִין עֶסְן. דִי מִצְוָה פון אַרְבַּע כּוסות און מַצָה, דָאס גֵייט אִיהם בְּנַפְשׁוֹ!

גֵייט אַרִיבֶּער אַ טָאג און נָאךְ אַ טָאג. עֶס אִיז שוין עֶרֶב פֶּסח און אִין שְׁטוּבּ אִיז נָאךְ נִישְׁטָא קֵיין זֵכֶר פון פֶּסח: נִישְׁט קֵיין מַצָה, נִישְׁט קֵיין וַויין און נִישְׁט קֵיין קַארְטָאפְל. דָאס וַוייבּ וֵויינְט, דִי קִינְדֶערְלַאךְ וֵויינֶען: — טַאטֶע, וָואס וֶועלְן מִיר עֶסְן פֶּסח? קֵיין חָמֵץ טָאר מֶען נִישְׁט און קֵיין מַצָה

אִיז נִישְׁטָא, אִיז וָואס וֶועלְן מִיר עֶסְן, טַאטֶע?

עֶס אִיז שׁוֹין פַארְנַאכְט, אִין דָארְף אִיז שְׁטִיל, דָא וואוֹינֶען נִישְׁט קֵיין אִידְן, אוּן מֶען זֶעהט נִישְׁט צוּמָאל, אַז עֶס אִיז פֶּסַח. דִי זוּן זֶעצְט זִיךְ אוּן גֵייט שׁוֹין אוּנְטֶער, בַּיי אִיצֶעק׳ן אִין שְׁטוּב אִיז חוֹשֶׁךְ. אֲפִילוּ קֵיין לִיכְטְל, קֵיין טִישְׁטַאךְ אוֹיפְן טִישׁ אִיז נִישְׁטָא. דִי קִינְדֶער זִיצְן בַּיים קַאלְטְן קוֹימֶען אוּן דִי מַאמֶע דֶערְצֵיילְט זֵיי דִי הֶערְלִיכֶע גֶעשִׁיכְטֶע, וְוִי אַזוֹי אִידְן זַיינֶען אַרוֹיס פוּן מִצְרַיִם. דִי קִינְדֶערְשֶׁע הֶערְצֶעלַאךְ צַאפְּלֶען פַאר פְרֵייד, אָבֶער, אַז דִי מַאמֶע הָאט שׁוֹין פַארְעֶנְדִיגְט, וֵויינֶען דִי קִינְדֶערְלַאךְ אוּן בֶּעטְן זִיךְ: — מַאמֶע, עֶס הוּנְגֶערְט! גִיב כָאטְשׁ אַ בְּלוֹיז שְׁטִיקֶעלֶע טְרוּקֶענֶע מַצָה!

עֶנְטְפֶערְט דִי מַאמֶע גָארְנִישְׁט, נָאר וִוישְׁט זִיךְ דִי טְרֶערְן פוּן דִי אוֹיגְן.

אִיצֶעק הָאט זִיךְ אַרוֹיסְגֶעשַׁארְט שְׁטִיל פוּן שְׁטוּב אוּן אִיז אַוֶועק וַוייט אִין פֶעלְד אַרַיין. דָארְט אִיז דִי זוּן פַארְגַאנְגֶען אִין אַ גָאלְדֶענֶער שְׁקִיעָה, דִי גְרָאזְן הָאבְּן זִיךְ גֶעטוּבְּלְט אִין דִי אוּנְטֶערְגֵייעֶנְדֶע

שְׁפִּיגְלְדִיגֶע שְׁטְרַאלְן.

אִיצֶעק אִיז פוּל גֶעוָוארְן מִיט הִתְלַהֲבוּת קוּקְנְדִיג אוֹיף דֶער אַרוּמִיגֶער הֶערְלִיכְקַייט פוּן אָט דֶער פְּרִיהלִינְגְס-נַאטוּר. עֶר הָאט מֶער נִישְׁט גֶעקֶענְט אַיינְשְׁטֵיין אוֹיף אֵיין אָרְט, עֶס הָאט אִיהם גֶעהוֹיבְּן אִין דֶער לוּפְטְן אוּן עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבְּן שְׁוֶועבְּן אוּן טַאנְצְן אִיבֶּער דִי גְרָאזְן, אַז עֶר הָאט רֶעכְט דִי קֶעפֶּעלַאךְ פוּן דִי גְרָאזְן נִישְׁט אָנְגֶערִיהרְט.

אוּן כָאטְשׁ אִיצֶעק הָאט שׁוֹין נִישְׁט גֶעהַאט גֶעגֶעסְן צְוֵויי טֶעג, הָאט עֶר גָארְנִישְׁט מַרְגִישׁ גֶעוֶוען אַז עֶס הוּנְגֶערְט אִיהם אוּן עֶר אִיז שִׁיעוּר נִישְׁט אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן זִיסְקַייט. מִיט שִׁירוֹת וְתִשְׁבָּחוֹת פַּאר הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ, אִיז עֶר גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אִיבֶּער פֶעלְדֶער אוּן וֶועלְדֶער אוּן הָאט גָארְנִישְׁט גֶעוואוּסְט וואוּ עֶר אִיז.

עֶר הָאט גֶעדַאוְונְט מַעֲרִיב אוּן וָואס מֶער עֶר הָאט גֶעזוּנְגֶען, אַלְץ לִיכְטִיגֶער אוּן לִיכְטִיגֶער אִיז גֶעוָוארְן, אָבֶּער דָא לָאזְט אִיצֶעק אֵיין אֵיינְצִיגְן טְרֶער אִיבֶּער זַיין לַאגֶע.

נָאךְ אִיצֶעק׳ס טְרֶער אִיז בַּאלְד אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶער גֶעגְנְט אַ שְׁטוּרְם־רֶעגְן מִיט דוּנֶערְן אוּן בְּלִיצְן אַרָאפְּגֶעפַאלְן, בּוֹימֶער הָאבְּן זִיךְ גֶעבְּרָאכְן, ווִינְטְן הָאבְּן גֶערִיסְן, אוּן אִיצֶעק אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיפְן פֶעלְד אוּן נָאךְ מֶער גֶעוֵויינְט, וַוייל אִיהם הָאט זִיךְ גֶעדַאכְט אַז עֶר הָאט מִיט זַיין שְׁלֶעכְטֶע מַחְשָׁבָה גֶעזִינְדִיגְט.

אוּן וָואס מֶער עֶר הָאט גֶעוֵויינְט אוֹיף תְּשׁוּבָה, אַלְץ שְׁטַארְקֶער אוּן מוֹרָא׳דִיגֶער אִיז דֶער שְׁטוּרְם מִיט דִי דוּנֶערְן גֶעוָוארְן, אַזוֹי אַז דֶער מַגִיד פוּן טְרִיסְק זצ״ל וָואס הָאט פּוּנְקְט גֶעדַאוְונְט מִיט זַיינֶע חֲסִידִים אִין גְרוֹיסְן בֵּית הַמִדְרָשׁ נֶעבְּן יֶענֶעם דָארְף, אִיז דֶערְצִיטֶערְט גֶעוָוארְן גֶעגְן שְׁטוּרְם, ווֶעלְכֶער אִיז אוֹיךְ אַרַיין אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ אוּן אַלֶע לִיכְט פַארְלָאשְׁן.

זַיינֶען דִי חֲסִידִים דֶערְשְׁרָאקְן גֶעוָוארְן אוּן דֶער טְרִיסְקֶער אַלֵיין אִיז שׁוֹין אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּן אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעטְהוּן:

— וָואס אִיז דָאס? מִיר מֵיינְט מֶען דָאס?

אוֹיךְ אִיצֶעק׳ס וַוייבּ אוּן קִינְדֶער הָאבְּן זִיךְ

פַארְן שְׁטוּרְם דֶערְשְׁרָאקְן, בִּיטֶער גֶעוֵויינְט וואו דֶער טַאטֶע אִיז עֶרְגֶעץ אַוֶועק.

אִיצֶעק הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ וֵויינֶען, וַוייל עֶר הָאט זִיךְ דֶערְמַאנְט, אַז הַיינְט אִיז גֶעוֶוען דִי גְאוּלָה און אַז מֶען בְּרוֹיךְ צוּ זַיין פְרֵיילַאךְ. הָאט עֶר גָארְנִישְׁט גֶעקוּקְט אוֹיפְן צוּבְּרוֹיזְטְן שְׁטוּרְם און וִוידֶער אָנְגֶעהוֹיבְּן טַאנְצְן און זִינְגֶען מִיט שִׁירוֹת און גֶעזַאנְגֶען.

אִיצֶעק הָאט זִיךְ, אַ פְרֵיילַאכֶער, אַהֵיים גֶעקֶערְט.

אִין דֶער צַייט אִיז גֶעזֶעסְן דֶער טְרִיסְקֶער מַגִיד בַּיים סֵדֶר מִיט זַיינֶע תַּלְמִידִים און חֲסִידִים און גֶערֶעדְט נָאךְ אַלְץ וֶועגְן דֶער עִנְיָן פון שְׁטוּרֶעם, און דָא רוּפְט זִיךְ אָן דֶער טְרִיסְקֶער מַגִיד:

— רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, וָואס קוּמְט דָא פָאר דֶעם הַיינְטִיגְן פֶּסַח בַּיינַאכְט? פַאר וָואס הָאבּ אִיךְ נִישְׁט דִי זְכִיָה גֶעהַאט, אַז אֵלִיָהוּ הַנָבִיא זָאל קוּמֶען צוּ מִיר?

הָאט מֶען אִיהם פון הִימְל אַ רֶמֶז גֶעוִויזְן אוֹיף

אִיצֶעק שְׁנַיידֶער, און פַאךְן טְרִיסְקֶער מַגִּיד אִיז שׁוֹין אַלְץ קְלָאר גֶעוָוארְן.

און עֶר אִיז תֵּיכֶּף אַרוֹיס אִין נָאנְטְן דָארְף מִיטְנֶעמֶענְדִיג פוּן כָּל טוּב און אַרַיינְקוּמֶענְדִיג צוּ אִיצֶעק'ן הָאט דֶער טְרִיסְקֶער גֶעזֶעהן, ווִי אִיצֶעק שְׁנַיידֶער שְׁטֵייט בַּיי דֶער טְהִיר.

אִיצֶעק, וָואס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פַאר'מֹחַ'ט און הָאט נִישְׁט מַרְגִּישׁ גֶעוֶוען דָאס אַרַיינְקוּמֶען פוּן טְרִיסְקֶער, אִיז גֶעפַאלְן אִין חַלָשׁוּת.

הָאט אִיהם דֶער טְרִיסְקֶער דֶערְמִינְטֶערְט און בֵּיידֶע הָאבְּן אַרַיינְגֶערוּפְן דָאס וַוייבּ און קִינְדֶער און אַלֶע הָאבְּן זִיךְ גֶעזֶעצְט צוּם טִישׁ און נֶהֱנֶה גֶעוֶוען פוּן דִי טַייעֶרֶע מַאֲכָלִים וָואס מֶען הָאט זֵיי גֶעבְּרֵיינְגְט. פַאר דִי וַוייבּ און קִינְדֶער הָאט אִיצֶעק דֶערְצֵיילְט, אַז דֶער אִיד (דָאס הֵייסְט דֶער טְרִיסְקֶער), הָאט עֶס גֶעבְּרַאכְט דֶעם סֵדֶר. און דִי קִינְדֶערְלַאךְ הָאבְּן זִיךְ דֶערְקְווִיקְט זֵייעֶרֶע אוֹיסְגֶע'חַלשׁ'טֶע הֶערְצֶעלַאךְ און גֶעבֶּענְטְשְׁט דֶעם פְרֶעמְדְן אִיד.

*

צו "שְׁפוֹךְ חֲמָתְךָ" איז אַרײַנגעקומען אַ אַלטער איד, מיט אַ לאַנגער באָרד, מיט אַ שמייכל, אויסבּרומענדיג:

— אַה, בּיזט דאָ, טריסקער מגיד, גוט יום־טוב, גוט יום־טוב!

בּיים אַרײַנקומען פון דריטן איד, וואָס איז געווען אליהו הנביא, זײַנען די קינדערלאַך מיט די ווייב אײַנגעדרימלט געוואָרן און אַלע דרײַ האָבּן גערעדט תּורה בּיזן גראָהען טאָג.

און אליהו הנביא האָט זיך אָנגערופן:

— האָסט גאָרנישט געוואוסט, אַז דו האָסט אַזאַ שכן! איצט פאַרשטייסטו שוין וואָס איך בּין צו דיר נישט געקומען? אַז מען האָט אַזאַ שכן בּרויך מען וויסן, אַז ער בּרויך אויף פּסח...

דער טריסקער מגיד איז שוין נישט אָפּגעטראָטן פון דאָרף. ער איז דאָרטן געווען בּיידע סדרים־נעכט.

שפּעטער האָט דער טריסקער מגיד געזאָגט:

— יָא, אַז מֶען קְרִיכְט צוּ הוֹיךְ אִין דִי הִימְלִישֶׁע װֶועלְטְן פַארְגֶעסְט מֶען אַמָאל פוּן דִי עֶרְדִישֶׁע בְּרוּאִים. װֶוען מֶען הַאלְט זִיךְ שׁוֹין צוּ גְרוֹיס אַרָאפְּצוּלָאזְן זִיךְ צוּ זֵיי — קֶען אַזַא עֲלִיָה זַיין דִי גְרֶעסְטֶע יְרִידָה...

## יֶעדֶערֶער בַּיי זִיךְ

דֶער גָאוֹן רַבִּי שְׁמוּאֵל סַאלַאנְט זצ"ל, דֶער בַּאװאוּסְטֶער יְרוּשָׁלַיְמֶער רָב, הָאט זֵייעֶר שְׁטְרֵיינְג גֶעהִיט אוֹיפְן "הַצְנֵעַ לֶכֶת". עֶר הָאט זִיךְ אוֹיסְבַּאהַאלְטְן פוּן מֶענְטְשְׁנְס אוֹיגְן מִיט זַיינֶע הַנְהָגוֹת אִין עֲבוֹדַת ה' אֲפִילוּ פוּן זַיינֶע מְקוּרָבִים, (בַּיי פִּיהל יְרוּשָׁלַיְמֶער אִידְן װֶועט לְמָשָׁל זַיין אַ אִיבֶּערְרַאשׁוּנְג צוּ הֶערְן אַז רַבִּי שְׁמוּאֵל סַאלַאנְט פְלֶעגְט גֵיין יֶעדְן טָאג אִין דֶער פְרִי אִין מִקְוֶה).

מַאכְט זִיךְ אַמָאל אִין דִי סֶדֶר נַאכְט אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען צוּ רַבִּי שְׁמוּאֵל'ן אֵיינֶער פוּן דִי יַקִירֵי יְרוּשָׁלַיִם, רַבִּי נָטֶע װַייס ז"ל מִיט אַ גֶעוִויסֶע

שְׁאֵלָה. רַבִּי שְׁמוּאֵל הָאט אִיהם גֶע׳פַּסְקְנְט די שְׁאֵלָה. אַז רַבִּי נָטֶע אִיז שׁוֹין גֶעוֶועןְ בַּיי רַבִּי שְׁמוּאֵל׳ן הָאט זִיךְ אִיהם נִישְׁט גֶעגְלוּסְט אַוֶועק צוּ גֵיין, עֶר הָאט גֶעוָואלְט זֶעהן וְוי אַזוֹי עֶר פְּרַאוֶועט אַ ״סֵדֶר״. אִיז רַבִּי נָטֶע גֶעבְּלִיבְּן זִיצְן, אָבֶער רַבִּי שְׁמוּאֵל גֵייט נִישְׁט צוּ צוּם סֵדֶר טִישׁ.

הָאט זִיךְ רַבִּי נָטֶע אָנְגֶערוּפְן: ״תּוֹרָה הִיא וְלִלְמוֹד אֲנִי צָרִיךְ״, עֶס אִיז דָא וָואס צוּ לֶערְנֶען פוּן רָב!

— נָטֶע — הָאט אִיהם רַבִּי שְׁמוּאֵל לִיבְּלִיךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט — גֵיי אַהֵיים אוּן פְּרַאוֶוע דֶעם ״סֵדֶר״ אַזוֹי וְוי פַאר אַ יָארְן!...

# "קֶעז" בַּיים סֵדֶר טִישׁ

דָאס הָאט פַּאסִירְט אִין דֶער צַייט וֶוען דִי רוֹימִישֶׁע אִימְפֶּערִיֶע הָאט בַּאהֶערְשְׁט לֶענְדֶער אוּן פֶּעלְקֶער אוּן אִיהר נָאמֶען הָאט גֶעקְלוּנְגֶען פוּן אֵיין עֶק וֶועלְט צוּם צְוֵוייטְן. דִי שְׁטָאט רוֹים אַלֵיין אִיז דַאן בַּאטְרַאכְט גֶעוָוארְן אַלְס דִי מֶעכְטִיגְסְטֶע אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט. אוּן צְוִוישְׁן דִי פִּילֶע גֶעזֶעצְן וָואס דֶער פּוֹיפְּסְט פוּן רוֹים הָאט דַאן אַרוֹיסְגֶעגֶעבְּן, הָאט פַּארְנוּמֶען דֶעם אוֹיבְּנְאָן אַ גֶעזֶעץ וָואס פַּארְבָּאט אַ אִידְן אַרוֹיפְצוּטְרֶעטְן אוֹיף דֶער רוֹימִישֶׁער עֶרְד. אַ אִיד הָאט אֲפִילוּ נִישְׁט גֶעטָארְט דוּרְכְפָּארְן דִי שְׁטָאט, שׁוֹין אָפְּגֶערֶעדְט פוּן וואוֹינֶען דָארְט אָדֶער פִּירְן דָארְט אַ גֶעשֶׁעפְט. פַאר עוֹבֵר זַיין אוֹיף דֶעם גֶעזֶעץ הָאט מֶען בַּאשְׁטְרָאפְט מִיט טוֹיט.

אִין אָט דֶער צַייט הָאט זִיךְ עֶס אֵיינְמָאל

גֶעמַאכְט, אַז אַ בַּאוואוּסְטֶער אִידִישֶׁער סוֹחֵר מִיטְן נָאמֶען רַבִּי הִלֵל הָאט זִיךְ בַּאהַאלְטֶענֶערְהֵייט גֶעפוּנֶען אִין רוּים צוּלִיבּ גֶעשֶׁעפְט אִינְטֶערֶעסְן אוּן צוּלִיבּ דִי גְרוּיסֶע פַארְפְלֵייצוּנְגֶען אִין דֶער רוּימִישֶׁע גֶעגְנְד הָאט עֶר נִישְׁט גֶעהַאט קֵיין שׁוּם מֶעגְלִיכְקַייט צוּרִיקְצוּפָארְן אַהֵיים אוּיף פֶּסַח וָואס הָאט שׁוּין גֶעהַאלְטְן בַּיים אָנְקוּמֶען. עֶס אִיז אִיהם גֶעוֶוען זֵייעֶר שְׁוֶוער אַרוּיפְצוּלָאזְן אוּיפְן מוֹחַ אַ גֶעדַאנְק צוּ זַיין פֶּסַח אַוֶועק וַוייט פוּן דֶער הֵיים, אִיבֶּערְהוּיפְּט אִין אַזַא שְׁטָאט וְוי רוּים וואוּ דִי סַכָּנָה פַאר אַ אִידְן אִיז אַזוֹי גְרוּיס. פוּן דֶער אַנְדֶער זַייט אָבֶּער הָאט עֶר גֶעמוּזְט שְׁנֶעל הַאנְדְלֶען, גֶעפִינֶען אַ עֵצָה וְוי צוּ פַארְבְּלַייבְּן פֶּסַח אִין רוּים אוּן דָאךְ אוּיסְגֶעהִיטְן וֶוערְן פוּן דֶעם הַארְבְּן אִיסוּר פוּן חָמֵץ בְּפֶּסַח אוּן זֶען צוּ מְקַיֵּים זַיין דִי מִצְוָה פוּן אֲכִילַת מַצָּה.

דִי צַייט אִיז גֶעפְלוּיגְן, דִי טֶעג הָאבְּן זִיךְ גֶערוּקְט... אָט אִיז שׁוּין עֶרֶב פֶּסַח נָאכְמִיטָאג, אוּן רַבִּי הִלֵל וֵוייסְט נָאךְ אַלְץ נִישְׁט וואוּ עֶר הַאלְט אִין דֶער וֶועלְט. עֶר הָאט עֶרְשְׁט יֶעצְט גֶעפִיהלְט דֶעם טַעַם פוּן גָלוּת אוּן דֶעם בַּאגֶער צוּ פַּייעֶרְן דֶעם יום

טוֹב פוּן דֶער עֶרְשְׁטֶער אִידִישֶׁער גְאוּלָה לוֹיט אַלֶע דִינִים אוּן הִידוּרִים.

אוּן פוּן גְרוֹיס פַארְצְוֶוייפְלוּנְג אִיז אִיהם אַיינְגֶעפַאלְן אַ גֶעדַאנְק. זִיכֶער, הָאט עֶר בַּיי זִיךְ גֶעטְרַאכְט, לֶעבְּן דָא אִין רוּים עֶרְגֶעץ וואוּ אִידְן בַּאהַאלְטֶענֶערְהֵייט אוּן אִין זֵייעֶרֶע הַייזֶער גְרֵייט מֶען זִיךְ יֶעצְט אַרַיינְצוּנֶעמֶען דֶעם שֵׁיינֶעם יוֹם־טוֹב פֶּסַח. עֶר וֶועט גֵיין צוּם שְׁטָאטִישְׁן מַארְק פְּלַאץ, הָאט עֶר וַוייטֶער גֶעטְרַאכְט, אוּן פוּן וַוייטְן זִיךְ צוּקוּקְן וֶוער פוּן דִי אַיינְקוֹיפֶער וֶועט אַיינְהַאנְדְלֶען אַזַא פֶּסַח׳דִיגֶער אַרְטִיקְל וִוי מָרוֹר וָואס אִידְן לֵייגְן אוֹיף דֶער פֶּסַח׳דִיגֶער קְעָרָה צוּם סֵדֶר. דֶער וָואס וֶועט אַיינְקוֹיפְן הַיינְט עֶרֶב־פֶּסַח נָאכְמִיטָאג מָרוֹר, אִיז זִיכֶער אַ אִיד וָואס הִיט אָפּ אִידִישְׁקַייט בַּאהַאלְטֶענֶערְהֵייט אוּן עֶר וֶועט שׁוֹין גֶעפִינֶען אַ וֶועג וִוי צוּ אוֹיפְצוּהַאלְטְן זִיךְ פֶּסַח בַּיי אָט דֶעם אִידְן אִין הוֹיז.

שְׁטֵייעֶנְדִיג אַזוֹי אוֹיפְן מַארְק פְּלַאץ אוּן מִיט דִי אוֹיגְן קוּקֶנְדִיג אוֹיף אַלֶע זַייטְן עֶרְוַוארְטֶנְדִיג צוּ גֶעפִינֶען אַ אִידְן אִין רוּים, הָאט עֶר מִיט אַמָאל בַּאמֶערְקְט וִוי עֶס אִיז צוּגֶעפָארְן אַ שֵׁיינֶע קַארֶעטֶע

פון װעלכער עס איז אױסגעשטיגן נישט קײן אנדערער װי דער שטאט־הױפּט פון רױם. ער האט זיך אלײן נישט געקענט גלױבן װען ער האט געזען װײטער װי דער שטאט־הױפּט איז האסטיג ארונטער פון קארעטע און שטילערהײט עפּעס אנגעזאגט זײן באדינער װעלכער איז גלײך געגאנגען צו אײנעם פון די גרינס־הענדלער און געקױפט א בינטעלע מרור. פאר דעם גרױסן עולם װאס האט זיך ארומגעקליבן ארום דעם מעיאר׳ס קארעטע, האט דער מעיאר ערקלערט, אז ער איז ספּעציעל געקומען צו באקענען זיך מיט דער לאגע אױפן מארק און זעהן װאס פאר א אױסבעסערונגען מען דארף דארטן מאכן.

דער באדינער איז צוזאמען מיט זײן האר גלײך אפּגעפארן צוריק צום שטאטישן פּאלאץ.

פאר רבי הלל׳ן איז עס געװען מער װי זיכער אז דער שטאט־הױפּט פון רױם, די שטאט, װאו קײן איד טאר זיך נישט געפינען, איז אלײן א איד, און נאך דערצו א פרומער איד װאס קומט אלײן אױפן מארק אײנקױפן מרור אױף פּסח. די פראגע איז אבער יעצט געװען פאר רבי הלל׳ן װי אזױ ער

זָאל זִיךְ דֶערְשְׁלָאגְן צוּם שְׁטָאט־הוֹיפְּט אוּן אִיהם אַנְטְפְּלֶעקְן זַיין סוֹד. דִי צַייט אִיז גֶעוֶוען קוּרְץ אוּן רַבִּי הִלֵל אִיז גְלַייךְ אַוֶועק צוּם פַּאלַאץ אוּן זִיךְ גֶעמָאלְדְן פַּאר אַ זֵייעֶר וִויכְטִיגֶער אוֹידִיעֶנְץ מִיטְן שְׁטָאט־הוֹיפְּט.

— אִיךְ וִויל אַייעֶר אוֹיפְמֶערְקְזַאמְקַייט פַּאר אֵיינִיגֶע מִינוּטְן — הָאט רַבִּי הִלֵל אָנְגֶעפַאנְגֶען זַיין גֶעשְׁפְּרֶעךְ מִיטְן שְׁטָאט־הוֹיפְּט — אוּן אִיךְ הָאף אַז אִיהר וֶועט עֶס מִיר בַּאוִוילִיגְן. אִיךְ בִּין אַ אִיד אוּן הַיינְט אִין אָוֶונְד פַּאנְגְט זִיךְ אָן אוּנְזֶער גְרוֹיסֶער אוּן הֵיילִיגֶער יוֹם טוֹב פֶּסַח. אִיךְ בִּין דָא פַּארְהַאלְטְן גֶעוָוארְן צוּלִיב דִי פַּארְפְּלֵייצוּנְגֶען אוּן אַזוֹי וִוי אִיךְ הָאבּ דֶערְקֶענְט דוּרְךְ אַייעֶר אַיינְקוֹיפְן מָרוֹר אַז אִיהר זַייט אַ אִיד, וִויל אִיךְ זַיין אַייעֶר גַאסְט פַּאר דִי אַכְט טֶעג יוֹם טוֹב, אִיךְ וֶועל אַייךְ בַּאצָאלְן וִויפְל אִיהר וֶועט בֶּעטְן.

דֶער שְׁטָאט־הוֹיפְּט הָאט רוּהִיג אוֹיסְגֶעהֶערְט רַבִּי הִלֵל׳ס רֵייד אוּן מִיט קֵיין אֵיין וָוארְט אִיהם נִישְׁט גֶעעֶנְטְפֶערְט. עֶר הָאט אִיהם אָנְגֶענוּמֶען בַּיי דֶער הַאנְד אוּן אַרַיינְגֶעפִירְט אִין אַ צְוֵוייטְן צִימֶער וואו עֶר הָאט אוֹיפְגֶעעֶפְנְט אַ גֶעהֵיימֶע טְהִיר וָואס

האָט גֶעפִיהרְט צוּ אַ גְרוֹיסֶער הֵייל, אַ מִין אוּנְטֶערְעֶרְדִישֶׁע וואוֹינוּנְג, וואוּ עֶס זַיינֶען גֶעשְׁטַאנֶען גֶעגְרֵייט טִישְׁן מִיט כָּל טוּב און דֶער רֵיחַ פון די יום טוב׳דִיגֶע מַאֲכָלִים הָאט זִיךְ גֶעפִיהלְט פון יֶעדְן ווִינְקֶעלֶע.

— אָט דָא אוֹיף דֶער רֶעכְטֶער זַייט הָאט אִיהר אַ צִימֶער פַּאר זִיךְ — הָאט דֶער מֶעיָאר עֶנְדְלִיךְ גֶעבְּרָאכְן זַיין שְׁטִיל שְׁוַוייגְן און מִיט אַ צוּפְרִידֶענֶעם שְׁמֵייכְל דֶערְלַאנְגְט רַבִּי הִלֵל׳ן אַ בְּרֵייטְן אִידִישְׁן שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם...

וֶוען עֶס אִיז אָנְגֶעקוּמֶען מִנְחָה צַייט, אִיז אַ בַּאדִינֶער אַרַיינְגֶעקוּמֶען צוּ רַבִּי הִלֵל׳ן אִין צִימֶער און אִיהם גֶעבֶּעטְן צוּ גֵיין אִין שׁוּהל דַאוְונֶען. אַזַא פְּרַאכְטְפוּהלֶע שׁוּל הָאט נָאךְ רַבִּי הִלֵל אוֹיף זַיין לֶעבְן נִישְׁט גֶעזֶעהן. די וֶוענְט גֶעמַאכְט פון טַייעֶרֶע מַארְמָארְנֶע שְׁטֵיינֶער, די לַייכְטֶער אוֹיסְגֶעקְלַאפְּט פון רֵיינֶעם גָאלְד און דֶער סִילִינְג אוֹיסְגֶעמָאלְן מִיט די שֶׁענְסְטֶע אוֹיג־פַּארְכַאפְּנְדֶע מָאלֶערַייעֶן. דֶער עוֹלָם אִין שׁוּהל אִיז גֶעוֶוען רַייךְ גֶעקְלֵיידֶעט און יום טוב׳דִיג גֶעשְׁטִימְט, גָאר עֶפֶּעס נִישְׁט ווִי אִין אַ שׁוּהל וָואס אִיז בַּאהַאלְטְן אִין אַ אוּנְטֶער עֶרְדִישֶׁע

הֵייל וואו מֶען איז שְׁטֶענְדִיג אין מוֹרָא פַאר דִי רֶעגִירוּנְג.

מֶען הָאט זיךְ גֶעשְׁטֶעלְט דַאוְונֶען מִנְחָה בְּצִבּוּר, דֶערְנָאךְ גֶעזָאגְט דֶעם סֵדֶר קָרְבַּן פֶּסַח, און אַלֶעס מִיט גְרוֹיס הִתְלַהֲבוּת און מִיט אַ בַּאזוּנְדֶער זִיסְקַייט. נָאךְ מַעֲרִיב הָאט מֶען זיךְ אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן גֶעווּאוּנְטְשְׁן גוּט יוֹם טוֹב און דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם איז אַרַיין אין גְרוֹיסְן עֶס-זָאל, נֶעבְּן שׁוּל, אָפְּצוּרִיכְטְן דֶעם סֵדֶר און עֶסְן דִי סְעוּדַת יוֹם טוֹב.

רַבִּי הִלֵל איז גֶעזֶעסְן אוֹיבְנְאָן און נִישְׁט גֶעגְלוֹיבְּט זַיינֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגְן. אָט דָאס איז רוֹים, דִי שְׁטָאט וואו אַ אִיד טָאר נִישְׁט וואוֹינֶען? איז עֶס דֶען נִישְׁט קֵיין בַּאוַוייז, אַז טְרָאץ דִי אַלֶע גְזֵירוֹת וָואס דִי גוֹיִם מַאכְן אוֹיף דֶעם אִידִישְׁן פָאלְק, וֶועט זֵיי קֵיינְמָאל נִישְׁט גֶעלִינְגֶען בַּייצוּקוּמֶען דֶעם אֵייבִּיגְן גַייסְט פוּן דֶער הֵיילִיגֶער תּוֹרָה?...אֵייבִּיג איז דָאס פָאלְק יִשְׂרָאֵל און אֵייבִּיג איז זַיין תּוֹרָה!...

אָבֶער זִיצְנְדִיג אַזוֹי פַארְטְרַאכְטֶערְהֵייט איז עֶר מִיטְאַמָאל ווִי אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פוּן זַיין אָרְט, וֶוען

ער האט געזען ווי איינער פון די באדינער האט דערלאנגט צום טיש א לאנגן פעטן קעז וועלכער דער גאנצער עולם האט אויפגעשלונגען. וואס טהוט זיך דא? איז ער צווישן אידן אדער חס ושלום... זאלן דען אידן נישט וויסן דעם דין אז מען טאר נישט עסן קיין מילכיגס נאך פלייש.

— איך האב דאך געמיינט, אז איהר זייט פרומע אידן — האט ער מיט טרערן אין די אויגן אויסגעשריגן — און איך האב ביי אייך געגעסן די ערשטע סעודה פון יום טוב פסח. ווער ווייס אויב איך בין נישט נכשל געווארן אין דעם הארבן איסור פון חמץ בפסח?...

אנשטאט צו ענטפערן איהם אויף זיינע דרינגליכע פראגעס, האט דער שטאט-הויפט געבעטן רבי הלל'ן ער זאל פארזוכן פון דעם וואונדערבארן "קעז".

— איהר האט נאך אזוינס אויף אייער לעבן נישט פארזוכט — האט ער צוגעגעבן — און וועגן דער עבירה פון עסן מילכיגס נאך פלייש, האט ער אנגעפאנגען צו ברענגען ראיות אז עס איז

גָאר נִישְׁט אַזאַ שְׁטאַרקֶע עֲבֵירָה ווִי מֶען מֵיינְט און אַז בַּיי זֵיי הַאלְט מֶען נִישְׁט פון דֶעם. פון זַיינֶע רֵייד אִיז גֶעוֶוען קֶענְטִיג, אַז עֶר הַאלְט זִיךְ פַּאר אַ גְרוֹיסְן לַמְדָן, און דָאס הָאט נָאךְ מֶער אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט דֶעם פַּארְצָארְנְטְן רַבִּי הִלֵל.

נָאךְ לַאנְגֶע אַמְפֶּערְנִישְׁן הָאט דֶער בַּעַל הַבַּיִת אַיינְגֶעזֶעהן ווִי שְׁטַארְק רַבִּי הִלֵל עֶרְגֶערְט זִיךְ און עֶר הָאט זִיךְ עֶנְדְלִיךְ אָפְּגֶערוּפְן צוּ אִיהם:

— זַייט ווִיסְן, טַייעֶרֶער גַאסְט, אַז דֶער קֶעז ווָאס מִיר הָאבְּן אַלֶע גֶעגֶעסְן אִיז גֶעוֶוען פון מַאנְדְלֶען און נִישְׁט פון מִילְךְ. עֶר אִיז גֶעוֶוען אַ הוּנְדֶערְט פְּרָאצֶענְטִיגֶער פַּארְוֶועער קֶעז, און דִי דִינִים פון "בָּשָׂר בְּחָלָב" זַיינֶען מִיר אָפְּגֶעהִיטְן פוּנְקְט ווִי אִיהר.

— פַּארְוָואס זְשֶׁע הָאט אִיהר מִיר גְלַייךְ נִישְׁט גֶעזָאגְט? — הָאט רַבִּי הִלֵל גֶעפְרֶעגְט — פַּארְוָואס הָאט אִיהר מִיר אָנְגֶעטְהוּן אַזוֹי פִיהל עַגְמַת נֶפֶשׁ און צַעַר?

— אִיהר פַּארְשְׁטֵייט — הָאט דֶער שְׁטָאט־הוֹיפְּט גֶעזָאגְט — מִיר הָאבְּן אַייךְ גֶעוָואלְט

אויסְפְּרוּבְן אויב אִיהר זַייט נִישְׁט קֵיין שְׁפְּיָאן, יֶעצְט אִיז אוּנְזֶער פַּארְדַאכְט אַרִיבֶּער און לָאמִיר זִיךְ אַלֶע מְשַׂמֵחַ זַיין מִיט אוּנְזֶער טַייעֶרְן יום טוב פֶּסַח.

## אַז מֶען צוּבְּרֶעכְט

אַ חָסִיד הָאט אַמָאל גֶעפְרֶעגְט צוּ הַצַדִיק רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ'לֶע דְזְשִׁיקֶעוֶוער זצ"ל.

— תְּפִילִין הָאבְּן פִיהר פַּרְשִׁיוֹת, צִיצִית — אַרְבַּע כַּנְפוֹת, לוּלָב — אַרְבָּעָה מִינִים, פֶּסַח — אַרְבַּע כּוֹסוֹת. און פַארְוָואס מַצוֹת אִיז נָאר דְרַיי?

הָאט אִיהם רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ'לֶע בַּאלְד גֶעעֶנְטְפֶערְט:

— צוּבְּרֶעכְט מֶען דָאךְ בַּאלְד דִי מִיטְלְסְטֶע מַצָה, און עֶס וֶוערְט פִיהר!

# צוקֶער אַנְשְׁטָאט מַצָּה

דִי רוֹיטֶע מְחַבְּלִים הָאבְּן אִיהם גֶעפַּאקְט אִין מִיטְן דֶער נַאכְט, אִין דֶער צַייט וָואס עֶר הָאט פַארבְּרַאכְט אִין תּוֹרָה אוּן חֲסִידוּת מִיט אַ צָאל אִינְגְלַאךְ פוּן אַ גֶעהֵיימֶער יְשִׁיבָה אִין רוּסְלַאנְד. רַבִּי מֹשֶׁה אִיז נָאךְ דֶעמָאלְט גֶעוֶוען אַ בָּחוּר, אָבֶער צוּ דִי תַּלְמִידִים אִיז עֶר גֶעוֶוען אַ רֹאשׁ יְשִׁיבָה אוּן אִין דֶער זֶעלְבֶּער צַייט אוֹיךְ זֵייעֶר טַאטֶע אוּן אַ גֶעטְרַייעֶ מַאמֶע.

הָאט דֶער לִיבְּלִיכֶער רַבִּי מֹשֶׁה, מִיט דִי וַוארֶעמֶע זַיידֶענֶע אוֹיגְן, מִיטְן וַוייסְן לוֹיטֶערְן פָּנִים אוּן גָאלְדֶענֶע הַארְץ, זִיךְ פַּארְוַואנְדְלְט אִין אַ מֶענְטְשׁ מִיט אַייזֶערְנֶעם מוּט. דִי אוֹיסְפָּארְשֶׁער הָאבְּן אִיהם גֶעפַּיינִיגְט אוּן גֶעסְטְרַאשֶׁעט מִיט אַלְדֶעס בֵּייז. זֵיי הָאבְּן נָאר גֶעוָואלְט עֶר זָאל דֶערְצֵיילְן וֶוער עֶס הָאט אִיהם גֶעהָאלְפְן

אויפהאלטן די ישיבה. רבי משה האט גענומען אלץ אויף די אייגענע פלייצעס. ער האט געזאגט, אז ער האט די קינדער פארשלעפט פון זייערע היימען, קעגן דעם ווילן פון די עלטערן; ער האט זיי ארויסגע׳גנב׳עט. און געלט אויף צו אויסהאלטן די קינדער האט ער אויסגעבעטלט פון מענטשן, וואס האבן נישט געוואוסט אויף וואס זיי גיבן.

די פארביסענע נ.ק.וו.ד.־לייט האבן מיט שפאט און מיט רציחה געוואלדן איהם געגעבן צו וויסן, אז דאס איז אוממעגליך; אז ער אליין האט דאס אלץ נישט געקענט דורכפירן. האבן זיי איהם געפייניגט — און זיי האבן אין זייערע קעלערן אלע ערליי כלי־משחית און שוידערליכע מיטלען מיט וואס צו צוברעכן דעם מענטשן און אויסזויגן דעם לעצטן טראפן פון מוט. זיי האבן געוואלט ער זאל נאר איבערגעבן עטליכע נעמען פון אונטערשטיצער, וועט מען איהם געבן א לייכטע שטראף פאר זיין גרויסן ״פארברעכן״. און לערנען מיט די קינדער די הייליגע תורה איז די גרעסטע זינד אין די אויגן פון דער קאמאניסטישער מאכט,

וַוייל דָאס מֵיינְט "קָאנְטֶערְרֶעוָואלוּצְיֶע": עֶר לֶערְנְט דִי קִינְדֶער מֶען זָאל אַרָאפְּוַואַרְפְן דִי בָּאלְשֶׁעוִוסְטִישֶׁע הֶערְשַׁאפְט! — אוּן אַזוֹי הָאט מֶען טַאקֶע פַארְשְׁרִיבְן רַבִּי מֹשֶׁה'ס "זִינְד" אִין זַיין פְּרָאטָאקָאל.

רַבִּי מֹשֶׁה הָאט זִיךְ אָבֶער נִישְׁט אוּנְטֶערְגֶעגֶעבְן. עֶר הָאט נִישְׁט דֶערְמַאנְט קֵיין אֵיין נָאמֶען פוּן דִי וָואס הָאבְּן אִיהם גֶעהָאלְפְן פִירְן דִי יְשִׁיבָה. אוֹיךְ דִי דְרַייצְן יֶערִיגֶע תַּלְמִידִים הָאבְּן זִיךְ גֶעהַאלְטְן פֶעסְט. זֵיי הָאבְּן גֶעלֵייקֶנְט "שְׁטֵיין אוּן בֵּיין": זֵיי קֶענֶען אִיהם אֲפִילוּ נִישְׁט. נָאךְ אִין דִי "גוּטֶע" צַייטְן, פַאר זֵייעֶר אַרֶעסְט, הָאבְּן דִי תַּלְמִידִים שׁוֹין גֶעהַאט אוֹיסְגֶעאַרְבֶּעט פְּלֶענֶער וְוִי צוּ הַאלְטְן זִיךְ אוּן וָואס צוּ זָאגְן טָאמֶער מֶען וֶועט זֵיי חָלִילָה אַרֶעסְטִירְן.

וֶוען דִי לַאנְגֶע אוֹיסְמַאטֶערְנְדִיגֶע פָארְשׁוּנְגֶען הָאבְּן נִישְׁט גֶעהָאלְפְן, הָאט דִי נ.ק.וו.ד. זֵיי צוּזַאמֶענְגֶעבְּרַאכְט אוֹיג אוֹיף אוֹיג מִיט רַבִּי מֹשֶׁה'ן — אוּן זֵייעֶר הַארְצִיגֶער רֶבִּי הָאט זֵיי גֶעזָאגְט, אַז זֵיי זָאלְן נִישְׁט פְּרוּבְן מֶער "אַרוֹיסְצוּשְׁלֶעפְן" זֵייעֶר רֶבִּין פוּן דֶער צָרָה, וַוייל עֶס הָאט נִישְׁט קֵיין

צְוֶועק. עֶר אַלֵיין הָאט זִיךְ שׁוֹין "מוֹדֶה" גֶעוֶוען. טָא זָאלְן זֵיי נָאר נִישְׁט פַארְלִירְן דֶעם בִּטָחוֹן און... ווַייטֶער לֶערְנֶען וֶוען דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער וֶועט הֶעלְפְן — הָאט עֶר זֵיי אַרַיינְגֶעשֶׁעפְּטְשֶׁעט שְׁטִיל־שְׁטִיל.

אַזוֹי הָאט זִיךְ רַבִּי מֹשֶׁה גֶעזֶעגְנְט מִיט זַיינֶע אִין הַארְצְן־אַיינְגֶעבַּאקֶענֶע תַּלְמִידִים־קִינְדֶער. אוֹיף זַיין אוֹיסְגֶעבְּלֵייכְטְן, אוֹיסְגֶעלַייטֶערְטְן פָּנִים אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּם לֶעצְטְן מָאל אַ וַוארִימֶער פָּאטֶערְלִיכֶער שְׁמֵייכְל — און דִי מִילִיצְיָאנֶערְן הָאבְּן אִיהם צוּגֶענוּמֶען.

*

רַבִּי מֹשֶׁה אִיז גֶעוֶוען אַ אוֹיסְגֶעוַואלְגֶערְטֶער, אַ אָפְּגֶעשְׁוַואכְטֶער, נָאךְ פַאר זַיין אַרֶעסְט. אָבֶער מִסְתָּמֶא נִישְׁט דֶערְפַאר הָאט מֶען אִיהם פַאר'מִשְׁפָּט "בְּלוֹיז" אוֹיף צֶען יָאר טוּרְמֶע. בַּיי "זֵיי" הָאט מִיטְלַייד צוּ מֶענְטְשְׁן נִישְׁט גֶעשְׁפִּילְט קֵיין שׁוּם רָאלֶע (און אוֹיף "זֵייעֶרֶע" פִּירוּנְגֶען אִיז בִּכְלַל נִישְׁט שַׁיָּיךְ צוּ פְרֶעגְן קֵיין קוּשְׁיוֹת). מֶען הָאט אִיהם אַרַיינְגֶעזֶעצְט אִין אַ טוּרְמֶע־קַאמֶער,

וואו דָאס אֵיינְגְשַׁאפְּט אִיז גֶעוֶועֶן אַ גְרֶעסֶערֶע אָפְּקוּמֶענִיש ווִי אַלֶע אַנְדֶערֶע יְסוּרִים אִין דֶער תְּפִיסָה.

מֶען הָאט רַבִּי מֹשֶׁה'ן אַרֶעסְטִירְט אַ פָּאר חֳדָשִׁים פַאר פֶּסַח. אִין דֶער גְרוֹיסֶער קַאמֶער זַיינֶען גֶעוֶועֶן פַארְשְׁפַּארְט אוֹיךְ אַ צָאל אִידְן (דִי שְׁטָאט וואו מֶען הָאט אַיינְגֶעזֶעצְט אִיז גֶעוֶועֶן בַּאוואוֹינְט פוּן אַ סַאךְ אִידְן). צְווִישְׁן דִי אַרֶעסְטַאנְטְן זַיינֶען אוֹיךְ גֶעוֶועֶן גֶעמֵיינֶע פַארְבְּרֶעכֶער, גַנָבִים אוּן אוּנְטֶערְוֶועלְטְנִיקֶעס. דִי גוֹיאִישֶׁע אַרֶעסְטַאנְטְן פְלֶעגְן מַאטֶערְן אוּן שְׁלָאגְן דִי אִידִישֶׁע אַרֶעסְטִירְטֶע, אָבֶער צְווִישְׁן דִי אִידְן זַיינֶען אוֹיךְ גֶעוֶועֶן אַזֶעלְכֶע וָואס הָאבְּן גֶעקֶענְט דֶערְלַאנְגֶען צוּרִיק. פְלֶעגְט מֶען זִיךְ אָפְּט קְרִיגְן אוּן שֶׁעדִיגְן אֵיינֶע דִי אַנְדֶערֶע; אָבֶער עֶס פְלֶעגְט אוֹיךְ טְרֶעפְן, אַז מֶען אִיז גֶעוָוארְן "בְּרִידֶערְלִיךְ" צְווִישְׁן זִיךְ, אוּן מֶען פְלֶעגְט זִיךְ אֲפִילוּ טֵיילְן מִיט דִי בַּאקוּמֶענֶע פֶּעקְלַאךְ שְׁפַּייז — אוּן ווִידֶער דֶערְנָאךְ זִיךְ קְרִיגְן אוּן רַייסְן. דָאס עֶרְגְסְטֶע אִיז אָבֶער גֶעוֶועֶן, וֶוען עֶס פְלֶעגְט קוּמֶען אַ נַייעֶר אַרֶעסְטַאנְט. דִי בַּאנְדִיטְן פְלֶעגְן זִיךְ בַּאלְד נֶעמֶען צוּ זַיין "פֶּעקְל בֵּיינֶער", זִיךְ אַיינְטֵיילְן מִיט זַיינֶע קְלֵיידֶער אוּן מִיט זַיינֶע

שְׁפַּייזְן. און טָאמֶער הָאט דֶער נַייעֶר "אוֹרֵחַ" פְּרוּבִּירְט זִיךְ פַּארְקְלָאגְן פַאר די טוּרְמֶע בֶּעאַמְטֶע — פְלֶעגְט עֶר שׁוֹין בַּאקוּמֶען זַיין פָּארְצִיֶע קְלֶעפּ מִיט אַ "בְּרֵייטֶע הַאנְט".

אַז מֶען הָאט רַבִּי מֹשֶׁה'ן אַרַיינְגֶעפִירְט אִין קַאמֶער — הָאט מֶען נָאךְ זַיין בָּארְד נִישְׁט אָפְּגֶעשָׁארְן. הָאבְּן די "חֶבְרֶה" אוּנְטֶערְוֶועלְטְנִיקֶעס אִיהם בַּאקוּקְט מִיט גְרוֹיסֶע אוֹיגְן. דֶערְנָאךְ הָאבְּן זֵיי מִיט גְרָאבֶּע גֶעלֶעכְטֶערְס גֶענוּמֶען אִיהם "בַּאטַאפְּן" די בָּארְד מִיט אַזַא כֹּחַ, אַז אִיבֶּער דֶעם שְׁמוּצִיגְן גְרוֹיעֶן דִיל הָאבְּן זִיךְ שְׁפֶּעטֶער גֶעוַואלְגֶערְט אַ סַאךְ אֵיינְצִיגֶע שְׁוַוארְצֶע פָּאדִים־הֶערַאלַאךְ פוּן רַבִּי מֹשֶׁה'ס בָּארְד.

אָבֶּער רַבִּי מֹשֶׁה הָאט גֶעשְׁוִויגְן. עֶר הָאט בְּלוֹיז גֶעגֶעבְּן אַ טִיפְן זִיפְץ, אַזַא זִיפְץ וָואס קוּמְט נִישְׁט אַזוֹי פוּן קֶערְפֶּערְלִיכְן וֵוייטָאג, וִוי פוּן אַ טִיפְן הַארְצִיגְן פַארְדְרוּס. הָאבְּן אַ פָּאר אִידִישֶׁע חֶבְרֶה־לַייט זִיךְ גֶענוּמֶען אָפְּרוּקְן אִין אַ זַייט. אֵיינִיגֶע הָאבְּן גֶענוּמֶען אַרָאפְּצִיהֶען רַבִּי מֹשֶׁה'ס אוֹיבֶּער־בְּגָדִים. און ווידֶער הָאט רַבִּי מֹשֶׁה גֶעשְׁוִויגְן. עֶר הָאט נָאר גֶעקוּקְט דוּרְכְן אֵיינְצִיגְן

פַּארְגְרַאטֶעוֶועטְן פֶּענְסְטֶערְל צוּ דֶעם דְרוֹיסְנְדִיגְן הִימְל.

אַ פָּאר פוּן דִי ווִילְדֶע יוּנְגֶען הָאבְּן נָאךְ גֶעהִירְזְשֶׁעט מִיט אַ גֶעצְווּאוּנְגֶענֶעם גֶעלֶעכְטֶער: ״אַ גַייסְטְלִיכֶער אִיז עֶר... אַ הֵיילִיגֶער, הַא? כַּא־כַּא־כַּא!״. אָבֶער זֵיי הָאבְּן אִיהם מֶער נִישְׁט גֶעטְשֶׁעפֶּעט. זֵיי הָאבְּן אִיהם אֲפִילוּ צוּרִיקְגֶעוָוארְפְן זַיינֶע קְלֵיידֶער. בְּלוֹיז אַ פָּאר גָאר הוּנְגֶערִיגֶע גַנָבִים הָאבְּן זִיךְ גֶענוּמֶען צוּם פֶּעקְל וָואס רַבִּי מֹשֶׁה הָאט מִיטְגֶעבְּרַאכְט. אָבֶער ווִידֶער הָאט רַבִּי מֹשֶׁה נִישְׁט רֶעאַגִירְט. עֶר הָאט אוֹיף זֵיי גֶעקוּקְט מִיט פַּייכְטֶע אוֹיגְן. מִיט אַ מִין מִיטְלַייד, רַחְמָנוּת אוּן גֶעבֶּעט, פּוּנְקְט ווִי זֵייעֶר גַאנְצֶער טְשֶׁעפֶּען אִיהם רוּפְט בַּיי אִיהם נִישְׁט אַרוֹיס קֵיין שׁוּם בְּרוֹגֶז, נָאר בְּלוֹיז מִיט אַ גֶעפִיל פוּן רַחְמָנוּת.

עֶס זַיינֶען אַוֶועק טֶעג אוּן וָואכְן. דִי מֶערְסְטֶע אִידִישֶׁע אַרֶעסְטַאנְטְן הָאבְּן רַבִּי מֹשֶׁה׳ן בִּיסְלֶעכְוַוייז לִיבּ בַּאקוּמֶען, ווִי עֶר וָואלְט גֶעוֶוען אַ עֶלְטֶערֶער פְרַיינְד אָדֶער אַ קָרוֹב. אֲפִילוּ דִי גוֹיאִישֶׁע אַרֶעסְטַאנְטְן הָאבְּן אִיהם גֶענוּמֶען פַּארְהֶערְלִיכְן. עֶס אִיז דֶערְגַאנְגֶען דֶערְצוּ, אַז זֵיי הָאבְּן אִין זֵייעֶרֶע

סְכְסוּכִים אוּן קְרִיגֶערַייעֶן זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּ רַבִּי מֹשֶׁה׳ן נָאךְ אַ עֵצָה אוּן אִיהם בַּאטְרַאכְט ווִי אַ עֶרְלִיכְן רִיכְטֶער. אִין אוּמֶעטִיגֶע מָאמֶענְטְן הָאבְּן זֵיי אִיהם גֶעבֶּעטְן עֶר זָאל זֵיי מוּנְטֶערְן, זִינְגֶען פַּאר זֵיי אַ הַארְצִיגְן נִיגוּן, אָט פּוּנְקְט אַזוֹי ווִי עֶר פְּלֶעגְט שְׁטִילֶערְהֵייט פַּאר זִיךְ אַלֵיין אוֹיסְבְּרוּמֶען הַארְצִיג דִי וֶוערְטֶער פוּן דַאוְונֶען יֶעדְן פְרִימָארְגְן. אַנְדֶערֶע הָאבְּן אִיהם אֲפִילוּ גֶעבֶּעטְן עֶר זָאל תְּפִילָה טְהוּן פַּאר זֵיי. דֶערְפַּאר הָאבְּן פִיל פוּן זֵיי גֶעגֶעבְּן רַבִּי מֹשֶׁה׳ן זֵייעֶרֶע פָּארְצִיֶעס בְּרוֹיט אַנְשְׁטָאט זַיינֶע פָּארְצִיֶעס טְרֵיפָה זוּפּ; אוּן אַז עֶר הָאט בַּאקוּמֶען פוּן דֶער הֵיים אַ פֶּעקְל שְׁפַּייז — הָאבְּן זֵיי נִישְׁט גֶעוָואלְט זִיךְ צוּרִירְן דֶערְצוּ, כָאטְשׁ עֶר אַלֵיין הָאט עֶס זֵיי פָארְגֶעלֵייגְט. גֶעוֶוען אַ פָּאר גֶעטְרַייעֶ ״חֲסִידִים״ וָואס הָאבְּן רַבִּי מֹשֶׁה׳ן גֶענוּמֶען צוּשַׁארְן פוּן דֶעם עֶסְנֲווארְג וָואס זֵיי הָאבְּן גֶעקְרָאגְן — אוּן זֵיי הָאבְּן שׁוֹין גוּט גֶעוואוּסְט וֶועלְכֶע מַאֲכָלִים עֶר מֶעג עֶסְן אוּן וָואס עֶר טָאר נִישְׁט פַּארְזוּכְן.

*

אִין דִי טֶעג פוּן עֶרֶב פֶּסַח, אִיז רַבִּי מֹשֶׁה גֶעוָוארְן זֵייעֶר אוּמְרוּהִיג. עֶר הָאט גֶעהוּנְגֶערְט אַלֶע

טֶעג זַיינֶע אִין טוּרְמֶע, אַבִּי נִישְׁט צוּ פַארְזוּכְן קֵיין טְרֵיפָה שְׁפַּייז. ווִי וֶועט עֶר חָלִילָה עֶסְן חָמֵץ אִין פֶּסַח?! מֶען גִיט נִישְׁט אִין טוּרְמֶע קֵיין שׁוּם עֶסְנְוַוארְג וָואס זָאל נִישְׁט זַיין חָמֵצ׳דִיג. דִי הָאפֶענוּנְג, אַז מֶען וֶועט אִיהם שִׁיקְן מַצָה פוּן דֶער הֵיים, אִיז אוֹיסְגֶערוּנֶען. עֶס אִיז מַמֶשׁ עֶרֶב פֶּסַח אוּן קֵיין מַצוֹת זַיינֶען נִישְׁטָא. (דִי מִשְׁפָּחָה הָאט יָא גֶעשִׁיקְט פֶּסַח׳דִיגֶע שְׁפַּייז, אָבֶער דִי פִּירֶער פוּן דֶער טוּרְמֶע הָאבְּן עֶס אִיהם אָפְּגֶעגֶעבְּן אַ וָואךְ נָאךְ פֶּסַח).

דִי אַרֶעסְטַאנְטְן הָאבְּן גֶענוּמֶען צוּשְׁטֵיין צוּ רַבִּי מֹשֶׁה׳ן, עֶר זָאל זֵיי זָאגְן וָואס אִיהם דְרִיקְט אַזוֹי שְׁטַארְק. אֵיינֶער אַ אִידִישֶׁער יוּנְג, מִיט בְּרֵייטֶע פְּלֵייצֶעס אוּן הֶענְט ווִי אַייזֶערְנֶע שְׁטַאנְגֶען, הָאט זִיךְ בַּאזוּנְדֶערְס צוּגֶעקְלֶעפְּט צוּ רַבִּי מֹשֶׁה׳ן. עֶר הָאט אַזוֹי פִיהל דֶערְקוּטְשֶׁעט דֶעם "רַאבִּין" (רָב), בִּיז עֶר הָאט זִיךְ דֶערְווּאוּסְט דִי סִיבָּה: רַבִּי מֹשֶׁה וֶועט נִישְׁט עֶסְן קֵיין בְּרוֹיט דִי גַאנְצֶע קוּמֶענְדִיגֶע אַכְט טֶעג.

דֶער דָאזִיגֶער יוּנְג הָאט עֶס דֶערְצֵיילְט דִי אַנְדֶערֶע אַרֶעסְטַאנְטְן. אִיז גֶעוָוארְן פְּלוּצִים שְׁטִיל

אין קאַמער. זיי האָבן אַלע גענומען שושקען צווישן זיך. פאַרנאַכט האָט דער יונג צוגעטראָגן רבי משה'ן זעכצן שטיקלאַך צוקער. מען האָט געגנישטערט אין די פאַרבאַרגענע זעקלאַך שפּייז און יעדן סאָרט עסנוואַרג געוויזן דעם יונג. דער יונג ווידער האָט עס געוויזן רבי משה'ן און געפרעגט, צו עס איז "גוט" פאַר פּסח. אָבער פון אַלע נעבאַכדיגע "זאַפּאַסן" האָט מען צונויפגעשאַרט בלויז זעכצן שטיקלאַך צוקער. און רבי משה האָט זיי געמוזט צונעמען, ווייל דער יונג האָט זיך געשוווירן אַז אויב רבי משה וועט נישט נעמען, וועט ער אָפּטהון עפּעס אַזוינס, וואָס רבי משה וועט דערפון האָבן גרויס פאַרדרוס.

די נאַכט פון פּסח איז אָנגעקומען, די נאַכט ווען די אידן ריכטן אָפּ דעם סדר מיט אַזוי פיהל פייערליכקייט און פרייד. ווען דער וועכטער פון דער טורמע האָט דורכגעפירט די לעצטע אינספּעקציע און געזען, אַז אַלע אַרעסטאַנטן "שלאָפן" שוין אין דעם קאַמער, האָבן זיך די געטרייע פריינד פון רבי משה זיך גענומען צו דער אַרבעט. זיי האָבן קונציג פאַרהאַנגען דאָס

אֵיינְצִיגֶע פֶּענְסְטֶערְל, פוּן עֶרְגֶעץ אוֹיסְגֶעקְרַאצְט אַ שְׁטִיקֶעלֶע לִיכְט, מִיט שְׁטָאל אוּן וַואטֶע אוֹיסְגֶעקְלַאפְּט אַ פַייעֶר פוּנְק אוּן אָנְגֶעצוּנְדְן דָאס לִיכְטְל. רַבִּי מֹשֶׁה אִיז גֶעזֶעסְן אִין ווִינְקְל, אוֹיף דֶער הִילְצֶענֶער שְׁלָאף־בַּאנְק, מִיט רוֹיטֶע אוּן פַייכְטֶע אוֹיגְן. עֶר הָאט נִישְׁט גֶעוֵויינְט אוֹיפְן קוֹל. דָאס הַארְץ הָאט עֶפֶּעס אַזוֹי גֶערוֹישְׁט אוּן אִין דִי אוֹיגְן הָאבְּן דִי טְרֶערְן גֶעהִיצְט, גֶעבְּרִיהט — צוּ פוּן דֶעם קְלֵיינִינְקְן פְּלֶעמְל, אָדֶער פוּן דִי פִינְקְלְדִיגֶע אוּן צוּגֶעשְׁמִידְטֶע בְּלִיקְן פוּן אָט דִי אַלֶע וָואס שְׁטֵייעֶן אַרוּם אִיהם...

כִּמְעַט אַלֶע אַרֶעסְטַאנְטְן זַיינֶען גֶעוֶוען אַרוּמְגֶעזַאמְלְט אַרוּם רַבִּי מֹשֶׁה׳ן. אֲפִילוּ דִי גוֹיִם זַיינֶען גֶעשְׁטַאנֶען מִיט עֶרְנְסְטֶע פֶּנִימֶער. קֵיינֶער פוּן זֵיי הָאט זִיךְ נִישְׁט גֶעלֵייגְט שְׁלָאפְן. אוֹיגְן, אוֹיגְן אוּן אוֹיגְן הָאט רַבִּי מֹשֶׁה פַאר זִיךְ גֶעזֶען; אוֹיגְן עֶפֶּעס נַייעֶ, אוּן — אוֹיךְ ״אַלְטֶע״ אוֹיגְן מִיט דִי גוּט בַּאקַאנְטֶע אִידִישֶׁע פְלֶעמֶעלַאךְ אִין זֵיי, מִיטְן הַארְצִיגְן אִידִישְׁן טְרוֹיעֶר אוּן מִיט עַקְשָׁנוּת׳דִיגְן שְׁטָאלְץ טִיף אִין זֵיי.

רַבִּי מֹשֶׁה הָאט גֶעפְּרַאוֶועט דֶעם ״סֵדֶר״. אַזוֹי

האבן געװאָלט די עטליכע אידן, װאָס געדײנקען די שײנע "סדרים" פון זײער קינדהײט. נישטאָ קײן װײן, קײן מצות, קײן חרוסת — גאָרנישט! נאָר בלױז עטליכע שטיקלאך צוקער און אַ גלאָז קאַלטע טײ — און דאָך װילן זײ אַ "סדר". זײ װילן הערן דעם ניגון פון "סדר", זײ װילן הערן רבי משה׳ס זיסע און געשמאַקע שטימע, װי ער זאָגט די דערמוטיקנדיגע װערטער פון דער הגדה. האָט רבי משה געבעטן דעם אױבערשטן אײן זאַך: זאָל זײַן קול נישט װערן דערשטיקט װען ער װעט זאָגן דעם קידוש און די הגדה.

רבי משה האָט נישט געטראַכט װעגן דעם דין, צו מען מעג מאַכן קידוש אױף אַ גלאָז קאַלטן טײ. ער האָט זיך אױפגעשטעלט, גענומען די גלאָז אין האַנט, פאַרמאַכט די אױגן און אָנגעהױבן זאָגן די װערטער פון קידוש. אין אָנהױב האָט ער געזאָגט שטיל, מיט פאַרדריקטע ליפּן, אָבער ביסלאַכװײַז איז דער קול געװאָרן העכער און פײערליכער. די דרײַ שטיקלאַך צוקער זײַנען געלעגן אײנע אױף די אַנדערע, "גלײַך" װי זײ װאָלטן געװען דרײַ מצות — און װען ער האָט הױך, אױף אידיש, געפרעגט די פיר קושיות, האָבן

די רִיטְשְׁקֶעלֶעךְ טְרֶערְן דוּרְכְגֶעוֵייקְט די דְרַיי שְׁטִיקְלַאךְ צוּקֶער. גֶעזַאלְצֶענֶע, בִּיטֶערֶע זַיינֶען זֵיי גֶעוָוארְן (אוּן מִסְתָּמָא הָאט רַבִּי מֹשֶׁה שְׁפֶּעטֶער אִין זִינֶען גֶעהַאט צוּ יוֹצֵא זַיין מִיטְן צוּקֶער אוֹיךְ דֶעם כַּזַיִת "מָרוֹר"...). דֶערְנָאךְ הָאט רַבִּי מֹשֶׁה גֶעזָאגְט די הַגָדָה. עֶר הָאט גֶעזָאגְט מִיט אַ נִיגוּן, צוּצוֹיגְן, זִיךְ אָפְּט וִוי פַארְכְלִינִיעֶט אוּן זַיין שְׁטִימֶע הָאט גֶעצִיטֶערְט — אוּן וַוייטֶער גֶעזָאגְט: "מַעֲשֶׂה בְּרַבִּי אֱלִיעֶזֶר... לְפִיכָךְ אֲנַחְנוּ חַיָבִים לְהוֹדוֹת... אֲשֶׁר גְאָלָנוּ וְגָאַל..." אַלֶע אַרוּם זַיינֶען גֶעשְׁטַאנֶען אַזוֹי שְׁטִיל, אַז עֶס הָאט זִיךְ גֶעדוּכְט וִוי זֵיי וָואלְטְן אֲפִילוּ דֶעם אָטֶעם פַארְשְׁטִילְט אִין זִיךְ. דָאס לִיכְטֶעלֶע הָאט גֶעצַאנְקְט, גֶעוָוארְפְן לֶעצְטֶע פְלֶעמֶעלַאךְ אִין דֶער הוֹיךְ אוּן מִיט אַ שְׁטִילְן צַאפְּלְדִיגְן פְלִיסְטֶער, וִוי אָפְּגֶעהַאקְט אִין מִיטְן זִיפְצְן, זִיךְ אוֹיסְגֶעלָאשְׁן.

אוּן אָט־דֶער אָנְקוּם פוּן דֶער גֶעדִיכְטֶער פִינְסְטֶערְנִישׁ הָאט בַּיי אַלֶעמֶען אַרוֹיסְגֶערִיסְן אַ "אוֹי" פוּן די לִיפְּן. רַבִּי מֹשֶׁה׳ס קוֹל אִיז גֶעוָוארְן פְרַייעֶר, הֶעכֶער אוּן הַארְצִיגֶער וִוי פְרִיעֶר. אוּן אוֹיךְ די צוּהֶערֶער הָאבְּן זִיךְ דֶערְפִילְט פְרַייעֶר. עֶס הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבְּן שְׁטִיל, אַיינְגֶעהַאלְטְן אוּן גֶעצַאמְט

— אָבֶער וָואס ווײטֶער איז גֶעוָוארְן אַלְץ בְּרויזיגֶער. פְרִיעֶר הָאט זיך אֵײנֶער צוכְלִיפֶּעט און גֶעפְּרוּבְט פַארְשְׁטֶעלְן דָאס מויל מִיט אַ הַאנְט: אַ צְוֵויטֶער הָאט גֶענוּמֶען הֶעשֶׁען הֵײזֶערִיג; און אַ דְרִיטֶער הָאט זיך צוּוֵײנְט ווי אַ קִינְד. די הַארְטֶע, פַארְשְׁטַײפְטֶע און פַארְגְרֶעבְּטֶע אַרֶעסְטַאנְטְן — וָואס הָאבְּן בַּיי די שְׁוֶוערְסְטֶע פַּײנִיגוּנְגֶען קֵײן טְרֶער נִישְׁט אַרויסְגֶעלָאזְט — הָאבְּן פון רַבִּי משֶׁה׳ס וֶוערְטֶער, פון זַיין הַלֵל־גֶעזַאנְג, גֶעוֵוײנְט ווִי קְלֵײנֶע קִינְדֶער.

נָאך עֶטְלִיכֶע שְׁטִיקְלַאך צוּקֶער זַײנֶען צוּגֶעקוּמֶען אִין רַבִּי משֶׁה׳ס פֶּסַח׳דִיגֶער ״בַּאגַאזְשׁ״ און מִיט די פָּאר צֶענְדְלִיג שְׁטִיקְלַאך צוּקֶער הָאט רַבִּי משֶׁה זיך גֶעשְׁפַּײזְט אַ גַאנְצְן פֶּסַח. די גַאנְצֶע אַכְט טֶעג הָאבְּן די אַרֶעסְטַאנְטְן פון אִיהם קֵײן אויג נִישְׁט אַרָאפְּגֶעלָאזְן. זֵיי הָאבְּן אִיבֶער אִיהם גֶעוַואכְט ווִי אִיבֶער אַ טַײעֶרְן אוֹצָר און וָואס אַ טָאג שְׁפֶּעטֶער איז עֶר בַּיי זֵיי גֶעוָוארְן מֶער פַארְהֵײלִיגְט; און נִישְׁט אֵײנֶעם פון די אִידִישֶׁע אַרֶעסְטַאנְטְן הָאט רַבִּי משֶׁה יֶענֶעם פֶּסַח גֶעהָאלְפְן צוּ בַּאפְרַײעֶן זיך אַבִּיסְל פון זֵײעֶר מִצְרַיִם־זוּמְפּ, און זיך דֶערְנֶענְטֶערְן מֶער צוּ אִידִישְׁקַײט.

## פֶּערְטֶער קַאפִּיטְל: אֵלִיָּהוּ הַנָּבִיא

אֵלִיָּהוּ הַנָּבִיא׳ס כּוֹס

״אֵלִיָּהוּ הַנָּבִיא״

גִילוּי אֵלִיָּהוּ

אַ אוֹרֵחַ אוֹיף פֶּסַח

״מִמִּצְרַיִם וְעַד הֵנָּה וְשָׁם נֶאֱמַר״

# אֵלִיָהוּ הַנָבִיא׳ס כּוֹס

אִין אַ קְלֵיין שְׁטֶעטְל הָאט אַמָאל גֶעוואוֹינְט אַ עֶרְלִיכֶער אִיד, אָבֶּער אַ גְרוֹיסֶער אָרִימַאן. זַיין פַּרְנָסָה הָאט עֶר גֶעצוֹיגְן דֶערְפוּן וָואס עֶר פְלֶעגְט אַרוֹיסְגֵיין אִין וַואלְד אוּן אָנְהַאקְן טְרוּקֶענֶע צְוַוייגְן, וֶועלְכֶע עֶר פְלֶעגְט בִּינְדְן אִין בִּינְטְלַאךְ אוּן בְּרֵיינְגֶען אוֹיף אַ הַאנְט־וֶועגֶעלֶע אִין שְׁטֶעטְל צוּ פַארְקוֹיפְן. דָאס רוֹב פַּרְנָסָה פְלֶעגְט עֶר הָאבְּן ווִינְטֶער, וֶוען זַיינֶע טְרוּקֶענֶע צְוַוייגֶעלֶעךְ פְלֶעגְן אַיינְהֵייצְן פִיל אוֹיוְונְס אִין שְׁטֶעטְל. פַאר דֶער ווִינְטֶערְדִיגֶער צַייט הָאט עֶר גֶעהַאט אַ שְׁלִיטֶעלֶע, וָואס הָאט זִיךְ גְלַייךְ גֶעגְלִיטְשְׁט אוֹיפְן שְׁנֵיי.

אָבֶּער יֶענֶער ווִינְטֶער אִיז גֶעוֶועזְן זֵייעֶר אַ שְׁוֶוערֶער. עֶס הָאט גֶעשְׁנֵייט אָן אוֹיפְהֶער אוּן שְׁטַארְקֶע זַאוֶוערוּכֶעס הָאבְּן פַארְשָׁאטְן דִי וֶועגְן אִין דִי גַאסְן מִיט אַ גֶעדִיכְטְן שְׁנֵיי, אַז מֶען הָאט

פון שְטוּב נישְט געקענְט אַרויסְגײן. און װען דער פְּרָאסְט האט זיך אַרײנגעכַאפְּט אין שְטוּב און מען האט געדַארְפְט אַרויסְגײן אַײנְקויפְן האלְץ און שְפּענער, זַײנען געװען אָנגעפָארְן גְרויסע פויערְשע שְלִיטְנְס אָנגעפַּאקְט מִיט האלְץ, און זײ האבְן צוגענומען די גַאנְצע פַּרְנָסָה פון חַיִים׳ען דעם האלְץ־האַקער, װי מען האט איהם אין שְטעטְל גערופְן.

און אַט האט זיך דערְנעטערְט דער לִיבער יום־טוב פֶּסַח און בַּײ חַיִים׳ען אין שְטוּב איז קײן פְּרוּטָה נישְט געװען, נישְט אויף מַצָה, און נישְט אויף אַרְבַּע כּוֹסוֹת, שוין אָפְּגערעדְט װעגְן פִיש און פְלײש, װי עס פַּאסְט פַאר אַזַא טײערְן יום טוב װי פֶּסַח.

— װאס װעט זײן װעגְן פֶּסַח? — האט חַיִים׳ס װײב כְּסֵדֶר געמאנְט.

— דער אויבערְשטער װעט העלְפְן — האט חַיִים געענְטפערְט מִיט אַ טיפְן זִיפְץ, און פְלעגְט זיך אוּמְקערְן צו זײן תְהִילִים־זָאגְן. קײן גְרויסער לַמְדָן איז ער נישְט געװען, פְלעגְט ער האלְטְן אין

אֵיין זָאגְן תְּהִילִים.

— פוּן זִיפְּצְן וֶועט נִישְׁט וֶוערְן קֵיין מַצָּה אוּן קֵיין וַויין, אוּן אֲפִילוּ נִישְׁט קֵיין קַארְטָאפְל — הָאט דָאס וַוייבּ אִיהם בִּיטֶער אוֹיפְגֶעוָוארְפְן.

— אִיז וָואס אַ שְׁטֵייגֶער, זָאל אִיךְ טְהוּן? — הָאט חַיִים זִיךְ גֶעבֶּעטְן בַּיי אִיהר.

— וָואס טְהוּעֶן אַנְדֶערֶע אָרִימֶעלַייט? גֶעלוֹיבְּט דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער, עֶס אִיז דָא אַ מָעוֹת־חִטִים אִין שְׁטֶעטְל, דֶער גַבַּאי וֶועט דִיר נִישְׁט אַנְטְזַאגְן.

חַיִים׳עְן הָאט פַארְקְוֶועטְשְׁט דָאס הַארְץ. אַלֶע יָאהר פְלֶעגְט עֶר גֶעבְּן זַיין חֵלֶק פַאר מָעוֹת־חִטִים, קֵיין סַאךְ הָאט עֶר טַאקֶע נִישְׁט גֶעקֶענְט גֶעבְּן, אָבֶּער דָאךְ הָאט עֶר גֶעפִיהלְט, אַז עֶר הָאט אַ חֵלֶק אִין דֶער גְרוֹיסֶער מִצְוָה, אוּן אִיצְט גֵיי אוּן בֶּעט גָאר אַ נְדָבָה פוּן "מָעוֹת חִטִים"!

— וָואס שְׁוַוייגְסְטוּ, חַיִים?

— פוּן צְדָקָה וֶועל אִיךְ נִישְׁט נֶעמֶען! — הָאט חַיִים שַׁארְף גֶעעֶנְטְפֶערְט.

— מִיט דַיין שְׁטָאלְצְקַייט וֶועלְן מִיר קֵיין סֵדֶר נִישְׁט קֶענֶען פְּרַאוֶועון — הָאט אִיהם דָאס וַוייבּ ווידֶער אוֹיפְגֶעוָוארְפְן.

חַיִים הָאט גֶעוואוּסְט, אַז זַיין וַוייבּ אִיז גֶערֶעכְט, אָבֶער עֶר הָאט בַּיי זִיךְ בְּשׁוּם אוֹפֶן נִישְׁט גֶעקֶענְט פּוֹעֵל׳ן צוּ גֵיין בֶּעטְן הִילְף אוֹיף פֶּסַח פוּן מָעוֹת חִטִים.

— אֶפְשָׁר קֶען מֶען נָאךְ עֶפֶּעס גֶעפִינֶען אִין שְׁטוּבּ וָואס צוּ פַארְקוֹיפְן אָדֶער פַארְזֶעצְן? — הָאט חַיִים גֶעפְרֶעגְט.

דָאס וַוייבּ הָאט זִיךְ בִּיטֶער צוּלַאכְט.

— דִי זִילְבֶּערְנֶע לַייכְטֶער הָאבְּן מִיר שׁוֹין לַאנְג פַארְזֶעצְט, דִי קִישְׁנְס שׁוֹין פַארְקוֹיפְט, אוּן אֲפִילוּ דִי פֶּערֶענֶעס זַיינֶען כִּמְעַט ווִי אוֹיסְגֶעלֵיידִיקְט פוּן פֶעדֶערְן, דִי אֵיינְצִיקֶע זַאךְ וָואס עֶס אִיז נָאךְ גֶעבְּלִיבְּן צוּ פַארְזֶעצְן אִיז דֶער דַלוּת אַלֵיין, אָבֶער קֵיין בַּעֲלָנִים אוֹיף דֶעם וֶועסְטוּ נִישְׁט גֶעפִינֶען.

אוּן זִי הָאט זִיךְ צוּכְלִיפֶּעט מִיט בִּיטֶערֶע טְרֶערְן.

חַיִים הָאט גֶעזוּכְט אַ טְרֵייסְט אִין דִי הֵיילִיגֶע פְּסוּקִים פוּן תְּהִילִים.

דָאס וַוייבּ הָאט נִישְׁט אָפְּגֶעלָאזְט.

— חַיִים — הָאט זִי שְׁטִילֶערְהֵייט אַ זָאג גֶעטְהוּן, — מִיר הָאבְּן נָאךְ דֶעם זִילְבֶּערְנֶעם בֶּעכֶער, דֶעם כּוֹס פוּן אֵלִיָהוּ הַנָבִיא. אֶפְשֶׁר... זָאלְסְטוּ אִיהם פַאר׳מַשְׁכּוֹן׳עֶן אוּן גֶעבְּן הָאנְט־גֶעלְט אוֹיף מַצָה אוּן וַויין אוּן קַארְטָאפְל?

חַיִים מִיט זַיין תְּמִימוּת אִיז אוֹיפְגֶעצִיטֶערְט גֶעוָוארְן.

— וָואס רֶעדְסְטוּ? אֵלִיָהוּ הַנָבִיא׳ס כּוֹס צוּ פַארְזֶעצְן? אוּן וָואס פַאר אַ פָּנִים וֶועט בַּיי אוּנְז הָאבְּן דֶער סֵדֶר אָן אֵלִיָהוּ הַנָבִיא?.

— נִשְׁקָשֶׁה, אֵלִיָהוּ הַנָבִיא וֶועט נִישְׁט בְּרוֹגֶז וֶוערְן: עֶר וֶועט צוּ אוּנְז קוּמֶען וִוי עֶר קוּמְט צוּ אַלֶע אִידְן צוּם סֵדֶר — הָאט דָאס וַוייבּ נִישְׁט אָפְּגֶעלָאזְט.

— שְׁטֶעל זִיךְ פָאר, אָט קוּמְט עֶר אַרַיין צוּ

אונז — און זײַן כּוס איז נישטאָ! נײן, איך װעל אליהו הנביא'ן נישט לאָזן פאַרשעמען.

— אליהו הנביא װעט נישט פאַראיבל האָבן: ער װעט פאַרשטײן...

— שלאָג זיך אַרויס דעם געדאַנק פון קאָפּ! איך װעל צום סדר אָן אליהו הנביא'ס כּוס נישט גײן. דער אױבערשטער װעט העלפן אויף אַ אַנדער אופן — האָט חיים געענטפערט און זיך װידער גענומען צום זאָגן תּהילים. מיט אַמאָל האָט ער זיך אַ כאַפּ געטהון: די ציג!

— בריינע — רופט זיך חיים אָפּ צו זײַן װײַב שטילערהײט, װי ער װאָלט מורא געהאַט די ציג זאָל נישט דערהערן — אפשר װעלן מיר פאַרקױפן די ציג?

— דו ביזט שוין גאָר משוגע געװאָרן! — האָט דאָס װײַב אויסגערופן אַ פאַרציטערטע, — דאָס איז דאָך אונזער גאַנצע פּרנסה איצט! דאָס ביסל מילך װאָס מיר האָבן פאַר די קינדערלאַך! נײן, דאָס װעל איך בשום אופן נישט דערלאָזן. אָבער אליהו הנביא'ס כּוס גיט נישט קײן מילך:

פַּארְקוֹיף שׁוֹין בֶּעסֶער דֶעם כּוֹס...

— חַס וְשָׁלוֹם! בְּשׁוּם אוֹפָן נִישְׁט! — הָאט חַיִים אוֹיסְגֶערוּפְן, און דֶערְמִיט הָאט זִיךְ דִי דִינְגֶענִיש גֶעעֶנְדִיגְט.

*

דִי נַאכְט פוּן עֶרֶב פֶּסַח אִיז גֶעקוּמֶען. חַיִים הָאט בּוֹדֵק חָמֵץ גֶעוֶוען, כָּאטְשׁ עֶס אִיז קֵיין חָמֵץ שׁוֹין נִישְׁט גֶעבְּלִיבְּן פוּן פְרִיעֶר. דֶערְנָאךְ אִיז עֶר אַוֶועק צוּם רָב פַּארְקוֹיפְן חָמֵץ. דֶער רָב הָאט אִיהם גֶעפְרֶעגְט וָואס פַאר אַ חָמֵץ עֶר הָאט צוּ פַּארְקוֹיפְן:

— אֶפְשֶׁר אִיז גֶעבְּלִיבְּן אַ בִּיסְל מֶעל?

— נֵיין, רֶבִּי.

— אֶפְשֶׁר גְרוֹיפְּן?

— נֵיין, רֶבִּי.

— חָמֵצ׳דִיגֶע טֶעפּ?

חַיִים הָאט זִיךְ דֶערְפְרֵייט.

— יָא, פַארַאן נָאךְ אַ פָּאר טֶעפְּלַאךְ.

דֶער רָב הָאט פַארְשְׁרִיבְּן חַיִים׳ס נָאמֶען אויף דֶעם שְׁטַר מְכִירָה, הָאט מְקַבֵּל קִנְיָן גֶעוֶוען, און דורְכְגֶעפִירְט די מְכִירַת־חָמֵץ כְּדַת וְכַדִין.

חַיִים איז גֶעבְּלִיבְּן שְׁטֵיין.

— אִיהר ווילְט עֶפֶּעס פְרֶעגְן, רַבִּי חַיִים ? — הָאט דֶער רָב צו אִיהם גֶעזָאגְט.

— יָא, רֶבִּי. אִיךְ הָאב אַ שְׁאֵלָה. קֶען מֶען יוֹצֵא זַיין די אַרְבַּע כוסות מִיט מִילְךְ ?

דֶער רָב הָאט גֶענומֶען גְלֶעטְן זַיין זִילְבֶּער וַוייסֶע בָּארְד און הָאט זיךְ פַארְטְרַאכְט. אַ איד פְרֶעגְט אַזַא שְׁאֵלָה, נֶעבַּאךְ. הֵייסְט דָאךְ, אַז עֶר הָאט נִישְׁט נָאר קֵיין וַויין נִישְׁט צום סֵדֶר נָאר אויךְ נִישְׁט אַ שְׁטִיקְל פְלֵייש, און אֶפְשֶׁר אויךְ נִישְׁט אַ שְׁטִיקְל פִישׁ ! און וֶוער וֵוייס צו עֶר הָאט גָאר אַ כַּזַיִת מַצָה ? אֶלָא וָואס דֶען ? אויב עֶר איז נֶעבַּאךְ אַזַא נִצְרָךְ, פַארְוָואס איז עֶר נִישְׁט גֶעקומֶען בֶּעטְן הִילְף פון "מָעות־חִטִים" ? איז דָאךְ דֶערְפון גֶעדְרונְגֶען, אַז דֶער איד וויל נִישְׁט נֶעמֶען קֵיין

צְדָקָה. מוּז מֶען גֶעפִינֶען אַ אַנְדֶער עֵצָה. הָאט עֶר זִיךְ עֶנְדְלִיךְ אָפְּגֶערוּפְן צוּ חַיִים׳עְן:

— רַבִּי חַיִים! דִי שְׁאֵלָה וָואס אִיהר הָאט גֶעפְרֶעגְט אִיז גָאר אַ הַארְבֶּע שְׁאֵלָה. מֶען דַארְף אִין דֶעם זִיךְ גוּט אַרַיינְטְרַאכְטְן, אוּן אִיצְט עֶרֶב־פֶּסַח אִיז מֶען פַארְנוּמֶען מִיט מְכִירַת־חָמֵץ אוּן הֲכָנוֹת צוּם הֵיילִיגְן יוֹם טוֹב, בְּמֵילָא, טְהוּט מִיר אַ טוֹבָה, רַבִּי חַיִים. אִיךְ וֶועל אַייךְ גֶעבְּן אַ הַלְוָאָה צוּ קוֹיפְן וַויין פַאר דִי סְדָרִים אוּן עֶפֶּעס נָאךְ וָואס מֶען דַארְף. וֶועלְן מִיר קֶענֶען אָפְּלֵייגְן דִי שְׁאֵלָה אוֹיף נָאךְ פֶּסַח. אוּן דֶערְוַוייל וֶועל אִיךְ הָאבְּן צַייט אַרַיינְטְרַאכְטְן אִין דֶער שְׁאֵלָה.

דֶערְבַּיי הָאט דֶער רָב אַרוֹיסְגֶענוּמֶען עֶטְלִיכֶע רוּבְּל פוּן טִישׁ־קֶעסְטְל אוּן הָאט גֶעגֶעבְּן חַיִים׳עְן דָאס גֶעלְד.

חַיִים הָאט זִיךְ גֶעקְוֶוינְקְלְט. אָבֶּער דֶער רָב הָאט זִיךְ בַּיי אִיהם גֶעבֶּעטְן:

— טְהוּט מִיר אַ טוֹבָה רַבִּי חַיִים. עֶס אִיז דָאךְ נִישְׁט מֶער וִוי אַ הַלְוָאָה, אוּן דָאס גֶעלְד לִיגְט דָאךְ בַּיי מִיר סַיי וִוי אִין טִישׁ קֶעסְטְל. אִיז זָאל עֶס זַיין

בַּיי אַייך דֶערְוַוייל, אוּן וֶוען אִיהר וֶועט קֶענֶען, וֶועט אִיהר מִיר אי״ה אָפְּגֶעבְּן צוּרִיק.

*

חַיִים הָאט גֶענוּמֶען דָאס גֶעלְד, אוּן אִיז בַּאלְד אַוֶועק אִין אוֹיוְון וואוּ מֶען הָאט גֶעבַּאקְן מַצָה.

שְׁפֶּעט בַּיינַאכְט אִיז חַיִים גֶעקוּמֶען אַהֵיים מִיט מַצָה אוּן וַויין.

— בְּרַיינֶע: גוּט יוֹם־טוֹב! — הָאט עֶר אוֹיסְגֶערוּפְן צוּ זַיין וַוייב, וָואס הָאט זִיךְ שׁוֹין גֶעלֵייגְט שְׁלָאפְן. אִין שְׁטוּב אִיז גֶעוֶוען פִינְסְטֶער.

— וָואס פַאר אַ יוֹם־טוֹב אוֹיף דִיר, חַיִים? קֶענְסְט זִיךְ שׁוֹין נִישְׁט דֶערְוַוארְטְן בִּיז מָארְגְן?

— אִיךְ פִיל זִיךְ שׁוֹין אִיצְט זֵייעֶר יוֹם־טוֹב׳דִיג! — הָאט חַיִים פְרֵיילַאךְ אוֹיסְגֶערוּפְן — גִיבּ נָאר אַ קוּק! מַצָה אוּן וַויין, אוּן אַ פָּאר רוּבְּל אוֹיף שְׁאָר יְרָקוֹת!

בְּרַיינֶע הָאט גֶעטְרַאכְט, אֶפְשֶׁר אִיז דֶער מַאן נֶעבַּאךְ טַאקֶע גֶערִירְט גֶעוָוארְן, אָדֶער עֶס חָלוֹם׳ט

זיךְ איהם אַ זיסֶער חָלוֹם. בַּאלְד הָאט זי זיךְ אָבֶער אִיבֶּערְצַייגְט, אַז דֶער מַאן אִיז שוֹין גָאר בַּיים קְלָארְן פַּארְשְׁטַאנְד. די מַצָּה אִיז גֶעוֶוען אֶמֶת׳ע, אוּן שוֹין דֶער גֶעשְׁמַאקֶער רֵיחַ פוּן די פְּרִישֶׁע מַצּוֹת הָאט זיךְ צוּגָאסְן אִיבֶּער אַלֶע גְלִידֶער! דֶער וַויין הָאט גֶעפִינְקֶלְט, אוּן די פָּאר רוּבְּל אִין הַאנְט אִיז אוֹיךְ נִישְׁט גֶעוֶוען קֵיין חָלוֹם.

— אִיךְ הָאב דִיר דָאךְ גֶעזָאגְט, אַז דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער וֶועט הֶעלְפְן, אוּן עֶר הָאט טַאקֶע נִישְׁט פַּארְלָאזְן! — הָאט רַבִּי חַיִים אִיהר גֶעזָאגְט, אוּן הָאט אִיהר דֶערְצֵיילְט די גַאנְצֶע מַעֲשֶׂה, אוּן פַארְעֶנְדִיקְט הָאט עֶר: — אָט זֶעסְטוּ, מִיר וֶועלְן אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם הָאבְּן אַ סֵדֶר כְּיַד־הַמֶלֶךְ, אוּן אֵלִיָהוּ הַנָבִיא׳ס כּוֹס אִיז גֶעבְּלִיבְּן גַאנְץ, אוּן אֲפִילוּ די צִיג אִיז אוֹיךְ גַאנְץ גֶעבְּלִיבְּן. מִיר הָאבְּן אַ גְרוֹיסְן גָ־ט אוּן אַ טַייעֶרְן פָּאטֶער אִין הִימְל!

*

חַיִים אוּן בְּרַיינֶע אוּן זֵייעֶרֶע קִינְדֶערְלַאךְ הָאבְּן נָאךְ אַזַא סֵדֶר אִין לֶעבְּן נִישְׁט גֶעהַאט. אוּן וֶוען בְּרַיינֶע אִיז גֶעגַאנְגֶען מִיט אַ בְּרֶענֶענְדִיקֶער לִיכְט

צו עֶפֶענֶען די טְהִיר צו "שְׁפוֹךְ חֲמָתְךָ" הָאט זיךְ בַּאוִויזְן אַ אַלְטֶער איד און הָאט גֶעזָאגְט "גוּט יוֹם־טוֹב".

צום עֶרְשְׁט הָאט זיךְ בְּרַיינֶע דֶערְשְׁרָאקְן. אָבֶער דֶערְהֶערְנְדִיג אַ לִיבְּלִיכְן און פְרַיינְטְלִיכְן "גוּט יוֹם־טוֹב", הָאט זי דֶעם אִידְן גֶעבֶּעטְן אַרַיינְקוּמֶען.

חַיִים הָאט דֶעם אִידְן דֶערְקֶענְט. עֶר הָאט אִיהם גֶעזֶען אִין בֵּית־מִדְרָשׁ צו מַעֲרִיב. קֶענְטִיג אַ דוּרְכְגֵייעֶר, וֶועלְכֶער הָאט זיךְ פַארְוַואלְגֶערְט אִין שְׁטֶעטְל. חַיִים הָאט דֶעם אִידְן פַארְבֶּעטְן צום סֶדֶר, אָבֶער עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַז עֶר אִיז שׁוֹין פַארְבֶּעטְן גֶעוָואֹרְן אַנְדֶערְשְׁוואוּ. עֶר הָאט אָבֶער צוּגֶעזָאגְט, אַז וֶוען עֶר וֶועט פַארְטִיג וֶוערְן מִיטְן סֶדֶר בַּיי זיךְ, וֶועט עֶר אַרַיינְקוּמֶען צום אִיהם, חַיִים'עֶן, און פַארְבְּרֵיינְגֶען מִיט אִיהם אַ וַויילֶע. אִיצְט אִיז עֶר גֶעקוּמֶען, און חַיִים הָאט זיךְ זֵייעֶר דֶערְפְרֵייט.

דֶער אִיד הָאט זיךְ גֶעזֶעצְט צום טִישׁ. עֶר הָאט גֶעוָוארְפְן אַ בְּלִיק אוֹיף אֵלִיָהוּ הַנָבִיא'ס כּוֹס,

װעלכֶער הָאט גֶעשַײנְט און גֶעפִינקֶלְט. בְּרַײנֶע הָאט איהם גוט אױסגֶעשַײעֶרְט עֶרֶב־פֶּסַח און דֶער כּוס הָאט טַאקֶע גֶעגְלַאנְצְט.

— אַזַא שֵײנֶער כּוס! אַ טַײעֶרֶער כּוס! אַ כּוס שֶל בְּרָכָה! — הָאט דֶער אורַח בַּאװאונְדֶערְט דֶעם כּוס, און הָאט אִיהם גֶעגְלֶעט און גֶעצֶערְטְלְט. — זָאל אַײעֶר מַזָל גְלַאנְצְן אַזוי װִי דֶער כּוס!

דֶער אורַח איז גֶעזֶעסְן אַ װַײלֶע, גֶעזָאגְט אַ פָּאר װֶערְטֶער װֶעגְן יְצִיאַת־מִצְרַיִם און גֶעװאונְטְשְׁן מֶען זָאל אִינְגִיכְן דֶערְלֶעבְן דִי אֱמֶת׳ע גְאולָה, און אִיז אַװֶעק.

*

אויף מָארְגְן הָאט חַיִים גֶעזוכְט דֶעם אורַח אִין בֵּית־מִדְרָש. עֶר הָאט אִיהם גֶעוָואלְט בֶּעטְן קומֶען אויף צום צְוֵוייטְן סֵדֶר. אָבֶער דֶער אורַח אִיז דָארְט נִישְט גֶעוֶוען. חַיִים הָאט זִיךְ גֶענומֶען נָאכְפְּרֶעגְן אויף דֶעם פְרֶעמְדְן אידְן, אויב אֵיימִיצֶער וֵוייס וואו עֶר איז? יֶעדֶער אֵיינֶער הָאט גֶעשָאקְלְט מִיטְן קָאפּ און גֶעעֶנְטְפֶערְט פַארְוואונְדֶערְט:

—"וָואס פַאר אַ פְרֶעמְדֶער אִיד? עֶס אִיז דָא קֵיין פְרֶעמְדֶער אִיד נִישְט גֶעוֶוען!

חַיִים אִיז גֶעוָוארְן צוּטוּמְלְט. ס'טַייטְש! ווִי הָאט מֶען נִישְט גֶעקֶענְט בַּאמֶערְקְן אַזַא שֵיינֶעם אִידְן, מִיט אַ פָּנִים פוּן אַ מַלְאָך! עֶר הָאט מִיט אִיהם אַלֵיין גֶערֶעדְט, אוּן עֶר אִיז גֶעוֶוען בַּיי אִיהם צוּם סֵדֶר!

כִּמְעַט מִיט טְרֶערְן אִין דִי אוֹיגְן הָאט זִיך חַיִים גֶעוֶוענְדֶעט צוּם רָב, אֶפְשֶר הָאט עֶר דֶעם פְרֶעמְדְן אִידְן גֶעזֶען?

דֶער רָב הָאט אִיהם בַּארוּהִיגְט.

— יָא, יָא. דֶער אִיד אִיז אוֹיך גֶעוֶוען בַּיי מִיר צוּם סֵדֶר, אוּן בַּיי אַנְדֶערֶע אִידְן אוֹיך, אָבֶער נִישְט אַלֶע אִידְן הָאבְּן דֶעם זְכוּת אִיהם צוּ זֶען. אוּן אוֹיב אִיך וֶועל אִיהם זֶען, וֶועל אִיך אִיהם בֶּעטְן אַרַיינְגֵיין צוּ אַייך, רַבִּי חַיִים...

*

נָאך פֶּסַח אִיז חַיִים אַרוֹיס אִין וַואלְד מִיט זַיין וֶועגֶעלֶע. פוּן שְנֵיי אִיז קֵיין זֵכֶר נִישְט גֶעבְּלִיבְּן. עֶס

אִיז גֶעוֶוען וַוארִים און לוּפְטִיג, און דִי פֵייגַאלַאךְ הָאבְּן פְרֵיילַאךְ גֶעזוּנְגֶען. חַיִים הָאט אָנְגֶעלָאדְן זַיין וֶועגֶעלֶע מִיט צְוַוייגְן און שְׁפֶּענֶער, און הָאט גֶעשְׁלֶעפְּט דֶעם וֶועגֶעלֶע אִיבֶּער דֶער וֵוייכֶער עֶרְד. דִי רֶעדֶער זַיינֶען אַיינְגֶעזוּנְקֶען גֶעוָוארְן טִיף אִין דֶער עֶרְד און חַיִים הָאט זַיין וֶועגֶעלֶע נִישְׁט גֶעקֶענְט בַּאוֶועגְן. הָאט עֶר גֶעמוּטְשְׁט אַרָאפְּוַוארְפְן דִי צְוַוייגְן און הָאט קוּים אַרוֹיסְגֶעשְׁלֶעפְּט דִי רֶעדֶער. און פְּלוּצְלוּנְג הָאט עֶפֶּעס אַ בְּלִישְׁטְשֶׁע גֶעטְהוּן פַאר זַיינֶע אוֹיגְן. חַיִים הָאט זִיךְ אַיינְגֶעבּוֹיגְן און עֶס אִיז אִיהם לִיכְטִיג גֶעוָוארְן אִין דִי אוֹיגְן. אַ גָאלְדֶענֶע מַטְבֵּעַ!

חַיִים הָאט גֶענוּמֶען נִישְׁטֶערְן אִין דֶער וֵוייכֶער עֶרְד און הָאט בַּאלְד אַנְטְדֶעקְט אַ צוּפוּילְטְן זֶעקְל מִיט גָאלְדֶענֶע מַטְבְּעוֹת. אַ אוֹצָר!

און אַזוֹי הָאט חַיִים׳ס מַזָל אוֹיפְגֶעשַׁיינְט, ווִי עֶס הָאט גֶעשַׁיינְט אֵלִיָהוּ הַנָבִיא׳ס כּוֹס אוֹיף זַיין סֵדֶר־טִישׁ.

# "אֵלִיָהו הַנָבִיא"

איך בִּין דַאן גֶעוֶועזן אַ אִינגְל פון עֶלְף יָאהר, און זיך עֶרְצויגְן אִין הויז פון מַיין זֵיידְן ע"ה — אַ איד אַ לַמְדָן און אַ יְרֵא שָׁמַיִם. פון אַלֶע זַיינֶע אֵייניקְלַאךְ, בִּין אִיךְ גֶעוֶועזן בֵּיי אִיהם דֶער בַּאליבְּסְטֶער, מַמֶשׁ דָאס "אויג פון קָאפּ". עֶר הָאט קֵיין זוהן נִישְׁט גֶעהַאט, דֶערְפַּאר טַאקֶע הָאט עֶר מִיר שְׁטֶענְדִיג גֶעהַאלְטְן נֶעבְּן זיךְ, און אִיךְ בִּין גֶעוֶועזן מֶעהר אִין זַיין הויז, וִוי אִין דָאס הויז פון מַיינֶע עֶלְטֶערְן. פון שַׁבָּתִים און יָמִים טובִים אִיז גֶעוֶועזן אָבְּגֶעְרֶעדט. אִיךְ הָאבּ דַאן גֶעמוּזְט זַיין בַּיי אִיהם. די בָּאבֶּע ע"ה הָאט אויךְ גֶעהַאט די זֶעלְבֶּע בֶּעצִיהונְג צו מִיר, און זֵיי הָאבְּן טַאקֶע גֶעהַאט נַחַת פון מִיר.

אַזוי אִיז גֶעגַאנְגֶען דָאס פְרִידְלִיכֶע לֶעבְּן אִין דֶעם דַייטְשְׁן שְׁטֶעטְל, וואו מִיר הָאבְּן גֶעוואוינְט

פַאר דֶער מִלְחָמָה, בִּיז עֶס הָאט פַּאסִירְט אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער אוּמְגְלִיק.

עֶס אִיז גֶעוֶוען אִין אַ פְרַייטָאג צוּ נַאכְט, אַרוּם אַ וָואךְ פַאר פֶּסַח, וֶוען אִין שְׁטֶעטְל הָאט אוֹיסְגֶעבְּרָאכְן אַ פַייעֶר. אַלֶע זַיינֶען שׁוֹין גֶעשְׁמַאק גֶעשְׁלָאפְן וֶוען דֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעכַאפְּט אוּן גֶעזֶען אַ יָאמֶערְלִיךְ בִּילְד, ווִי דֶער גַאנְצֶער הִימְל אִיז גֶעוֶוען רוֹיט אוּן צֶענְדְלִיגֶער הַייזֶער זַיינֶען גֶעוֶוען אַיינְגֶעהִילְט אִין פְלַאמֶען.

עֶס זַיינֶען גֶעוֶוען אַ צָאל קָרְבָּנוֹת, אוּן פוּן מַאטֶעריֶעלְן שָׁאדְן אִיז שׁוֹין אָבְּגֶערֶעדְט.

דֶער זֵיידֶע הָאט מִיר אַרוֹיסְגֶעכַאפְּט פוּן בֶּעט אוּן צוּזַאמֶען מִיט דֶער בָּאבֶּע הָאבְּן מִיר זִיךְ גֶערַאטֶעוֶועט.

פוּן דֶעם שְׁרֶעק אוּן דִי יָאמֶערְלִיכֶע גֶעשְׁרֵייעֶן מִיט דִי פְלַאמֶען אוּן פַייעֶר צוּנְגֶען אַרוּם מִיר, אִיז מַיין יוּנְגֶער מֹחַ גֶעוָוארְן צוּמִישְׁט אוּן עֶס הָאט אַזוֹי שְׁטַארְק גֶעווִירְקְט אוֹיף מִיר, אַז אִיךְ הָאבּ פַארְלוֹירְן דֶעם זִכָּרוֹן.

איך בין געלעגן אין בעט אין פארטומלטן צושטאנד, און האב נישט געוואוסט וואס עס טהוט זיך ארום מיר.

מען קען זיך פארשטעלן דעם צער פון דעם זיידן און די באבע און די עלטערן.

דער פאמיליען דאקטאר האט באלד ארויסגערופן א פראפעסאר פון א גרויסע שטאט, דורך וועלכן עס איז בעז"ה געקומען מיין הילף, א דאנק זיין זעלטענעם קלוגן איינפאל.

ווען דער געבענטשטער פראפעסאר האט מיר בעטראכט, האט ער באלד ערקלערט, אז דאס איז נישט קיין פאל פון מעדיצינישע היילונג, נאר א פסיכישער פאל. און ווענדענדיג זיך צו מיין זיידן, האט ער געפרעגט:

— וואס דיינקט איהר, אלס זיין ערציהער, פלעגט מאכן אויף אייער אייניקל א שטארקן איינדרוק אין גייסטיגן זין?

מיין זיידע האט געענטפערט:

— דער יום טוב פסח מיט די סדרים, און

בֶּעזוּנְדֶער בַּיי "שְׁפוֹךְ חֲמָתְךָ", וֶוען מֶען עֶפְנְט דִי טְהִיר פַאר אֵלִיָהוּ הַנָבִיא.

עֶס אִיז גֶעוֶוען צְוֵויי טֶעג פַאר פֶּסַח, אָבֶער צוּלִיב מַיין קְרַאנְקְהַייט אוּן דֶער אוּמְגְלִיק אִין שְׁטֶעטְל, הָאבְּן אִידְן נִישְׁט גֶעהַאט דֶעם גֶעוֵוינְלִיכְן גֶעמִיט אִין דִי פָּארְבֶּערֵייטוּנְגֶען צוּם פֶּסַח.

דֶער פְּרָאפֶעסָאר הָאט דַאן גֶעזָאגְט:

— אִיהר זָאלְט פִיהרְן דֶעם סֵדֶר וִוי גֶעוֵויינְלִיךְ, אוּן אִיהם אֲוֶועקְזֶעצְן אוֹיף אַ קַאנַאפֶּע בַּיים טִישׁ, אוּן פִיהרְן דֶעם סֵדֶר וִוי שְׁטֶענְדִיג. אַייעֶר פַאמִילְיֶען-דָאקְטָאר, וֶועט זִיךְ גֶעפִינֶען אִין אַ צְוֵוייטְן צִימֶער, אִין פַאל אוֹיב מֶען וֶועט אִיהם דַארְפְן. אִיךְ וֶועל זִיךְ בֶּעוַוייזְן פַארְשְׁטֶעלְט אַלְס "אֵלִיָהוּ הַנָבִיא". פּוּנְקְט דַאן וֶוען אִיהר וֶועט עֶפֶענֶען דִי טְהִיר, אוּן דָאס אִיבֶּערִיגֶע לָאזְט אוֹיפְן אוֹיבֶּערְשְׁטְן.

אַלֶע דַיינֶען גֶעוֶוען עֶרְשְׁטוֹינְט פוּן דֶעם פְּרָאפֶעסָארְס מָאדְנֶע עֵצָה, אָבֶער דֶער קְלוּגֶער זֵיידֶע הָאט שׁוֹין פַארְשְׁטַאנֶען צוּ וָואס דֶער פְּרָאפֶעסָאר צִיהלְט.

וְכַּךְ הֲוָה: דֶער זֵיידֶע הָאט גֶעפִירְט דֶעם סֵדֶר ווי שְׁטֶענְדִיג. אִיךְ בִּין גֶעלֶעגְן אִין דֶעם זֶעלְבְּן צוּשְׁטַאנְד ווי פְרִיעֶר. אִין שְׁטוּב זַיינֶען אוֹיךְ גֶעוֶוען פִיהל פוּן דֶער פַאמִילְיֶע אוּן פְרַיינְד, כְּדֵי צוּ זֶעהן דֶעם "נֵס".

וֶוען עֶס אִיז גֶעקוּמֶען צוּ "שְׁפוֹךְ חֲמָתְךָ", אִיז אַ אִינְגְל גֶעגַאנְגֶען עֶפֶענֶען דִי טְהִיר, אוּן דַאן הָאט מֶען גֶעזֶעהן אַ מֶערְקְוִוירְדִיגֶע בִּילְד. עֶס אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען אַ מַאן מִיט אַ הֶערְלִיכֶע גֶעשְׁטַאלְט. אַרַיינְקוּמֶענְדִיג הָאט עֶר אוֹיסְגֶערוּפְן פְרֵייַלַאךְ "גוּט יוֹם־טוֹב"!

דִי פֶערְזַאמְלְטֶע, וֶועלְכֶע הָאבְּן גֶעוואוּסְט אַז דָאס אִיז דֶער פְּרָאפֶעסָאר, זַיינֶען גֶעוֶוען אִיבֶּערְרַאשְׁט פוּן זַיין אוֹיסֶערְגֶעוֵוינְלִיכְן טַאלֶענְט, ווי אַזוֹי עֶר הָאט גֶעשְׁפִּילְט זַיין רָאלֶע אַלְס "אֵלִיָהוּ הַנָבִיא"...

מֶען הָאט גֶעקוּקְט אוֹיף מִיר, צוּ אִיךְ בַּאמֶערְק עֶפֶּעס אוֹיסֶערְגֶעוֵוינְלִיכֶעס, אָבֶער אִיךְ בִּין אַלְץ גֶעלֶעגְן מִיט אָפֶענֶע אוֹיגְן, אוּן דָאס פָּנִים הָאט נִישְׁט גֶעוִויזְן קיין שׁוּם לעבּעדיגן אוֹיסדרוּק.

עֶר הָאט נִישְׁט פַארְלוירְן קֵיין צוּפִיל צַייט, עֶר אִיז צוּגֶעקוּמֶען נָאהֶנְט צוּ מִיר, זִיךְ אַוֶועקְגֶעזֶעצְט נֶעבְּן מִיר, אוּן אָנְגֶענֶעמֶענְדִיג מַיין הַאנְד, הָאט עֶר גֶעזָאגְט מִיט אַ שְׁמֵייכְל: ״גוּט יוֹם טוֹב, מַיין אִינְגֶעלֶע״! אוּן עֶר הָאט מִיר אָנְגֶעהוֹיבְּן גְלֶעטְן אוּן לַאסְטְשֶׁען, אוּן מִיר דֶערְצֵיילְט אַז עֶר בְּרֵיינְגְט דִי בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן: ״לְשָׁנָה הַבָּאָה בִּירוּשָׁלַיִם״... אוּן אַזוֹי וַוייטֶער...

ווִי מֶען הָאט מִיר דֶערְנָאךְ דֶערְצֵיילְט, הָאט מַיין פָּנִים, ווֶעלְכֶעס אִיז דַאן גֶעוֶוען שְׁטוּם אוּן אוֹיסְדְרוּקְלָאז, אָנְגֶעפַאנְגֶען אַרוֹיסְוַוייזְן סִימָנִים פוּן לֶעבְּן. עֶס הָאט לַאנְג נִישְׁט גֶענוּמֶען אוּן אַ שְׁמֵייכְל הָאט זִיךְ בַּאווִיזְן אוֹיף מַיינֶע לִיפְּן, אוּן דֶער וואוּנְדֶער — מַיין זִכָּרוֹן הָאט מִיר אָנְגֶעפַאנְגֶען דִינֶען... אִיךְ הָאבּ זִיךְ אַרוּמְגֶעקוּקְט, אוּן אַלֶעס אוּן אַלֶעמֶען דֶערְקֶענְט.

דֶער זֵיידֶע ע״ה אִיז בַּאלְד גֶעשְׁטַאנֶען נֶעבְּן מִיר אוּן ווִי אִיךְ הָאבּ אִיהם דֶערְזֶעהן, הָאבּ אִיךְ אוֹיסְגֶערוּפְן מִיט עֶקְסְטַאז: ״זֵיידֶע לֶעבְּן״! אוּן אִיךְ הָאבּ אִיהם אַרוּמְגֶענוּמֶען אוּן פְּלוּצִים אוֹיסְגֶעבְּרָאכְן אִין אַ יָאמֶערְלִיכְן גֶעוֵוין.

דֶער פְּרָאפֶעסָאר הָאט מִיר גֶעלָאזְט זִיךְ גוּט אוֹיסְוֵויינֶען און דֶעם עוֹלָם הָאט עֶר גֶעהֵייסְן פַארְלָאזְן דֶעם צִימֶער.

דָאס וֵוויינֶען הָאט מִיר אַזוֹי אוֹיסְגֶעשֶׁעפְּט, אַז אִיךְ בִּין גֶעבְּלִיבְּן לִיגְן מַאכְטְלָאז. דֶער פְּרָאפֶעסָאר הָאט מִיר דַאן גֶעגֶעבְּן אַ אַיינְשְׁפְּרִיצוּנְג און אִיךְ בִּין בַּאלְד פֶעסְט אַיינְגֶעשְׁלָאפְן. דֶער פְּרָאפֶעסָאר הָאט נִישְׁט אָבְּגֶעטְרָאטְן פון מִיר אַ גַאנְצֶע נַאכְט.

אִין דֶערְפְרִי, וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעעֶפְנְט דִי אוֹיגְן, הָאט אַלֶעס בַּיי מִיר אוֹיסְגֶעזֶעהְן נַאטִירְלִיךְ און אִיךְ בִּין צוּרִיק גֶעוֶוען גֶעזוּנְד און נָארְמַאל.

דֶער פְּרָאפֶעסָאר הָאט זִיךְ דַאן אָנְגֶערוּפְן צוּם זֵיידְן:

— אִיהר הָאט אַ נַיי גֶעבּוֹירְן קִינְד. עֶר אִיז גֶערַאטֶעוֶועט גֶעוָוארְן. אַ דַאנְק גָ־ט וָואס הָאט מִיר גֶעגֶעבְן דֶעם אַיינְפַאל פון פָארְשְׁטֶעלְן דִי סֵדֶר־סְצֶענֶע פון "אֵלִיָהוּ הַנָבִיא" אוֹיף אַ דְרַאמַאטִישְׁן אוֹפָן.

און דֶער פְּרָאפֶעסָאר הָאט דַאן עֶרְקְלֶערְט:

— ווי איך האָב אַייך עֶרְקְלֶערְט פון אָנְפַאנְג אָן, איז אין דָאס קִינְד פָארְגֶעקוּמֶען, פון דֶער שְׁרֶעק וָואס עֶר הָאט אִיבֶּערְגֶעלֶעבְּט, אַ פְּסִיכִישֶׁער אִיבֶּערְבְּרוּךְ, און דֶערִיבֶּער אִיז נוֹיטִיג גֶעוֶוען צוּ עֶרְוֶועקְן אִין זַיין פַאנְטַאזְיֶע אַזֶעלְכֶע גֶעשְׁטַאלְטְן, וָואס פְלֶעגְן רֵייצְן זַיין קִינְדֶערְשֶׁע פַאנְטַאזְיֶע, און דֶער אַקְט פון אֵלִיָהוּ הַנָבִיא הָאט גֶעוִוירְקְט. וֶוען עֶר הָאט אוֹיסְגֶעבְּרָאכְן אִין אַ גֶעוֵויין, הָאב אִיךְ גֶעוואוּסְט, אַז דִי יְשׁוּעָה אִיז גֶעקוּמֶען, וַוייל דָאס אִיז גֶעוֶוען דֶער אִיבֶּערְבְּרוּךְ צוּרִיק צוּם נָארְמַאלְן צוּשְׁטַאנְד.

מֶען קֶען זִיךְ פָארְשְׁטֶעלְן דִי פְרֵייד און דִי דַאנְק-אוֹיסְדְרִיקְן צוּם פְּרָאפֶעסָאר און דֶעם פַאמִילְיֶען-דָאקְטָאר.

בַּיים צְוֵוייטְן סֵדֶר בִּין אִיךְ שׁוֹין גֶעזֶעסְן גְלַייךְ מִיט אַלֶעמֶען און דִי שִׂמְחָה אִיז גֶעוֶוען גָאר גְרוֹיס. דֶער פְּרָאפֶעסָאר אִיז אוֹיךְ גֶעוֶוען בַּאטֵיילִיגְט, און עֶר הָאט מִיר דֶערְצֵיילְט אַלֶעס וָואס מִיט מִיר אִיז פָארְגֶעקוּמֶען.

אָט דֶער פַּאסִירוּנְג אִיז מִיר גֶעבְּלִיבְּן שְׁטַארְק

אַײנגעקריצט אין זכּרון, און הײנט דערצײל איך מײנע קינדער אַלע מאָל די פּאַסירונג װען עס קומט צום סדר. און דאָס איז נישט קײן װאונדער, װײל די געשטאַלט פון אליהו הנביא האָט געשפּילט אַזאַ װיכטיגע ראָלע און איז געװען דער פאַקטאָר פאַר מײן צוקינפטיגן לעבן.

און שטענדיג דאַנק איך גאָ־ט פאַר דעם כּח פון דעם מבשׂר טוב — אליהו הנביא!

# גִלוּי אֵלִיָּהוּ

נִישְׁט יֶעדֶער חָסִיד הָאט גֶעהַאט דִי זְכִיָּה צוּ זִיצְן בַּיים סֵדֶר פוּן אַלְטְן דְזְשִׁיקֶעוֶוער רֶבִּין זצ״ל. בְּלוֹיז יְחִידֵי סְגוּלָה הָאבְּן גֶעמֶעגְט קוּמֶען אוֹיף דִי עֶרְשְׁטֶע טֶעג פֶּסַח צוּם רֶבִּין.

גֶעוָואלְט הָאבְּן קוּמֶען אַ סַאךְ חֲסִידִים, וַוייל יֶעדֶער חָסִיד הָאט גֶעוואוּסְט, אַז אוֹיבּ דֶעם רֶבִּינְס טִישׁ אִיז קוֹדֶשׁ, אִיז דֶעם רֶבִּינְס סֵדֶר טִישׁ קוֹדֶשׁ־קָדָשִׁים, אוּן דִי אֶמֶתֶע שִׂמְחַת יוֹם טוֹב, דָאס אֲצִילוּת׳דִיגֶע, קֶען מֶען דֶערְפִיהלְן נָאר בַּיים רֶבִּינְס סֵדֶר. דַאמָאלְס קוּמְט מֶען צוּ הִתְרוֹמְמוּת הַנֶפֶשׁ, וַוייל מֶען אִיז אִין רֶבִּינְס מְסִיבָּה צוּזַאמֶען מִיט דֶער חַבְרַיָּה קַדִישָׁא אוּן מֶען פִיהלְט דֶעם אֶמֶתְן תַּעֲנוּג פוּן ״צַדִיקִים יוֹשְׁבִים וְעַטְרוֹתֵיהֶם בְּרָאשֵׁיהֶם וְנֶהֱנִים מִזִיו הַשְׁכִינָה״, אָבֶּער דֶער רֶבִּי הָאט גֶעקְלִיבְּן דִי חֲסִידִים, וָואס הָאבְּן גֶעמֶעגְט קוּמֶען אוֹיף פֶּסַח צוּם רֶבִּין.

דער רבי אַלײן איז בײם סדר געזעסן אויפן היסב־בעט, אַלע קינדער און חסידים אַרום, און האָט געזאָגט תּורה אויף יעדן שטיקל הגדה. אָבער די תּורה׳ס זײַנען נישט געווען די זעלבע, וואָס אַ גאַנץ יאָהר. דער רבי האָט נישט אַרײַנגעמישט גימטריאות, נישט קײן סתרי תּורה, נאָר ער האָט אויסגעטײַטשט אַ פּסוק, איהם מסביר געווען, אַרײַנגעפלאָכטן אַ משל, אַ מעשה, ווײַל ער האָט געוואָלט מקיים זײַן די מצוה פון דערצײלן וועגן יציאת מצרים, ווי עס שטײט ״וכל המרבה לספר ביציאת מצרים הרי זה משובח״.

דער רבי פלעגט בײם זאָגן די הגדה פרעגן אַ קינד אַ פּירוש פון אַ פּסוק, פון דער הגדה. דאָס קינד האָט געענטפערט. אָבער דער רבי האָט געוואָלט עפּעס אַרויסברענגען אַ געדאַנק וועגן גלות מצרים און אונזער גלות, וועגן יציאת מצרים און דער אמתער גאולה, און ער האָט גערעדט בנעימות׳דיג, אַזוי, אַז אויך די רביצין מיט איהרע טעכטער, שנירן און דינסטן זאָלן עס קענען פאַרשטײן. ווײַל דאָס איז געווען דאָס אײנציגע מאָל אין יאָהר, וואָס די רעבעצן מיט איהרע

טֶעכְטֶער און שְׁנִירְן און דִינְסְטְן זַיינֶען גֶעזֶעסְן אִין אֵיין שְׁטוּבּ מִיטְן רֶבִּין. אֱמֶת, דֶער רֶעבֶּעצְנְס טִישׁ אִיז בְּלוֹיז גֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶער אָפֶענֶער טְהִיר פוּן שְׁטוּבּ, אָבֶּער עֶס הָאט פָּארְט גֶעהֵייסְן, אִין אֵיין שְׁטוּבּ.

און וֶוען עֶס אִיז גֶעקוּמֶען צוּם אָנְגִיסְן דֶעם כּוֹס שֶׁל אֵלִיָהוּ, הָאט דֶער רֶבִּי גֶעהֵייסְן, אַז יֶעדֶער אֵיינֶער זָאל פוּן זַיין כּוֹס אַרַיינְגִיסְן אַבִּיסְל וַויין אִין דֶעם כּוֹס שֶׁל אֵלִיָהוּ.

און דֶער רֶבִּי הָאט פַאר׳ן עֶפֶענֶען דִי טְהִיר צוּ שְׁפוֹךְ חֲמָתְךָ, מַסְבִּיר גֶעוֶועְן דֶעם עִנְיָן פוּן גִלוּי אֵלִיָהוּ און גֶעזָאגְט:

— גֵייט אַ מֶענְטְשׁ אַמָאל אִין דֶער גַאס און דֶערְזֶעט אַ פָּנִים. עֶס דוּכְט זִיךְ אִיהם אוֹיס, אַז דָאס פָּנִים אִיז אִיהם בֶּעקַאנְט, אַז עֶר הָאט אַמָאל אִיהם גֶעזֶען; עֶר גִיט זִיךְ אָבֶּער אַ דְרֵיי אוֹיס — יֶענֶער אִיז שׁוֹין מֶער נִישְׁטָא, פַארְשְׁווּאוּנְדְן, נֶעֱלָם גֶעוָוארְן. דַארְף עֶר זִיךְ גוּט אַרַיינְטְרַאכְטְן וָואס פַאר אַ מִצְוָה לִשְׁמָהּ עֶר הָאט הַיינְט גֶעטְהוּן, וָואס עֶר הָאט דִי זְכִיָה גֶעהַאט צוּ זֶען ״אִיהם״ אַלֵיין עַיִן

בְּעַיִן. און טְרֶעפְן קֶען מֶען איהם אויף אַלֶע מַארְקְן, פַארְשְׁטֶעלְט אין טויזְנְטֶער גֶעשְׁטַאלְטְן, אַמָאל אַ אָרִימַאן, אַמָאל אַ דָארְפְס-גֵייעֶר און אַמָאל אַ פּויעֶר אִין אַ פֶּעלְץ. מֶען דַארְף זִיךְ גוּט אַיינְקוּקְן אִין זַיין צוּרָה אִיהם צוּ דֶערְזֶען. עֶס קֶען אִיהם דֶערְזֶען דֶער צַדִיק, דֶער פָּשׁוּטֶער אִיד און אֲפִילוּ אַ אִינְגֶל, אוֹיבּ עֶר הָאט נָאר זוֹכֶה גֶעוֶוען דֶערְצוּ...

און דֶער רֶבִּי הָאט דֶערְצֵיילְט אַזַא מַעֲשֶׂה:

אִין אַ שְׁטָאט הָאט אַמָאל גֶעווּאוֹינְט אַ אִיד אַ אָרִימַאן און זַיין נָאמֶען אִיז גֶעוֶוען רַבִּי פֶּסַח. עֶר הָאט גֶעהַאט אַ וַוייבּ אַ עֶרְלִיכֶע אִידֶענֶע, און זֵיי הָאבְּן גֶעהַאט זֶעקְס קִינְדֶער, אֵיינֶער קְלֶענֶער פון צְוֵוייטְן. קֵיין פַּרְנָסָה אִיז אִין שְׁטוּבּ נִישְׁט גֶעוֶוען. אַלֶע הָאבְּן אַרוֹיסְגֶעקוּקְט, אַז רַבִּי פֶּסַח זָאל בְּרֵיינְגֶען עֶפֶּעס אויף צוּם לֶעבְּן, אָבֶּער פַּרְנָסָה אִיז גֶעוֶוען אַזוֹי שְׁוֶוער וִוי קְרִיעַת יַם סוּף. דָאס דַחְקוּת אִיז גֶעוֶוען אַזוֹי גְרוֹיס, אַז עֶס הָאט פָּשׁוּט גֶעפֶעלְט אַ שְׁטִיקְל חָמֵץ אִין שְׁטוּבּ. זָאגְט צוּ אִיהם אֵיינְמָאל זַיין וַוייבּ:

— דוּ וֵוייסְט דָאךְ, אַז אִיךְ בִּין קֵיינְמָאל נִישְׁט

מִתְרַעֵם אוֹיף דַיינֶע דְרָכִים און נֶעם אַלֶעס אָן פַאר גוט, אָבֶער אִיךְ קֶען שוֹין מֶער נִישְׁט צוקוקֶן דֶעם צַעַר פון דִי קִינְדֶער. עֶס אִיז מַמָש גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם, אַז עֶס אִיז בָּאוּ מַיִם עַד נָפֶש. אֶפְשֶׁר וָואלְסְטוּ עֶפֶּעס גֶעטְהוּן, דִי קִינְדֶער זָאלְן הָאבְּן כָאטְשׁ אֵיינְמָאל אִין טָאג צוּ עֶסְן צוּ דֶער זַאט?

— וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן? — הָאט רַבִּי פֶּסַח גֶעפְרֶעגְט.

הָאט זַיין וַוייבּ אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט:

— גֵיי אִין אַ דָארְף, וֶוער אַ מְלַמֵד בַּיי אַ רַייכְן קְרֶעטְשְׁמֶער און פַאר דִי שְׂכִירוּת וָואס דוּ וֶועסְט קְרִיגְן, וֶועלְן מִיר קֶענֶען מְפַרְנֵס זַיין דִי פַאמִילְיֶע.

הָאט זִיךְ רַבִּי פֶּסַח אוֹיפְגֶעהוֹיבְּן, און אִיז אַוֶועק פון זַיין הוֹיז. עֶר הָאט פְרִיעֶר אָפְּגֶעמַאכְט מִיטְן שְׁטָאטִישְׁן מְלַמֵד עֶר זָאל לֶערְנֶען מִיט זַיינֶע קִינְדֶער און וֶוען עֶר וֶועט צוּרִיקְקוּמֶען וֶועט עֶר אִיהם בַּאצָאלְן, און בֶּעזוּנְדֶער הָאט עֶר אִיהם גֶעבֶּעטְן עֶר זָאל הָאבְּן אַ הַשְׁגָחָה אוֹיף זַיין אִינְגֶעלֶע, הֶערְש אֱלִימֶלֶךְ׳ל, וָואס הָאט גָאר אַ גוּט קֶעפְּל.

רַבִּי פֶּסַח אִיז גֶעגַאנְגֶען פוּן דָארְף צוּ דָארְף, בִּיז עֶר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אִין אַ גְרוֹיסֶע אִידִישֶׁע קְרֶעטְשְׁמֶע. דֶער קְרֶעטְשְׁמֶער אִיז גֶעוֶוען אַ גְרָאבֶער יוּנְג אוּן עֶר הָאט גֶעזוּכְט אַ מְלַמֵד פַאר זַיינֶע קִינְדֶער. וֶוען דֶער קְרֶעטְשְׁמֶער הָאט זִיךְ דֶערְוואוּסְט, אַז עֶר ווִיל וֶוערְן אַ מְלַמֵד אִין דָארְף, הָאט דֶער קְרֶעטְשְׁמֶער צוּ אִיהם גֶעזָאגְט:

— אִיהר קֶענְט דָא פַארְבְּלַייבְּן לֶערְנֶען מִיט מַיינֶע בָּנִים. אִיךְ וֶועל אַייךְ דֶערְפַאר בַּאצָאלְן דְרַייסִיג רַיינִישׁ פַארְן ווִינְטֶער זְמַן.

אִיז רַבִּי פֶּסַח גֶעזֶעסְן אִין דֶער קְרֶעטְשְׁמֶע אוּן עֶר הָאט גֶעקְנֶעלְט מִיט דֶעם קְרֶעטְשְׁמֶערְס קִינְדֶער, וָואס הָאבְּן גֶעהַאט פַארְשְׁטָאפְּטֶע קֶעפּ אוּן נִישְׁט גֶעוָואלְט לֶערְנֶען תּוֹרָה. עֶר הָאט גֶעגֶעסְן בְּרוֹיט מִיט וַואסֶער, וַוייל טְרָאץ דֶעם וָואס דֶער קְרֶעטְשְׁמֶער אִיז גֶעוֶוען אַ גְרוֹיסֶער עוֹשֶׁר, אִיז עֶר אָבֶער גֶעוֶוען נָאךְ אַ גְרֶעסֶערֶער קַמְצָן.

אַ גַאנְצְן ווִינְטֶער אִיז רַבִּי פֶּסַח גֶעזֶעסְן אִין דֶער קְרֶעטְשְׁמֶע אוּן זַיין הַארְץ הָאט גֶעבֵּיינְקְט אַהֵיים, צוּ זֶעהן ווִי זַיינֶע קִינְדֶער וַואקְסְן אוּן צוּ זֵיי

בַּאגֶערְן צוּ לֶערְנֶען אִין חֵדֶר, און בֶּעזוּנְדֶער הָאט עֶר גֶעבֵּיינְקְט נָאךְ זַיין אִינְגֶל הֶערְשׁ אֱלִימֶלֶךְ.

אַלֵיין אִיז רַבִּי פֶּסַח גֶעזֶעסְן אִין זַיין צִימֶערְל און גֶעלֶערְנְט מִיט דֶעם קְרֶעטְשְׁמֶערְס קִינְדֶער. דִי וֶועגְן זַיינֶען גֶעוֶוען פַארְשָׁאטְן מִיט שְׁנֵיי און טָאמֶער הָאט זִיךְ בַּאוִויזְן אַ אוֹרֵחַ, אַ דוּרְכְגֵייעֶר, הָאט דֶער קְרֶעטְשְׁמֶער אִיהם נִישְׁט גֶעלָאזְט אִיבֶּערְטְרֶעטְן דִי שְׁוֶועל, אִיהם קֵיין נְדָבָה נִישְׁט גֶעוָואלְט גֶעבְּן. אַזַא קַארְגֶער אִיז דֶער קְרֶעטְשְׁמֶער גֶעוֶוען.

וֶוען רַבִּי פֶּסַח הָאט צוּגֶעזֶען דָאס שְׁלֶעכְטֶע פִיהרוּנְג, הָאט עֶר צוּ אִיהם גֶעזָאגְט:

— אִיהר הָאט זִיךְ מִיט מִיר פֶערְגְלַייכְט מִיר צוּ גֶעבְּן דְרַייסִיג רַיינִישׁ פַארְן זְמַן, וָואלְט אִיךְ אַייךְ גֶעבֶּעטְן אִיהר זָאלְט אַרָאפְּנֶעמֶען פוּן מַיינֶע שְׂכִירוּת אוֹיף צְדָקָה פַאר דִי אָרִימֶע-לַייט וָואס גֵייעֶן דוּרְךְ אִין דָארְף, און צוּם סוֹף זְמַן וֶועט אִיהר מִיר אַרָאפְּרֶעכֶענֶען וִויפְל אִיהר הָאט אוֹיסְגֶעגֶעבְּן פוּן מַיינֶע שְׂכִירוּת אוֹיף צְדָקָה.

הָאט דֶער קְרֶעטְשְׁמֶער מַסְכִּים גֶעוֶוען דֶערוֹיף

און פון דאַמאָלט אָן, ווען עס איז געקומען אַ דורכגייער, האָט דער קרעטשמער איהם געגעבן אַ שיינע נדבה און ער האָט יעדן טאָג פאַרשריבן אויף אַ פּאַפּיר וויפל ער האָט געגעבן צדקה פאַר די אָרימעלײט.

ווען דער ווינטער איז אַריבער און מען האָט געבענטשט ראש־חודש ניסן, האָט דער מלמד, רבי פּסח, זיך געווענדט צו דעם קרעטשמער און ער האָט צו איהם געזאָגט:

— די צייט איז שוין געקומען איך זאָל צוריק אַהיימפאָרן צו מיין פאַמיליע, צו פּראַווען מיט זיי צוזאַמען די סדרים. איך האָב דעם גאַנצן ווינטער נישט גענומען ביי אייך קיין איין פּרוטה. ווייל איך, מיר זאָלן זיך אָפּרעכענען. איהר זאָלט אַראָפּנעמען וויפל איהר האָט אויסגעגעבן דעם ווינטער אויף צדקה און וואָס עס וועט בלייבן זאָלט איהר מיר געבן.

האָט דער קרעטשמער אַרויסגענומען אַ גרויסן פּאַפּיר, האָט גערעכנט און גערעכנט און האָט געזאָגט:

— אָט איז דער חֶשְׁבּוֹן, וָואס איך הָאבּ אוֹיסְגֶעגֶעבְּן אוֹיף צְדָקָה אִין מֶשֶׁךְ פוּן דֶעם ווינְטֶער. אַייך הָאבּ אִיךְ גֶעדַארְפְט גֶעבְּן שְׂכִירוּת דְרַייסִיג רַיינִיש, אַזוֹי, אַז אִיהר קוּמְט מִיר נָאךְ צְוֵויי רַיינִיש, און דָאס לָאז אִיךְ אִיבֶּער וִוי אַ הַלְוָאָה אוֹיפְן קוּמֶענְדִיגְן זְמַן.

וֶוען רַבִּי פֶּסַח הָאט דָאס דֶערְהֶערְט, הָאט עֶר גָארְנִישְׁט גֶעעֶנְטְפֶערְט. עֶר הָאט זִיךְ גֶעזֶעגְנְט מִיטְן קְרֶעטְשְׁמֶער און מִיט זַיינֶע קִינְדֶער און הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט צוּרִיקְגֵיין אִין שְׁטָאט אַרַיין.

וֶוען רַבִּי פֶּסַח אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אִין שְׁטָאט, אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען פַאר נַאכְט, מִנְחָה־צַייט. הָאט רַבִּי פֶּסַח זִיךְ גֶעטְרַאכְט:

— צוּ וָואס זָאל אִיךְ יֶעצְט אַהֵיימְגֵיין אִין שְׁטוּבּ, וֶוען אִיךְ הָאבּ קֵיין פְּרוּטָה נִישְׁט גֶעבְּרַאכְט. בֶּעסֶער גֵיין קוֹדֶם־כָּל אִין בֵּית־הַמִדְרָשׁ דַאוְונֶען מִנְחָה־מַעֲרִיב מִיט אַ מִנְיָן, הֶערְן אַ קְדוּשָׁה און בָּרְכוּ, וַוייל אַ גַאנְצְן ווינְטֶער הָאבּ אִיךְ דָאךְ נִישְׁט גֶעדַאוְונְט אִין דֶער וָואכְן מִיט קֵיין מִנְיָן...

אִיז רַבִּי פֶּסַח גֶעלָאפְן אִין בֵּית־הַמִדְרָשׁ צוּ

דאַווענען מנחה־מעריב. אויפן וועג האָט ער דערזען ליגן צווישן שניי עטליכע גילדענע רענדלאַך, טראַכט ער בײַ זיך, אַז אָט־אָט דאַוונט מען שוין מנחה, און ווען ער וועט זיך אַוועקשטעלן צונויפקלײַבן די רענדלאַך וועט ער זיכער פאַרשפּעטיגן מנחה, איז גלײַכער פריער צו דאַווענען מיט אַ מנין. די רענדלאַך וועט ער נאָך מנחה־מעריב צונויפקלײַבן. און רבי פּסח איז אין איין אָטעם אַרײַנגעלאָפן אין בית המדרש צו הערן קדושה און ברכו...

רבי פּסח׳ס ווײַב איז געזעסן אין שטוב און אַרויסגעקוקט, אַז איהר מאַן זאָל שוין אַהיימקומען פון דאָרף אויף פּסח. פּלוצלונג עפנט זיך די טהיר און עס קומט אַרײַן אַ איד מיט אַ קורצן פּעלצל, וואָס זעהט אויס ווי אַ דורכגייער און זאָגט צו איהר:

— איך האָב געזעהן אײַער מאַן לויפן און פון זײַנע קעשענעס זײַנען אַרויסגעפאַלן עטליכע רענדלאַך. איך האָב די רענדלאַך אויפגעהויבן און געוואָלט זיי איהם צוריקגעבן, אָבער ער איז מיר פאַרשוואונדן געוואָרן...

רַבִּי פֶּסַח׳ס וַוייבּ הָאט זִיךְ זֵייעֶר גֶעוואוּנְדֶערְט. זִי וֵוייסְט גָאר נִישְׁט, אַז אִיהר מַאן אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען אִין שְׁטָאט. זִי הָאט צוּגֶענוּמֶען דִי רֶענְדְלַאךְ, אוּן גֶעטְרַאכְט, מִסְתָּמֶא אִיז אִיהר מַאן צוּרִיקְגֶעקוּמֶען פוּן דָארְף אוּן עֶר הָאט פַאר גְרוֹיס אַיילֶענִישׁ פַארְלוֹירְן דִי רֶענְדְלַאךְ.

וֶוען רַבִּי פֶּסַח אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּרִיק פוּן מַעֲרִיב אַהֵיים, אִיז עֶר אַוֶועק זוּכְן דִי רֶענְדְלַאךְ אוּן עֶר הָאט זֵיי נִישְׁט גֶעפוּנֶען. קוּמֶענְדִיג אַהֵיים הָאט אִיהם דִי וַוייבּ דֶערְצֵיילְט פוּן דֶעם אִידְן וָואס הָאט אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט דִי רֶענְדְלַאךְ אִין שְׁטוּבּ. רַבִּי פֶּסַח הָאט גֶעפִיהלְט אַז פוּן הִימְל בַּאצָאלְט מֶען אִיהם אַנְשְׁטָאט דִי שְׂכִירוּת וָואס עֶר הָאט גֶעדַארְפְט בַּאקוּמֶען פוּן דֶעם קְרֶעטְשְׁמֶער.

רַבִּי פֶּסַח׳ס וַוייבּ הָאט אָנְגֶעגְרֵייט אוֹיף יוֹם־טוֹב אַזוֹי ווִי עֶס פַּאסְט פַאר אַ אִידִישׁ הוֹיז. זִי אִיז גֶעוֶוען דִי גַאנְצֶע צַייט פַארְנוּמֶען מִיטְן אוֹיסְרוּימֶען דָאס חָמֵץ פוּן הוֹיז, אוּן עֶרֶב פֶּסַח אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען אַלְץ גְרֵייט צוּם סֵדֶר, אוֹיסֶער דָאס מַאכְן דִי חֲרוֹסֶת. הָאט דֶער פָּאטֶער גֶעשִׁיקְט זַיין אִינְגְל הֶערְשׁ אֱלִימֶלֶךְ׳ל אִין מַארְק, עֶר זָאל קוֹיפְן עֶפְּל

און ניס פּאר חֲרוֹסֶת און עֶר זָאל אוֹיף הָאבְּן ניס אוֹיף צוּ טֵיילְן די קִינְדֶער פֶּסַח בַּיינַאכְט בַּיים סֶדֶר.

דָאס אִינְגל הֶערְשׁ אֱלִימֶלֶךְ׳ל אִיז אַרוֹיס אִין מַארְק, הָאט עֶר דָארְטְן אָנְגֶעטְרָאפְן אַ גְרוּפֶּע אִינְגְלַאךְ וֶועלְכֶע שְׁפִּילְן זִיךְ נֶעבְן אַ וָואגְן מִיט הֵיי וואוּ דֶער בַּעַל עֲגָלָה אִיז דָארְט נִישְׁט גֶעוֶוען. אַזוֹי שְׁפִּילְנְדִיג הָאבְן זֵיי זִיךְ פַארְטְשֶׁעפֶּעט אִין וָואגְן און אִיבֶּערְגֶעקֶעהְרְט די גַאנְצֶע הֵיי.

דֶערְוַוייל אִיז אָנְגֶעקוּמֶען דֶער בַּעַל עֲגָלָה, אָנְגֶעטְהוּן ווי אַ פוֹיעֶר מִיט אַ קוּרְצֶער פֶּעלְצְל און אַ לֶעדֶערְנֶעם פַּאסֶעק. די קִינְדֶער הָאבְן זִיךְ זֵייעֶר דֶערְשְׁרָאקְן און נִישְׁט גֶעוואוּסְט וָואס צוּ טְהוּן. הָאט זֵיי דֶער קְלֵיינֶער הֶערְשׁ אֱלִימֶלֶךְ׳ל גֶעהֵייסְן אַנְטְלוֹיפְן און גֶעזָאגְט אַז עֶר וֶועט נֶעמֶען אוֹיף זִיךְ די גַאנְצֶע פַארְאַנְטְוָוארְטְלִיכְקַייט.

וֶוען דֶער פוֹיעֶר הָאט דֶערְזֶעהְן דֶעם צוּוָוארְפֶענֶעם וָואגְן הָאט עֶר זִיךְ גֶעוָואלְט וַוארְפְן אוֹיף די קִינְדֶער, אָבֶּער דֶער קְלֵיינֶער הֶערְשׁ אֱלִימֶלֶךְ׳ל הָאט אִיהם אָפְּגֶעהַאלְטְן עֶרְקְלֶערְנְדִיג אִיהם אַז קֵיינֶער אִיז נִישְׁט שׁוּלְדִיג, עֶס אִיז נִישְׁט

גֶעטְהוּן גֶעוָוארְן מִיט אַ סְפֶּעצִיעֶלֶע כַּוָנָה, אוּן עֶס קֶען בַּיי יֶעדְן פַּאסִירְן בֶּעזוּנְדֶער בַּיי קְלֵיינֶע קִינְדֶער.

— דוּ גֶעפֶעלְסְט מִיר זֵייעֶר — הָאט דֶער פּוֹיעֶר גֶעגֶעבְּן אַ קְנִיפּ אִין בֶּעקְל דֶעם אִינְגְל — נֶעם דִיר אַ רֶענְדְל אוּן קוֹיף זִיךְ נִיס אוֹיף פֶּסַח...

הָאט דָאס אִינְגְל נִישְׁט גֶעקֶענְט פַּארְשְׁטֵיין פַּארְוָואס דֶער פּוֹיעֶר אִיז פְּלוּצְלוּנְג גֶעוָוארְן אַזוֹי גוּט צוּ אִיהם אוּן הָאט אִיהם גֶעגֶעבְּן אַ רֶענְדְל.

וֶוען דָאס אִינְגְל אִיז אַהֵיימְגֶעקוּמֶען אוּן הָאט דֶערְצֵיילְט רַבִּי פֶּסַח'ן וֶועגְן דֶעם גוּטְן פּוֹיעֶר, הָאט רַבִּי פֶּסַח צוּ אִיהם גֶעזָאגְט:

— הָאסְט זִיךְ גוּט אַיינְגֶעקוּקְט אִין זַיין פָּנִים? דֶערְפַּאר וָואס דוּ הָאסְט נִישְׁט גֶע'מַסֶר'ט אוֹיף דִי אַנְדֶערֶע קִינְדֶער, הָאסְטוּ גֶעהַאט דִי זְכִיָה "אִיהם צוּ זֶעהן"...

הָאט דָאס אִינְגְל נִישְׁט פַּארְשְׁטַאנֶען דֶעם פָּאטֶערְס רֵייד.

בַּיינַאכְט צוּם סֵדֶר. הֶערְשׁ אֱלִימֶלֶךְ'ל הָאט

גֶעפְרֶעגְט דִי פִיר קוּשְׁיוֹת אוּן רַבִּי פֶּסַח הָאט גֶעזָאגְט מִיט דִי קִינְדֶער דִי הַגָּדָה. נָאכְדֶעם הָאט מֶען גֶעגֶעסְן אוּן גֶעבֶּענְטְשְׁט. מֶען הָאט דֶערְנָאךְ אָנְגֶעגָאסְן דֶעם כּוֹס שֶׁל אֵלִיָהוּ אוּן מֶען הָאט גֶעעֶפְנְט דִי טְהִיר צוּ "שְׁפוֹךְ חֲמָתְךָ". מִיט אַמָאל אִיז דָאס אִינְגְל הֶערְשׁ אֶלִימֶלֶךְ'ל אִינְגַאנְצְן דֶערְצִיטֶערְט גֶעוָוארְן:

— קוּק, טַאטֶע! — הָאט עֶר גֶעגֶעבְּן אַ גֶעשְׁרֵיי — דָאס אִיז דָאךְ דֶער זֶעלְבֶּער, וָואס אִיךְ הָאבּ הַיינְט גֶעזֶען, וֶועלְכֶער אִיז גֶעזֶעסְן אוֹיפְן וָואגְן!

הֶערְשׁ אֶלִימֶלֶךְ'ל הָאט גֶעוָואלְט צוּגֵיין צוּ דֶעם מֶענְטְשְׁן, וָואס הָאט זִיךְ בַּאוִויזְן בַּיי דֶער טְהִיר, אָבֶּער דֶער מֶענְטְשׁ אִיז פַארְשְׁוואוּנְדְן גֶעוָוארְן.

נָאךְ דֶעם סֵדֶר הָאט רַבִּי פֶּסַח גֶעזָאגְט צוּ זַיין זוּהְן הֶערְשׁ אֶלִימֶלֶךְ'לֶען:

— זַיי וִויסְן, מַיין זוּהן, וַוייל דוּ הָאסְט הַיינְט גֶעטְהוּן אַ גוּטֶע זַאךְ, הָאסְטוּ זוֹכֶה גֶעוֶועזְן צוּ זֶעהְן

אֵלִיָּהוּ הַנָּבִיא, זָכוּר לַטּוֹב, צְוֵויי מָאל אִין אֵיין טָאג...

*

דָאס אִינְגֶל אִיז אוֹיפְגֶעוָואקְסְן אוּן הָאט גֶעלֶערְנְט תּוֹרָה אוּן זַיין נָאמֶען הָאט גֶעשֶׁמְט אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט. דָאס אִיז גֶעוֶוען דֶער רֶבִּי רַבִּי הֶערְשׁ אֱלִימֶלֶךְ פוּן דִינָאוו, דֶער בַּעַל "בְּנֵי יִשָּׂשכָר". — הָאט דֶער דְזְשִׁיקֶעוֶוער רֶבִּי פַארְעֶנְדִיגְט דִי מַעֲשֶׂה, אוּן עֶר הָאט אוֹיסְגֶעפִיהְרְט:

— יָא, מֶען קֶען "אִיהם" תָּמִיד זֶעהן, בִּפְרַט הַיינְט בַּיינַאכְט בַּיים סֵדֶר. אִין פַארְשִׁידֶענֶע גֶעשְׁטַאלְטְן בַּאַווייזְט עֶר זִיךְ צוּ אוּנְז. מֶען דַארְף נָאר טְהוּן אַ מִצְוָה לִשְׁמָהּ, אוּן לָאמִיר טַאקֶע דִי זְכִיָּה הָאבְּן "אִיהם" צוּ זֶעהן — הָאט דֶער דְזְשִׁיקֶעוֶוער רַבִּי אוֹיסְגֶעלָאזְט, אוּן אַלֶע הָאבְּן גֶעזָאגְט דִי הַגָּדָה מִיט הִתְלַהֲבוּת.

# אַ אוֹרַח אוֹיף פֶּסַח

יָארְן לַאנְג הָאט אִין דָארְף גִידְזְשֶׁעל בַּיי פְּיֶעטְרִיקָאוו גֶעוואוֹינְט דֶער נִסְתָּר רַבִּי הֶערְשֶׁעלֶע, גֶעוואוֹינְט הָאט עֶר אִין אַ הַייזְל וָואס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַיינְזַאם אוֹיפְן שׂוֹיס פון דֶער נַאטוּר.

דָאס הַייזְל הָאט זִיךְ מִיט גָארְנִישְׁט אוּנְטֶערְשֵׁיידְט מִיט זַיין אוֹיסְזֶעהן פוּן דִי אִיבֶּערִיגֶע דָארְפִישֶׁע כַּאטְקֶעס. אוֹיךְ רַבִּי הֶערְשֶׁעלֶע הָאט זִיךְ לְפָנִים נִישְׁט אַרוֹיסְגֶעוִויזְן אַנְדֶערְשׁ פוּן דֶעם מִנְיָן אִידְן וָואס הָאבְּן גֶעוואוֹינְט אִין דָארְף. אִין אֱמֶת'ן אָבֶער הָאט רַבִּי הֶערְשֶׁעלֶע פֶערְמָאגְט אִין זִיךְ אַ גְרוֹיסֶע נְשָׁמָה. עֶר אִיז גֶעוֶועזְן פוּן יֶענֶע צַדִיקִים אָן וֶועלְכֶע דִי וֶועלְט קֶען נִישְׁט עֶקְזִיסְטִירְן. אִין יֶעדְן דוֹר זַיינֶען זֵיי פַארְהַאן נָאר מֶען וֵוייסְט גָארְנִישְׁט פוּן זֵיי, וַוייל זֵיי זַיינֶען בַּאהַאלְטֶענֶע צַדִיקִים, וָואס לְפָנִים בַּאהַאלְטְן זֵיי זִיךְ אוֹיס מֶען זָאל נִישְׁט וִויסְן

פוּן זֵייעֶר זַיין אוֹיף דֶער וֶועלְט. רַבִּי הֶערְשֶׁעלֶע הָאט אוֹיךְ אָנְגֶעהֶערְט צוּ אַזַא סָארְט צַדִיקִים.

אֵיינְמָאל זַייעֶנְדִיג אִין פְּשִׁיסְכֶע בַּיים רֶבִּין רַבִּי בּוּנִים, הָאט דֶער רֶבִּי דֶערְשְׁפִּירְט, אַז רַבִּי הֶערְשֶׁעלֶע אִיז אַ גְרוֹיסֶער צַדִיק. דֶער רֶבִּי הָאט בַּאשְׁלָאסְן אִיהם צוּ אַנְטְפְּלֶעקְן, זָאל דִי וֶועלְט וִויסְן, אַז אִין דָארְף גִידְזְשֶׁעל וואוֹינְט אַ אִיד, וָואס קֶען הֶעלְפְן גֶעפַּיינִיגְטֶע אִידְן...

אוֹיף אַ זוּמֶערְדִיגְן שַׁבָּת פַּרְשַׁת רְאֵה, הָאט דֶער רֶבִּי רַבִּי בּוּנִים מִיט זַיין חַבְרַיָא זִיךְ פַּארְקְלִיבְּן צוּ רַבִּי הֶערְשֶׁעלֶען. בַּיי דֶער סְעוּדָה, אִין דֶערְפְּרִי, הָאבְּן אַלֶע גֶעזָאגְט תּוֹרָה אוּן פַּארְלַאנְגְט אַז אוֹיךְ רַבִּי הֶערְשֶׁעלֶע זָאל עֶפֶּעס זָאגְן. עֶר הָאט אָבֶּער גֶעפִילְט אַז מֶען וִויל אִיהם קְרוֹינֶען פַּאר אַ רֶבִּי אוּן עֶר הָאט אַ זָאג גֶעטְהוּן:

— אִיךְ בִּין אַ פְּרָאסְטֶער אִיד, אִיךְ וֵוייס נִישְׁט מֶער, וִוי אִין דֶער הַיינְטִיקֶער סֶדְרָה שְׁטֵייט "רְאֵה אָנוֹכִי", דָאס הֵייסְט "פַּאטְשׁ סַאבְּיֶע" (קוּק דִיר אַלֵיין נָאךְ!).

זֵיי אַלֶע הָאבְּן דַאן פַּארְשְׁטַאנֶען וָואס עֶר

מֵיינְט דֶערְמִיט און זֵיי הָאבְּן אִיהם צוּרוּה גֶעלָאזְט, עֶר זָאל זִיךְ וַוייטֶער קֶענֶען וֶועבְּן זַיין לֶעבְּן.

מִיט אֵיין זַאךְ הָאט אָבֶער רַבִּי הֶערְשֶׁעלֶע יָא גֶעשֶׁמְ׳ט אִין דָארְף. עֶר אִיז גֶעוֶוען אַ גְרוֹיסֶער בַּעַל מַכְנִיס אוֹרֵחַ. מִיט דֶער דָאזִיגֶער מִצְוָה הָאט עֶר זִיךְ שׁוֹין נִישְׁט גֶעקֶענְט בַּאהַאלְטְן. אוֹיף יֶעדְן שַׁבָּת און יוֹם־טוֹב הָאט אַ אוֹרֵחַ גֶעמוּזְט בַּיי אִיהם עֶסְן, הוֹיפְּטְזִיכְלִיךְ אָבֶער — פֶּסַח בַּיים סֵדֶר. רַבִּי הֶערְשֶׁעלֶע הָאט גֶעהַאלְטְן אַז ״כָּל דִכְפִין יֵיתֵי וְיֵיכֹל״ אִיז נִישְׁט בְּלוֹיז וֶוערְטֶער נָאר עֶס מוּז פַארְוִוירְקְלִיכְט וֶוערְן. עֶס הָאט נִישְׁט גֶעטְרָאפְן קֵיין יָאר, וָואס בַּיי זַיין סֵדֶר זָאל זִיךְ נִישְׁט גֶעפִינֶען אַ אוֹרֵחַ, און אַמָאל אוֹיךְ עֶטְלִיכֶע.

וַיְהִי הַיּוֹם — מַאכְט זִיךְ אֵיינְמָאל אַ מַעֲשֶׂה, עֶס אִיז גֶעוֶוען עֶרֶב־פֶּסַח און רַבִּי הֶערְשֶׁעלֶען אִיז נָאךְ קֵיין אוֹרֵחַ אוֹיף פֶּסַח נִישְׁטָא. דִי זוּן הָאט זִיךְ אַ רוּק גֶעטְהוּן הֶעט־וַוייט אוֹיפְן הָארִיזָאנְט. דֶער וַואלְד בַּיים דָארְף הָאט גֶענוּמֶען בְּרֶענֶען פוּן דִי זוּן. רַבִּי הֶערְשֶׁעלֶע שְׁטֵייט אוֹיפְן וֶועג מִיט אַ הַאנְט פַארְלֵייגְט אִיבֶּערְן שְׁטֶערְן, כְּדֵי צוּ קֶענֶען זֶען צוּ עֶס וַוייזְט זִיךְ נִישְׁט אַמָאל פוּנְדֶערְוַוייטְנְס עֶפֶּעס אַ

איד, און דֶער הָארִיזָאנְט אִיז דורְכְזִיכְטִיג-בְּלוּילִיךְ. מֶען זֶעט נִישְׁט אֲפִילוּ קֵיין רִירֶעוְודִיג שְׁוַוארְץ פִּינְטֶעלֶע.

נִישְׁט אַנְדֶערְשׁ וִוי הַיינְטִיגְס יָאר וֶועט אִיהם אוֹיסְקוּמֶען צוּ זִיצְן בַּיים סֵדֶר אָן אַ אוֹרֵחַ. רַבִּי הֶערְשֶׁעלֶע וויל אָבֶער מִיט דֶעם נִישְׁט שָׁלוֹם מַאכְן. עֶס פַארְקְלֶעמְט אִיהם דָאס הַארְץ. אַ נָאגְנֶדֶע בֵּיינְקֶענִישׁ צוּ דֶער מִצְוָה פוּן הַכְנָסַת אוֹרְחִים נֶעמְט אִיהם אַרוּם, בְּעהֶערְשְׁט גֶענְצְלִיךְ זַיין גוּף און אַ הֵיילִיגֶע תְּפִלָה גֵייט אִיבֶער זַיינֶע לִיפְּן צוּם טַאטְן אִין הִימְל:

— אַי, אַי, הֵיילִיגֶער טַאטֶע! צוּ וֶועט טַאקֶע אוֹיסְקוּמֶען דַיין קְנֶעכְט צוּ זִיצְן בַּיים סֵדֶר אָן אַ אוֹרֵחַ? אִיז טַאקֶע דָאס יָאר מִיר נִישְׁט בַּאשֶׁערְט מְקַיֵים צוּ זַיין אִין הֵיילִיגְן פֶּסַח דִי מִצְוָה, וָואס שׁוֹין אַבְרָהָם אָבִינוּ הָאט זִי אַזוֹי אָפְּגֶעהִיט?

זִיךְ אַרָאפְּגֶערֶעדְט פוּן הַארְץ — אִיז רַבִּי הֶערְשֶׁעלֶע אַ וַויילֶע גֶעבְּלִיבְּן שְׁטֵיין, וִוי פַארְשְׁטֵיינֶערְט. וַוייט וַוייט אוֹיפְן הָארִיזָאנְט הָאט זִיךְ גֶעצֵייכְנְט אַ קְלֵיין שְׁוַוארְץ פִּינְטֶעלֶע. בַּאלְד אִיז

דָאס פִּינְטֶעלֶע פַארְשְׁוואוּנְדְן גֶעוָוארְן, צוּרִיק אוֹיפְגֶעטוֹיכְט אוּן אַ אִיד מִיט אַ לַאנְגֶע וַוייסֶע בָּארְד בִּיז דִי לֶענְדְן, מִיט אַ פַארְוָוארְפֶענֶער טָארְבֶּע אִיבֶּער דִי פְּלֵייצֶעס, הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעשֵׁיילְט פוּן בֵּין־הַשְּׁמָשׁוֹת־גֶעוֶועבּ.

רַבִּי הֶערְשֶׁעלֶע הָאט זִיךְ אַ רִיס גֶעטְהוּן פוּן אָרְט, גֶענוּמֶען לוֹיפְן אוּן שְׁרַייעֶן:

— רַבִּי אִיד! בַּיי מִיר וֶועט אִיר הַאלְטְן פֶּסַח, עֶס וֶועט אַייךְ נִישְׁט פֶעלְן אֲפִילוּ פוּן דָאס קְלֶענְסְטֶע.

דֶער פְרֶעמְדֶער אִיז אַ וַוײלֶע גֶעבְּלִיבְּן שְׁטֵיין, אָפְּגֶעמָאסְטְן מִיט זַיין בְּלִיק רַבִּי הֶערְשֶׁעלֶען אוּן אַ זָאג גֶעטְהוּן:

— אִיךְ בִּין נָאךְ נִישְׁט קֵיין חָסֵר דֵעָה, אִיךְ וֶועל נִישְׁט הַאלְטְן פֶּסַח בַּיי יִשׁוּב׳נִיקֶעס אִין דָארְף צְוִוישְׁן אַנְטֶעקֶס אוּן מַאטְשֶׁעק׳ס, אִיךְ מוּז גֵיין קֵיין פְּלָאוְונֶע אוֹיף פֶּסַח.

רַבִּי הֶערְשֶׁעלֶע הָאט דֶעם פְרֶעמְדְן גֶענוּמֶען בֶּעטְן עֶר זָאל מִיט אִיהם מִיטְגֵיין, אָבֶער —

אוּמְזִיסְט. יֶענֶער הָאט פוּן גָארְנִישְׁט גֶעוָואלְט וִויסְן, זִיךְ גֶעהַאלְטְן בַּיי דָאס זַיינִיגֶע. עֶר מוּז גֵיין אִין שְׁטָאט אַרַיין. וָוען יֶענֶער הָאט שׁוֹין גֶענוּמֶען גֵיין אוּן רַבִּי הֶערְשֶׁעלֶע הָאט אִיהם פַארְשְׁטֶעלְט דֶעם וֶועג בֶּעטְנְדִיג תַּחֲנוּנִים עֶר זָאל בְּלַייבְּן בַּיי אִיהם, הָאט דֶער פְרֶעמְדֶער אַ צִיה גֶעטָאן מִיט דִי פְּלֵייצֶעס אוּן תַּמֶ׳עוַואטֶע גֶעזָאגְט:

— אוֹיבּ עֶר וֶועט מִיר גֶעבְּן טוֹיזְנְט רוּבְּל, זָאל זַיין וָואס עֶר וִויל, וֶועל אִיךְ זַיין בַּיי אַייעֶר סֵדֶר...

הֶערְנְדִיג, אַז דֶער פְרֶעמְדֶער פַארְלַאנְגְט טוֹיזְנְט רוּבְּל, הָאט רַבִּי הֶערְשֶׁעלֶע אַ זָאג גֶעטְהוּן צוּ זִיךְ:

— פַארְפַאלְן, קֵיין אַנְדֶערֶע עֵצָה אִיז נִישְׁטָא

— אוּן מָאמֶענְטַאל הָאט עֶר גֶענוּמֶען פִירְן דֶעם פְרֶעמְדְן, זָאגְנְדִיג צוּ אִיהם:

— רַבִּי אִיד! אוֹיף מַיין הֵן־צֶדֶק, קוּמְט מִיט מִיר. אִיהר קְרִיגְט שׁוֹין דִי טוֹיזְנְט רוּבְּל.

דֶער פְרֶעמְדֶער הָאט נָאךְ גֶעמוּרְמְלְט עֶפֶּעס אוּנְטֶער דֶער נָאז. עֶרְשְׁט וֶוען רַבִּי הֶערְשֶׁעלֶע הָאט

אִיהם אוֹיסְגֶעצָאלְט דִי טוֹיזְנְט רוּבְּל, וֶועלְכֶע זַיינֶען בַּאשְׁטַאנֶען פוּן זַיין גַאנְצְן פַארְמֶעגְן, הָאט זִיךְ יֶענֶער בֶּערוּהִיגְט.

בַּיים סֵדֶר וֶוען מֶען הָאט אוֹיפְגֶעגֶעבְּן דִי סְפֶּעצִיפִישֶׁע פֶּסַח-מַאֲכָלִים, הָאט דֶער פְּרֶעמְדֶער אוֹיפְגֶעגֶעסְן וָואס מֶען הָאט נָאר דֶערְלַאנְגְט און כָּאטְשׁ רַבִּי הֶערְשֶׁעלֶע הָאט זִיךְ גֶעמוּטְ בֶּענוּגֶענֶען מִיט אַ בְּלוֹיזְן כַּזַיִת מַצָה, הָאט פוּנְדֶעסְטְוֶועגְן זַיין פָּנִים גֶעשַׁיינְט פוּן חֶדְוָה, אַז גָ־ט אִין הִימְל, הָאט אִיהם צוּגֶעשִׁיקְט אַ אוֹרַח אוֹיף פֶּסַח. וֶוען מֶען הָאט אָפְּגֶעזָאגְט "שִׁיר הַשִׁירִים" נָאכְן סֵדֶר, הָאט רַבִּי הֶערְשֶׁעלֶע צוּנוֹיפְגֶעטְרָאגְן קִישְׁנְס, אוֹיסְגֶעבֶּעט אַ גֶעלֶעגֶער פַארְן פְּרֶעמְדְן, עֶס זָאל זַיין וַוייךְ צוּ שְׁלָאפְן.

צוּמָארְגְנְס, אִינְדֶערְפְרִי, דִי זוּן שְׁטֵייט שׁוֹין הוֹיךְ, דִי פֵייגְל הָאבְּן שׁוֹין לַאנְג אָפְּגֶעזָאגְט זֵייעֶר יוֹם טוֹב׳דִיגְן "הַלֵל", אַ זַאנְפְּט ווינְטְל הָאט זִיךְ גֶעשְׁפִּילְט מִיטְן שְׁטְרוֹי-דֶעכְל פוּן דֶער כַּאטְקֶע און דֶער אוֹרַח שְׁלָאפְט נָאךְ אַלְץ. דָאס "מִנְיָן" פוּן דָארְף אִיז שׁוֹין לַאנְג גֶעוֶוען פֶערְזַאמְלְט, גֶעוָואלְט דַאוְונֶען. רַבִּי הֶערְשֶׁעלֶע אִיז גֶעוָוארְן אוּמְגֶעדוּלְדִיג

און בֶּעשְׁלָאסְן אִיהם אוֹיפְצוּוֶועקְן. עֶר הָאט גֶענוּמֶען רוּפְן דֶעם אוֹרַח אָבֶּער "אֵין קוֹל וְאֵין עוֹנֶה". ווי דֶערְשְׁטוֹינְט אִיז עֶר אָבֶּער גֶעוָוארְן דֶערְזֶעהֶענְדִיג, אַז דָאס בֶּעט, אִין וֶועלְכְן דֶער אוֹרַח אִיז גֶעשְׁלָאפְן, שְׁטֵייט לֵיידִיג און... דִי טוֹיזְנְט רוּבְּל לִיגְן פוּן אוֹיבְן אוֹיף.

אַ צַייט שְׁפֶּעטֶער אִיז רַבִּי הֶערְשֶׁעלֶע גֶעוֶועזְן בַּיים רֶבִּין רַבִּי בּוּנִים אִין פְּשִׁיסְכֶע. הָאט דֶער רֶבִּי גֶעזָאגְט צוּ אִיהם:

— אוֹי הֶערְשֶׁעלֶע, הָאסְטוּ גֶעהַאט אַ טַייעֶרְן אוֹרַח בַּיים פֶּסַח'דִיגְן סֵדֶר. דוּ הָאסְט גֶעהַאט גִלוּי אֵלִיָהוּ!

## "מִמִצְרַיִם וְעַד הֵנָּה וְשָׁם נֶאֱמַר"

רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אַשְׁכְּנַזִי, דֶער קְרַאקָאוֶוער רָב, פְּלֶעגְט דִי גַאנְצֶע צַייט, וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶוען רָב אִין אִיטַלְיֶען פַארְבֶּעטְן צוּ דִי סֵדֶר־נֶעכְט עֶטְלִיכֶע אוֹרְחִים, כְּדֵי מְקַיֵים צוּ זַיין: כָּל דִכְפִין יֵיתֵי וְיֵיכוֹל — וֶוער עֶס אִיז הוּנְגֶערִיג זָאל קוּמֶען עֶסְן.

הָאט זִיךְ אָבֶער גֶעמַאכְט, אַז עֶס אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען עֶרֶב פֶּסַח בֵּין הַשְּׁמָשׁוֹת און קֵיין אוֹרְחִים הָאט עֶר נִישְׁט גֶעזֶען. אִיז עֶר גֶעלָאפְן אִין שׁוּהל זוּכְן אוֹרְחִים. נָאכְן דַאוְונֶען הָאט עֶר בַּאמֶערְקְט ווִי אַ אוֹרֵחַ שְׁטֵייט בַּיי דֶער טְהִיר, בֶּעטְנְדִיג אַז מֶען זָאל אִיהם אַהֵיימְנֶעמֶען צוּם סֵדֶר, הָאט רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אַשְׁכְּנַזִי אִיהם גְלַייךְ פַארְבֶּעטְן צוּ זִיךְ אַהֵיים.

גְלִיקְלִיךְ הָאט זִיךְ דֶער דָאזִיגֶער גָאוֹן גֶעפִיהלְט מִיט דֶעם אוֹרֵחַ, און טַאקֶע אִיהם מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד גֶעזֶעצְט נֶעבְן זִיךְ, צוּדֶערְלַאנְגְט

בִּכְבוֹדוֹ וּבְעַצְמוֹ דֶעם אוֹרֵחַ דִי כּוֹסוֹת, מִיט וַויין, דִי יְרָקוֹת א.א.וו. דֶער אוֹרֵחַ אָבֶער הָאט דִי גַאנְצֶע צַייט נִישְׁט אַרָאפְּגֶעלָאזְט זַיין אוֹיג פוּן דֶעם טַייעֶרְן "כּוֹס שֶׁל אֵלִיָהוּ" וָואס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיפְן טִישׁ.

ווִי נָאר רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אַשְׁכְּנַזִי הָאט גֶעטְרוּנְקֶען דֶעם עֶרְשְׁטְן כּוֹס (פוּן קִידוּשׁ), אִיז עֶר פְּלוּצִים שְׁלֶעפֶעִריג גֶעוָוארְן אוּן אַיינְגֶעדְרִימְלְט אוֹיפְן הֵיסֵב בֶּעט. דָא קוּמְט אִיהם זַיין פָּאטֶער צוּם חָלוֹם. דֶער פָּאטֶער שְׁטֵייט נֶעבְּן אִיהם אוּן אִיז אִיהם מוֹדִיעַ, אַז אַ גְרוֹיסֶער אוּמְגְלִיק וַוארְט אוֹיף אִיהם אוּן אוֹיף אַלֶע אִידְן אִין אִיטַלְיֶען. דֶער אוֹרֵחַ, וֶועלְכְן עֶר הָאט פַארְבֶּעטְן צוּם סֵדֶר, לוֹיעֶרְט אוֹיף אִיהם אוּן אוֹיף דֶעם לֶעבְּן פוּן דִי אִיבֶּערִיגֶע אִידְן אִין לַאנְד.

בַּיי דִי דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער הָאט זִיךְ דֶער גָאוֹן אוֹיפְגֶעכַאפְּט פוּן שְׁלָאף, שְׁטַארְק דֶערְשְׁרָאקְן פוּן חָלוֹם וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט, אָבֶער עֶר הָאט זִיךְ בַּאלְד בַּאהֶערְשְׁט אוּן קֵיין אַכְט נִישְׁט גֶעלֵייגְט דֶערוֹיף אוּן וַוייטֶער גֶעזָאגְט מִיט גְרוֹיס הִתְלַהֲבוּת דִי הַגָּדָה.

אָבֶער דִי זֶעלְבֶּע מַעֲשֶׂה הָאט זִיךְ

איבּערגעחזרט נאָכן צװײטן כּוס. רבּי אליעזר אַשכּנזי דרימלט װידער אײן אױפן היסב בעט און װידער קומט איהם צום חלום זײן פּאָטער און איז איהם מתרה, אַז ער צוזאַמען מיט אַלע אידן אין איטאַליען געפינען זיך אין אַ גרױסע סכּנה צוליב דעם אורח; אַ סימן, אַז אױף דעם אורח׳ס הגדה געפינט זיך, אױף דער לעצטער זײט פאַרקעהרט אױפגעשריבּן דער פּסוק "ממצרים ועד הנה ושם נאמר"...

מיט גרױס שרעק האָט זיך רבּי אליעזר אַשכּנזי אױפגעכאַפּט אױך דאָס מאָל פון שלאָף אַ דערשיטערטער, און דערזעהענדיג מיט זײנע אױגן דעם סימן װאָס זײן פאָטער האָט איהם מודיע געװען, האָט רבּי אליעזר אַשכּנזי שױן געגלױבּט אַז עפּעס אױסטערלישעס װאַרט אױף איהם און אױף אַלע אידן אין איטאַליען, פון דעם גאַסט װאָס זיצט נעבן איהם בּײם סדר.

ער האָט זיך נאַטירליך שױן נישט געקענט באַהערשן און מודיע געװען זײנע בּני־בּית פון די חלומות װאָס ער האָט געהאַט. מען האָט דעם סדר איבּערגעריסן און געקלערט אַ עצה, װאָס װײטער

צו טְהון.

דֶער פַארְשְׁלַייעֶרְטֶער אורַח, אָבֶער, הָאט אויסְנוּצְנְדִיג דִי בֶּהָלָה, אַרָאפּ גֶעכַאפְּט דֶעם כּוֹס שֶׁל אֵלִיָהוּ פוּן טִישׁ, און אוּמְבַּאמֶערְקְט אַנְטְלָאפְן פוּן דֶעם רָבִ׳ס שְׁטוּבּ.

אָבֶער אוֹיךְ רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אַשְׁכְּנַזִי הָאט צוּזַאמֶען מִיט זַיין גַאנְצֶע בְּנֵי בַּיִת אִין דֶער דָאזִיגֶער נַאכְט פוּן לֵיל שִׁמּוּרִים פַארְלָאזְט זַיין הוֹיז און דִי שְׁטָאט.

*

אַ גֶעוִויסֶע צַייט פַאר דֶעם הָאט מֶען גֶעהַאט בֶּעגַנְבֶעט דֶעם קֶענִיגְלִיכְן שַׁאץ קַאמֶער אִין אִיטַאלְיֶען. צְווִישְׁן דִי גֶעגַנְבֶעטֶע זַאכְן הָאט זִיךְ אוֹיךְ גֶעפוּנֶען דֶער דָאזִיגֶער קִידוּשׁ בֶּעכֶער. דֶער בֶּעכֶער אִיז גֶעוֶוען אַ אָנְדֶייְנְק פוּן קֶענִיג׳ס אוּר־עֶלְטֶערְן און פְלֶעגְט אִיבֶּערְגֵיין בִּירוּשָׁה פוּן דוֹר צוּ דוֹר.

צוּלִיבּ דֶער דָאזִיגֶער גְנֵבָה הָאט זִיךְ דֶער קֶענִיג שְׁטַארְק מְצַעֵר גֶעוֶוען און הָאט גֶעלָאזְט צוּ זִיךְ

רופֿן אַלע זײַנע יועצים, מיניסטאָרן, סענאַטאָרן און גלחים צו קלערן אַ עצה, ווי די גנבֿה אויסצוגעפֿינען.

צווישן די דאָזיגע יועצים האָט זיך אויך געפֿונען אַ גלח, אַ משומד־להכעיס, וועלכער איז געווען אַ גרויסער צורר היהודים.

ער איז טאַקע געווען דער אײנציגער, וואָס האָט באַשולדיגט די אידן אין דער גנבֿה, איבערהויפּט פֿון דעם טײַערן בעכער, כּלומרשט צו אידישע "מצווה" צוועקן. ער האָט זיך אויך אונטערגענומען די דאָזיגע גנבֿה צו ענטדעקן, ער האָט זיך אויסגערעדט מיטן קעניג, אַז קוים וועט ער דעם בעכער געפֿינען בײַ אַ איד, וועלן אַלע אידן מוזן פֿאַרטריבן ווערן. דערויף האָט דער קעניג מסכּים געווען, געבנדיג דעם משומד די פֿולמאַכט צו זוכן דעם בעכער אין די אידישע הײַזער.

דער דאָזיגער משומד, וועלכער איז געווען דער פֿאַקטישער גנבֿ פֿון דעם טײַערן בעכער, וועלנדיג אויפֿווײַזן, אַז די אידן זײַנען די גנבֿים

פון קֶעניגְליכְן שַׁאץ קַאמֶער, הָאט אַרויסגֶעשִׁיקְט אויף דֶער פְּרָאוִינְץ זַיינֶעם אַ פַּארְטְרוילִיכְן מֶענְטְשׁ צוּ פַארְקויפְן דֶעם בֶּעכֶער פַאר אַ אִיד, כְּדֵי דַאן צוּ קֶענֶען מַאכְן אַ בִּלְבּול אויף אִידְן...

דֶער מֶענְטְשׁ הָאט גְרָאד אָנְגֶעטְרָאפְן אִין דֶער שְׁטוּב פון רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אַשְׁכְּנַזִי, וֶועלְכֶער הָאט דִי טַייעֶרֶע כֵּלִי בַּיי דֶעם פְרֶעמְדְן הֶענְדְלֶער גֶעקויפְט און אַ סַאךְ גֶעלְד אִיהם דֶערְפַאר גֶעגֶעבְן. צוּלִיב זַיין שֵׁיינְקַייט און טַייעֶרְקַייט הָאט רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אַשְׁכְּנַזִי דֶעם בֶּעכֶער בַּאנוּצְט צוּם סֵדֶר אַלְס "כּוֹס שֶׁל אֵלִיָהוּ".

אַזוֹי וִוי דֶער מְשׁוּמָד הָאט זִיךְ דֶערְוואוּסְט פון זַיין מֶענְטְשׁ, אַז גֶעקויפְט הָאט דֶעם גֶעגַנְבֶעטְן בֶּעכֶער נִישְׁט קֵיין אַנְדֶערֶער, וִוי דֶער גְרויסֶער אָנְגֶעזֶעהֶענֶער גָאוֹן רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אַשְׁכְּנַזִי, הָאט עֶר זִיךְ גֶעלָאזְט פַארְן אִידִישְׁן פֶּסַח אִין דֶער שְׁטָאט וואוּ רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אַשְׁכְּנַזִי אִיז גֶעוֶוען רָב און גֶעזוּכְט אַ עֵצָה וִוי צוּ כַאפְּן בַּיי אִיהם דִי כְּלוֹמֶרְשְׁטֶע גְנֵבָה.

וִויסְנְדִיג, אַז אַ אִיד בַּאצִירְט זַיין סֵדֶר טִישׁ

מִיט דִי טַייעֶרְסְטֶע כֵּלִים אוּן זַאכְן, הָאט עֶר זִיךְ אִיבֶּערְגֶעטְהוּן אַלְס אָרִימֶער אִיד אוּן זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אִין אָוְונְד בַּיי דֶער טְהִיר פוּן דֶער שׁוּהל, בֶּעטְנְדִיג דֶעם רָב, וֶוען עֶר אִיז שׁוֹין אַהֵיימְגֶעגַאנְגֶען פוּן דַאוְונֶען, אַז עֶר זָאל אִיהם מִיטְנֶעמֶען צוּם סֵדֶר. רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אַשְׁכְּנַזִי, אִיז דֶעמָאלְס גֶעוֶוען אִיבֶּער גְלִיקְלִיךְ כְּאטְשׁ אֵיין אוֹרַח בַּיי זַיין טִישׁ צוּ הָאבְּן. עֶר הָאט דָאךְ אַ גַאנְצְן עֶרֶב פֶּסַח אַרוֹיסְגֶעקוּקְט אוֹיף אַ אוֹרַח.

טְרֶעפְנְדִיג אוֹיפְן טִישׁ שְׁטֵיין דֶעם גֶעגַנְבֶ׳עטְן קֶענִיגְלִיכְן בֶּעכֶער, הָאט דֶער מְשׁוּמָד דִי גַאנְצֶע צַייט וָואס עֶר אִיז גֶעזֶעסְן בַּיים סֵדֶר, נָאר גֶעקְלֶערְט וְוִי אַזוֹי אִיהם צוּ בַּאקוּמֶען אִין זַיינֶע הֶענְד אַרַיין, וָואס עֶס אִיז אִיהם אוֹיךְ גֶעלוּנְגֶען צוּלִיב דֶער בֶּהָלָה, וָואס הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט בַּיים סֵדֶר.

דֶער מְשׁוּמָד הָאט אִיצְט גֶעקֶענְט מִיט אוֹתוֹת אוּן מוֹפְתִים בַּאוַוייזְן אוּן אִיבֶּערְצַייגְן דֶעם קֶענִיג, אַז נִישְׁט קֵיין פָּשׁוּטֶער אִיד אִיז גֶעוֶוען דֶער גַנָב פוּן דֶעם בֶּעכֶער, נָאר דֶער אָנְגֶעזֶעהֶענְסְטֶער רָב אִין אִיטַאלְיֶען.

דֶער קֶעניִג הָאט טַאקֶע בַּאפוֹילְן אַלֶע אִידְן אָן אוֹיסְנַאם צוּ פַארְטְרַייבְן פוּן לַאנְד און צוּ קָאנְפִיסְקִירְן זֵייעֶרֶע פַארְמֶעגְנְס.

דֶערְוִויסְנְדִיג זִיךְ פוּן דֶעם שְׁרֶעקְלִיכְן בִּלְבּוּל וָואס דֶער מְשׁוּמָד הָאט גֶעמַאכְט אוֹיף דִי אִידְן צוּלִיבּ וֶועלְכְן דֶער קֶעניִג הָאט אַרוֹיסְגֶעגֶעבְּן דִי גְזֵרָה, הָאבְּן דִי אִידְן זִיךְ גֶענוּמֶען צוּ עֶנְטְדֶעקְן דֶעם שֶׁקֶר און דֶעם סוֹד פוּן דֶער גְנֵבָה. עֶס אִיז זֵיי אוֹיךְ גֶעלוּנְגֶען דֶערְפוּן צוּ אִיבֶּערְצַייגְן דֶעם קֶעניִג, אַז דֶער מְשׁוּמָד אִיז גֶעוֶוען דֶער גַנָב, דֶער פַארְקוֹיפֶער און דֶער בִּלְבּוּל מַאכֶער, און אַז עֶר הָאט גֶעוָואלְט דִי אִידְן פַארְאוּמְגְלִיקְן צוּלִיבּ שִׂנְאָה. דֶער קֶעניִג הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט אִיבֶּערְצַייגְן און גֶעהֵייסְן דִי אִידְן וַוייטֶער אִין זַיין לַאנְד פַארְבְּלַייבְּן, אָבֶּער רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אַשְׁכְּנַזִי, דֶער זוּהן פוּן רַבִּי אֵלִיָּהוּ הָרוֹפֵא אַשְׁכְּנַזִי, אִיז שׁוֹין דֶעמָאלְט גֶעוֶוען אִין קְרָאקֶע. דָא אִיז עֶר אוֹיךְ גֶעוָוארְן רָב, אָבֶּער מִיט אַ גֶעוֵויינְלִיךְ גְלָאז הָאט עֶר זִיךְ שׁוֹין בַּאנוּצְט צוּם סֵדֶר אַלְס "כּוֹס שֶׁל אֵלִיָּהוּ". עֶר אִיז אִין קְרָאקֶע גֶעשְׁטָארְבְּן אִין יָאהר שמ"ו.

אוֹיף זַיין מַצֵבָה הָאט עֶר פַארְן טוֹיט גֶעהֵייסְן

אויפשרייבן דעם פסוק: ״ממצרים ועד הנה ושם נאמר״, ״ושם״ איז אויך דאס יאהר פון זיין פטירה שמ״ו.

דאס זאל זיין א רמז צו דעם נס, וואס עס האט איהם געטראפן אין יענער סדר נאכט.

אויף דער אויסגעפונענער מצבה אויפן אלטן בית החיים אין קראקע געפינט זיך טאקע אויפגעשריבן דער דאזיגער פסוק.

# חֲנִינָא דֶער וַואסֶער טְרֶעגֶער

וֶוען דֶער צַאר אִיוַואן דֶער גְרוֹיזַאמֶער אִיז מִיט זַיין ווילְדְן מִילִיטֶער אַרַיין אִין דֶער שְׁטָאט פָּאלָאצְק, אִין יָאהר ת״כ, הָאט מֶען אַלֶע אִידְן אַרוֹיסְגֶעיָאגְט פוּן די שְׁטִיבֶער אוּן מִיט נַאגַייקֶעס אוּן שְׁפִּיזְן זֵיי גֶעטְרִיבְן צוּם טַייךְ דְווינָא. עֶטְלִיכֶע גַלָחִים הָאבְּן זִיךְ אַוֶועקְגֶעשְׁטֶעלְט מִיט גְרוֹיסֶע צְלָמִים אוּן אָן שׁוּם צֶערֶעמָאנְיֶעס גֶעהֵייסְן אוֹיסְקְלַייבְּן צְווִישְׁן צְוֵויי בְּרֵירוֹת: שְׁמַד אָדֶער טוֹיט! מִיט הַאס אוּן עֶקֶל הָאבְּן די אִידְן גֶעקוּקְט אוֹיף די שְׁוַוארְצֶע צְלָמִים אוּן אוֹיף דֶעם צֶעיוּשֶׁעטְן הֲמוֹן, אוּן אוֹיף דֶעם שְׁטִילְן טַייךְ, וָואס אִיז גְרֵייט גֶעוֶוען זֵיי אוֹיפְצוּנֶעמֶען מִיט אָפֶענֶע אָרֶעמְס... אוּן די הֵיילִיגֶע עֵדָה אִידְן אִיז אַכְזָרִיוּת׳דִיג אוּמְגֶעקוּמֶען אוֹיף קִידוּשׁ הַשֵּׁם.

דָאךְ אִיז אֵיינֶער, אַ יוּנְגֶער בָּחוּר, וִוי דוּרְךְ אַ

נֵס לֶעבְּן־גֶעבְּלִיבְּן. אַ סַאךְ יוּנְגֶע בַּחוּרִים הָאבְּן גֶעפְּרוּבְּט אַנְטְלוֹיפְן נָאר עֶס אִיז זֵיי נִישְׁט גֶעלוּנְגֶען. עֶר אַלֵיין, חֲנִינָא, אָנְגֶעטֶהוּן אִין פוֹיעֶרִישֶׁע בְּגָדִים, הָאט זִיךְ אוֹיסְבַּאהַאלְטְן אוּנְטֶער אַ בֶּערְגֶל שְׁטֵיינֶער, נִישְׁט וַוייט פוּן אַ הַייזְקֶע. עֶר הָאט גֶעהֶערְט דִי "שְׁמַע־יִשְׂרָאֵל" אוֹיסְגֶעשְׁרַייעֶן, וָואס הָאבְּן זִיךְ שָׁעָה'ן־לַאנְג גֶעטְרָאגְן צוּ אִיהם. עֶר אִיז גֶעלֶעגְן אִין שְׁרֶעק אוּן וֵוייטָאג אוּן גֶערִיסְן זִיךְ דִי הָאר פוּן קָאפּ.

אִין אָוְונְט אִיז שׁוֹין גֶעוֶועְן שְׁטִיל. רֵיינֶע אוּן אוֹיסְגֶעלֵייזְטֶע פוּן יְסוּרִים זַיינֶען דִי נְשָׁמוֹת פוּן דִי פָּאלָאצְקֶער אִידְן אַרוֹיף צוּ גָ־ט. אִין אִידִישֶׁע הַייזֶער הָאבְּן גֶע'שְׁכּוֹרְט דִי זִיגֶערִישֶׁע חַיָילוֹת פוּן אִיוַואן דֶער אַכְזָר.

אִין דֶער זֶעלְבֶּער נַאכְט הָאט אוֹיסְגֶעבְּרָאכְן אַ פַּייעֶר, אַזַא פַּייעֶר הָאבְּן דִי קְרִיסְטְלִיכֶע אַיינְוואוֹינֶער נִישְׁט גֶעזֶען. יֶעדֶער פָּאר מִינוּט הָאט זִיךְ אָנְגֶעצוּנְדְן אַ אַנְדֶער כַּאטְקֶע. הָאלְץ אוּן שְׁפֶּענֶער, שְׁטְרוֹי אוּן הֵיי הָאבְּן גֶעפְלַאקֶערְט אִין יֶעדְן הוֹיף. ווי מִיט נַאפְט בַּאגָאסְן הָאבְּן פְלַאמֶען אַרוּמְגֶעכַאפְּט יֶעדֶעס צִימֶער וואוּ עֶס זַיינֶען

גֶעשְׁלָאפְן שִׁיכּוֹרֶע סָאלְדַאטְן אוֹיף דֶער עֶרְד.

כְּמְעַט דִי גַאנְצֶע שְׁטָאט אִיז אַוֶועק אִין רוּיךְ. דִי וָואס הָאבְּן אַ נַאכְט פְרִיעֶר זִיךְ גֶעגְרֵייט צוּ דֶער שִׂמְחָה פוּן מָארְדְן אִידְן זַיינֶען פַארְבְּרֶענְט גֶעוָוארְן אוֹיף אַשׁ.

צוּם גֶעצֶעלְט פוּן צַאר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אַ סָאלְדַאט מִיט אַ בְּרִיוו. דֶער צַאר הָאט שׁוֹין גֶעהֶערְט פוּן דֶער פִינְצְטֶערֶער בְּשׂוֹרָה, אָבֶער דָא בְּרֵיינְגְט אִיהם אַרַיין זַיין נָאהֶנְטֶער דִינֶער דֶעם בְּרִיוו, אוּן עֶר לֵייעֶנְט: "פַייעֶר פַאר וַואסֶער — אַ אִיד".

דֶער צַאר הָאט אַ וָוארְף גֶעטְהוּן אַ שְׁפִּיז אוּן דֶערְשְׁטָאכְן זַיין פְּרַיינְט, דֶעם דִינֶער, וָואס אִיז אַוֶועקְגֶעפַאלְן אוֹיף דֶער עֶרְד אוּן קוֹים בַּאוִויזְן צוּ פְרֶעגְן... פַארְוָואס?

— וֶוער הָאט דָא גֶעבְּרַאכְט דֶעם בְּרִיוו — הָאט דֶער צַאר גֶעבְּרוּמְט ווִי אַ ווילְדֶע חַיָה.

אַלֶע הָאבְּן גֶעזוּכְט דֶעם שָׁלִיחַ וָואס הָאט גֶעבְּרַאכְט דֶעם בְּרִיוו צוּם צַאר, אָבֶער עֶר אִיז שׁוֹין

גֶעוֶוען וַוייט אַוֶועק פון לַאגֶער. אַ הונְגֶערִיגֶער, אויסְגֶעמַאטֶערְטֶער הָאט עֶר זיךְ גֶעבְּלַאנְקֶעט אִין גֶעדִיכְטְן וַואלְד אָן אַ צִיל און אָן אַ צְוֶועק.

חֲנִינָא הָאט דֶערְלֶעבְּט צו זֶעהן אַ גְרויסֶע נְקָמָה פַאר די דֶערְטְרונְקֶענֶע פָּאלָאצְקֶער אִידְן. שוין דֶעם דְרִיטְן טָאג בְּלָאנְדְזְשֶעט עֶר אִין די וֶועלְדֶער אִין צוּרִיסֶענֶע קְלֵיידֶער, דֶערְנֶערְנְדִיג זיךְ מִיט יַאגֶדֶעס און ווילְדֶע גֶעווִיקְסְן. בַּיי נַאכְט אִיז עֶר גֶעשְׁלָאפְן אִין אַ הֵייל. יֶעדְן אִין דֶערְפְרִי הָאט עֶר זיךְ גֶעוַואשְׁן די הֶענְט און דָאס פָּנִים מִיטְן טוי, און גֶעדַאוְונְט.

נִישְׁט הונְגֶער און קֶעלְט הָאבְּן אִיהם גֶעפַּיינִיגְט, נָאר דָאס גֶעפִיל, וָואס עֶר אַלֵיין אִיז לֶעבְּן גֶעבְּלִיבְּן און וויל לֶעבְּן. עֶר הָאט זיךְ בְּשׁום אופָן נִישְׁט גֶעקֶענְט בַּאפְרַייעֶן פון די קולות, וָואס הָאבְּן זיךְ גֶעטְרָאגְן פון טַייךְ, ווי זֵיי וָואלְטְן אִיהם פַארְפָאלְגְט אויף שְׁרִיט און טְרִיט. די ווילְדֶע רוסִישֶׁע קְלָלות און דֶער "שְׁמַע יִשְׂרָאֵל", דֶער שִׁכּור'ער גֶעלֶעכְטֶער און די גֶעוֵויינֶען פון די קִינְדֶער — דָאס אַלְץ הָאט אִיהם אָן אויפְהֶער גֶעזְשׁומֶעט אִין די אויעֶרְן. דָאס פַארְמַאטֶערְטֶע

בְּלֵייכֶע פָּנִים פוּן זַיין מַאמֶע הָאט אִיהם כְּסֵדֶר נָאכְגֶעגַאנְגֶען. זִי הָאט אוֹיסְגֶעזֶען אַזוֹי וִוי עֶר הָאט זִי גֶעזֶען דָאס לֶעצְטֶע מָאל, וֶוען זִי אִיז מִיט אִיהם גֶעגַאנְגֶען צוּם טַייךְ אוּן זִי הָאט אִיהם גֶעבֶּעטְן:
— אַנְטְלוֹיף, אַנְטְלוֹיף, רַאטֶעוֶע דִיךְ! אוּן עֶר הָאט זִי גֶעפָּאלְגְט.

פַארְוָואס הָאט עֶר דָאס גֶעטְהוּן? פַארְוָואס הָאט עֶר דִי מַאמֶען אִיבֶּערְגֶעלָאזְן אַלֵיין כְּדֵי זִיךְ צוּ רַאטֶעוֶוען?

עֶר הָאט קוֹים גֶעשְׁלֶעפְּט דִי פִיס, מֶער הָאט עֶר נִישְׁט קֵיין כֹּחַ זֵיי צוּ שְׁלֶעפְּן. דֶער קָאפּ הָאט גֶעשְׁפִּילְט, עֶס שְׁווִינְדְלְט אִיהם אִין דִי אוֹיגְן. דִי קְנִי בְּרֶעכְן זִיךְ אִיהם אוּן עֶר פַאלְט אַרַיין אִין אַ טִיפְן פִינְצְטֶערְן תְּהוֹם.

אַ הוּנְגֶעריגֶער, גֶעפְרוֹירֶענֶער אוּן פַאר'חַלְשׁ'טֶער אִיז עֶר אַוֶועקְגֶעפַאלְן אוּנְטֶער אַ בּוֹים. וֶוען עֶס הָאבְּן זִיךְ דֶערְנֶענְטֶערְט צוּ אִיהם שְׁוֶוערֶע זֶעלְנֶערִישֶׁע טְרִיט אוּן אִיהם גֶענוּמֶען וֶועקְן, אִיז עֶר גֶעלֶעגְן אִין אָנְמַאכְט. בְּלוֹיז דָאס שְׁוַואכֶע קְלַאפְּן פוּן הַארְץ הָאט גֶעגֶעבְּן סִימָנִים פוּן לֶעבְּן.

— פֿאני־בֿאסקיָע! ער לעבט, מען מוז איהם בּריינגען אין לאגער!

— וואָרט, בּאַלעסלאַוויָע, איך האָב אַ ביסל וואָדקאַ... ער וועט נאָר אַ שמעק טהון צום ביטערן טראָפּן וועט ער צוריק לעבעדיג ווערן...

*

אין אַ קליין ווייס־רוסיש דערפל אַרומגערינגלט מיט זומפּיגע וועלדער, צווישן ליימענע און הילצערנע כאַטקעס, מיט שטרויענע דעכער זיינען געשטאַנען קאַלירטע געצעלטן און אויפן שפּיץ פון יעדן געצעלט האָבן געפלאַטערט פענער מיטן ווייסן אָדלער.

פּוילישע רייטערס אויף פערד און פּשוטע סאָלדאַטן אויסגעמישט מיט יעזואיטן אין לאַנגע קליידער מיטן צלם, וואָס האָט געהאָנגען אויף שוואַרצע קאַרעלן אַרום האַלז, האָבן הויך גערעדט, זיך געאַמפּערט, גע׳שיכּור׳ט און געזונגען.

איין געצעלט באַפּוצט מיט קאַלירטע פענער

פון זַיידְן טוּךְ, אַרוּמְגֶערינגְלְט מִיט רִיטֶער און פְּרִיצִים, וָואס הָאבְּן גֶעוַואכְט אוֹיף דֶעם אַרַיינְגַאנְג, הָאט זִיךְ גֶעהוֹיבְּן הוֹיךְ אִיבֶּער אַלֶע גֶעצֶעלְטְן. דָארְט הָאט דֶער פּוֹילִישֶׁער קֶענִיג סְטֶעפַאן בַּאטָארִי אָפְּגֶעהַאלְטְן אַ בַּארַאטוּנְג מִיט זַיינֶע הֶעטְמַאנֶעס און רַאטְגֶעבֶּער.

נָאךְ דֶער מַפָּלָה אִין פַּאסְקָאוו אִיז דִי שְׁטִימוּנְג אִין קֶענִיגְלִיכְן לַאגֶער גֶעוֶועזְן אַ דֶערְשְׁלָאגֶענֶע און דָא אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אַ זֶעלְנֶער־אוֹיסְשְׁפִּירֶער און דֶערְצֵיילְט וֶועגְן חוּרְבָּן פָּאלָאצְק.

— מִיר הָאבְּן גֶעפַאנְגֶען אַ הַאלְבְּן צוּמִישְׁטְן אִיד אָנְגֶעטְהוּן אִין צוּפְלִיקְטֶע קְלֵיידֶער מִיט וואוּנְדְן אוֹיף דִי פִּיס, און עֶר הָאט דֶערְצֵיילְט, וָואס אִיוַואן הָאט גֶעטְהוּן מִיט זַיינֶע בְּרִידֶער, ווִי אַזוֹי דִי זֶעלְנֶער הָאבְּן זֵיי דֶערְטְרוּנְקֶען אִין דְוִינָא. און אִיצְט — וָואס זָאלְן מִיר טְהוּן מִיטְן זְשִׁיד? — הָאט דֶער פָּאלַאק גֶעפְרֶעגְט גְלַייכְגִילְטִיק.

דֶער קַארְדִינַאל אִין אַ לַאנְגְן מַאנְטְל פוּן רוֹיטְן פְּלוּשׁ און אַ הוֹילְן גָאלְן קָאפּ, וָואס אִיז דִי גַאנְצֶע צַייט פוּן בַּארַאטוּנְג גֶעשְׁטַאנֶען אִין ווִינְקְל און

גֶעשֶׁעפְּטְשֶׁעט אִין דֶער שְׁטִיל אַ תְּפִילָּה, אַרַיינְקוּקְנְדִיג אִין דֶער בִּיבְּל, הָאט זִיךְ וְוי פוּן אַ טִיפְן דְרֶעמְל אוֹיפְגֶעוֶועקְט:

— דָאס אִיז אַ גְרוֹיסֶע טְרֵייסְט, קֶענִיגְלִיכֶע הוֹיכְקַייט, אַ טְרֵייסְט אִין אוּנְזֶער מַפָּלָה. אָבֶער אוֹיךְ אַ וָוארְנוּנְג — מֶען זָאל נִישְׁט הֶעלְפְן אִידְן.

דֶער קְלוּגֶער אוּן עֶנֶערְגִישֶׁער קֶענִיג הָאט אַ מַאךְ גֶעטְהוּן מִיט דֶער הַאנְד, וְוי אוֹיף נַארִישֶׁע רֵייד, אוֹיף וֶועלְכֶע עֶר וְויל נִישְׁט עֶנְטְפֶערְן אוּן זִיךְ אַ בֵּייזֶער גֶעטְהוּן:

— דַיין פָּאטֶערְלַאנְד אִיז אִין אַ אוּמְגְלִיק, נָאר דִיר לִיגְן אִין זִינֶען אִידְן.

דֶער קַארְדִינַאל הָאט אָנְגֶעהוֹיבְּן גִיסְן פֶּעךְ אוּן שְׁוֶועבְּל.

— דִי אִידְן זַיינֶען אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים. דָאס הֵיילִיגֶע בְּרוֹיט שְׁטֶעכְן זֵיי בִּיז בְּלוּט, וַוייל זֵיי הָאבְּן אִיהם פַיינְט, פּוֹילְן אִיז אַ קַאטוֹילִישׁ לַאנְד אוּן זֵיי צוּשְׁפְּרֵייטְן זִיךְ פְרַיי אִיבֶּער אוּנְזֶערֶע שְׁטֶעט, הַאנְדְלֶען מִיט קְרִיסְטְן, אַרְבֶּעטְן פַאר זֵיי

ווִי פַאר זֵייעֶרס גְלַייכְן. פַארְשְׁמוּצִיגְן אוּנְזֶער גַייסְט מִיט זֵייעֶרֶע שׁוּהלְן אוּן פַארְגִיפְטְן פּוילִישֶׁע נְשָׁמוֹת מִיט זֵייעֶרֶע תַּלְמוּדִישֶׁע וֶוערְטֶער.

דֶער קֶענִיג הָאט זִיךְ צוּלַאכְט:

— הַאלְט אִיהר מִיר, עֶמִינֶענְץ, פַאר אַ נַאר. אַז אִיךְ זָאל גְלוֹיבְן, אַז פוּן בְּרוֹיט קֶען פְלִיסְן בְּלוּט?... דִי אִידְן זַיינֶען קְלוּגֶע אוּן נוּצְלִיכֶע אַיינְוואוֹינֶער, זֵיי מַאכְן רַייךְ דָאס לַאנְד אוּן בְּרֵיינְגֶען אַרַיין אַ סַאךְ גָאלְד אִין קֶענִיגְלִיכְן שַׁאץ־קַאמֶער.

אוּן ווִי עֶר וָואלְט זִיךְ דֶערְמַאנְט, הָאט עֶר זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּם סָאלְדַאט, וָואס אִיז דִי גַאנְצֶע צַייט גֶעשְׁטַאנֶען בַּיי דֶער טְהִיר אַ מִידֶער אוּן אוֹיסְגֶעשֶׁעפְּטֶער:

— שִׁיקְט אָפּ דֶעם אָרִימֶען אִידְן בְּשָׁלוֹם צוּ דֶער אִידִישֶׁער קְהִלָּה אִין נָאהֶנְטְסְטְן שְׁטֶעטְל — הָאט דֶער קֶענִיג שְׁטְרֵיינְג בַּאפוֹילְן, ווִי עֶר וָואלְט וֶועלְן אָפְּהַאקְן דֶעם נִישְׁטִיגְן וִכּוּחַ מִיטְן פַאנַאטִישְׁן קַארְדִינַאל.

*

חֲנִינָא הָאט גֶעוַואנְדֶערְט פון שְׁטָאט צו שְׁטָאט, וואו עֶר הָאט גֶעטָאגְט הָאט עֶר נִישְׁט גֶעגֶעכְטִיגְט וִוי עֶפֶּעס אַ סודות־פּולֶער כֹּחַ וָואלְט אִיהם גֶעטְרִיבְּן פון דֶער וֶועלְט, וואו עֶר הָאט זִיךְ גֶעפִילְט אִיבֶּערִיג.

צום סוף הָאט עֶר זִיךְ אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט אִין שְׁטֶעטְל ווִיעֶנִיעֶץ און דִי קְהִילָה הָאט אִיהם אָפְּגֶעגֶעבְּן אַ חורְבָּה אונְטֶערְן יִשוב פון דֶער אַנְדֶער זַייט בְּרִיק. חֲנִינָא הָאט אַלֵיין פַארְרָאכְטְן דִי כַאטְקֶע און גֶעבְּלִיבְּן דָארְט וואוינֶען אָפְּגֶעזונְדֶערְט פון מֶענְטְשְׁן.

אִין אָנְהוֹיב הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבְּן טְרָאגְן וַואסֶער פַארְן רָב. מִיט דֶער צַייט אִיז עֶר גֶעוָוארְן דֶער וַואסֶער־טְרֶעגֶער פון שְׁטֶעטְל. אַלֶע מֶענְטְשְׁן הָאבְּן גֶעקוקְט מִיט חֲשַׁד אויף דֶעם בְּלַאסְן יונְגְן בָּחור, וָואס רֶעדְט אַזוֹי וֶוייניג נָאר קוקְט עֶרְגֶעץ וואו מִיט זַיינֶע גְרוֹיסֶע פְלַאם פַייעֶרְדִיגֶע אויגְן.

אִין שׁוּהל אִיז עֶר גֶעזֶעסְן גַאנְץ פון אונְטְן, אָדֶער אִין פָּאלוּש צְווִישְׁן דִי אָרִימֶע און דֶערְנִידֶערִיגְסְטֶע. עֶר הָאט מִיט זֵיי צוזַאמֶען

תְּהִילִים גֶעזָאגְט. אָפְט אִיז עֶר גֶעקוּמֶען אִין בֵּית־הַמִדְרָשׁ, גֶעבְּרַאכְט וַואסֶער אוּן בַּאזָארְגְט מִיט הָאלְץ, אַז דִי בַּחוּרִים זָאל זַיין וַוארִים. קֵיינֶער הָאט אִיהם נִישְׁט גֶעהֵייסְן, עֶר הָאט עֶס גֶעטְהוּן אַלֵיין.

יֶעדְן שַׁבָּת אִיז עֶר אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען צוּזַאמֶענְנֶעמֶען שַׁבָּת׳דִיגֶע מַאֲכָלִים אוּן גֶעבְּרַאכְט עֶס צוּ דִי קְרַאנְקֶע. אַז אַ קִינְד אִיז מְסוּכָּן קְרַאנְק גֶעוָוארְן, הָאט עֶר זִיךְ אַוֶועקְגֶעשְׁטֶעלְט פוּן דְרוֹיסְן בַּיי זַיין שְׁטוּבּ זָאגְן תְּהִילִים אוּן מִיט אֵייגֶענֶע וֶוערְטֶער בֶּעטְן פַאר גָ־ט פַארְן קִינְד. עֶר וִויל זִיךְ טֵיילְן מִיט יָאהרְן אוּן מִיטְן גֶעזוּנְט. עֶר וִויל גָ־ט זָאל זַיין תְּפִילָּה צוּהֶערְן אוּן גֶעזוּנְט מַאכְן דָאס קִינְד.

דִי שְׁטָאט הָאט גֶעווּאוּסְט, אַז עֶר אִיז אַ שְׁטִילֶער בַּעַל רַחֲמִים, אָבֶּער מֶען הָאט פוּן אִיהם זִיךְ דֶערְוַוייטֶערְט, ווִי עֶר וָואלְט גֶעוֶוען אַ נִישְׁט־קְלָארֶער. מֶען הָאט פָּשׁוּט מוֹרָא גֶעהַאט פַאר זַיינֶע שְׁטֶענְדִיג אָפֶענֶע בְּרֶענֶענְדִיגֶע אוֹיגְן.

*

דֶער פּוֹילִישֶׁער קַארְדִינַאל הָאט גֶעקְלֶערְט

פַארְשִׁידֶענֶע תַּחְבּוּלוֹת, ווִי אַזוֹי צוּ דֶערְוֶועקְן בַּיים קֶענִיג בַּאטָארִי אַ שִׂנְאָה צוּ אִידְן. עֶר הָאט מְקַנֵא גֶעוֶועוְן אַלֶע לֶענְדֶער פוּן מַעֲרָב, וואו מֶען טְרַייבְּט אוּן מֶען פְּלָאגְט דִי אִידִישֶׁע אוּמָה. אִין שְׁפַּאנְיֶען, אִין פָּארְטוּגַאל בְּרֶענֶען דִי שַׂייטֶערְס פוּן אוֹיטָא־דַא־פֶע. מֶען בְּרֶענְט, מֶען טְרַייבְּט. אוּן דָא, אִין קַאטוֹילִישְׁן פּוֹילְן, זָאלְן קְרִיסְטְן לַיידְן אַזַא חֶרְפָּה. ווִי וֶועט עֶר קֶענֶען זַיינֶע אוֹיגְן אוֹיפְהוֹיבְּן, וֶוען דֶער פּוֹיפְּסְט וֶועט אִיהם פְרֶעגְן, וָואס הָאט עֶר גֶעטְהוּן פַארְן כָּבוֹד פוּן קְרִיסְטְנְטְהוּם.

אָבֶער וָואס אִיז שׁוּלְדִיג דִי קִירְךְ, אַז דֶער קֶענִיג גִיט זֵיי, דִי אִידְן, צוּ גְרוֹיסֶע פְּרַייהַייטְן, אַז גַלָחִישֶׁע הֶענְט זַיינֶען גֶעבּוּנְדְן קֶעגְן קֶענִיגְלִיכְן שׁוּץ. אִיז דֶעם רָשָׁע אַיינְגֶעפַאלְן אַ טַייוְולָאנִישֶׁער פְּלַאן וָואס עֶר וֶועט צוּגְרֵייטְן.

אִין אַ פִינְצְטֶערֶע נַאכְט הָאט מֶען בַּיים ווִיעֶנֶעצֶער קְלוֹיסְטֶער, אוֹיף אַ בַּארְג אָנְגֶעהַאלְטְן אַ בַּארַאטוּנְג. דֶער קַארְדִינַאל הָאט אַרַיינְגֶערֶעדְט אִין צְוֵויי יֶעזוּאִיטְן, וָואס זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער זַיינֶען גֶעוֶועוְן פוּל מִיט שִׂנְאָה צוּ אִידְן. עֶר הָאט זֵיי גֶעגֶעבְן צוּ פַארְשְׁטֵיין, אַז אַ בְּלוּט בִּלְבּוּל אִיז דִי

גְרֶעסְטֶע מִצְוָה. דִי פַּאסְטַאכְקֶע... וֶוער קוּקְט זִיךְ אוּם אוֹיף אִיהר?... וֶועט מֶען זִי פַּארְנַארְן אוּן... אִיהר וֶועט שׁוֹין וויסְן ווִי אַזוֹי זִי אוּמְצוּבְּרֵיינְגֶען. שְׁטִיל, אַז קֵיינֶער זָאל נִישְׁט ווִיסְן... אוּן טַאקֶע זִי אִין וַואלְד בַּאגְרָאבְּן. דֶערְנָאךְ וֶועט מֶען אַרוֹיסְלָאזְן אַ קְלַאנְג, אַז דִי אִידְן הָאבְּן דָאס קִינְד גֶע׳הַרְגֶעט. ווַייל זֵיי מוּזְן הָאבְּן קְרִיסְטְלִיךְ בְּלוּט אוֹיף פֶּסַח צוּ דִי מַצוֹת. אִיהר, הָאט דֶער כִיטְרֶער קַארְדִינַאל בַּארוּהִיגְט דִי צְוֵויי גַלָחִים, אִיהר וֶועט זַיין דִי עֵדוּת, אַז דֶער ווִיעֶנִיעֶצֶער רָב, דֶער רֹאשׁ הַקָהָל אוּן דֶער גַבַּאי הָאבְּן אִיהר גֶעהַרְגֶעט אוּן אִיהר הָאט עֶס אַלֵיין גֶעזֶעהן, אִיהר פַּארְשְׁטֵייט?

זֵיי הָאבְּן פַּארְשְׁטַאנֶען, אַרָאפְּגֶעבּוֹיגְן דִי קֶעפּ אוּן זִיךְ אַרָאפְּגֶעלָאזְן אוֹיף דִי קְנִי, אַז דֶער הוֹיכֶער גַייסְטְלִיכֶער זָאל זֵיי בֶּענְטְשְׁן...

— אַ הֵיילִיגֶע אַרְבֶּעט טְהוּט אִיהר, פַּארְן גְלוֹיבְּן אוּן פַּארְן פָּאטֶערְלַאנְד — פּוֹילְן. אִיצְט קֶענְט אִיהר בַּאווַייזְן אַייעֶר לִיבֶּע אוּן טְרַיישַׁאפְט צוּ אוּנְזֶער רֶעלִיגְיֶע.

אִין דֶער זֶעלְבֶּער נַאכְט, וֶוען דִי רְשָׁעִים אִין

יֶעזוּאִיטִישֶׁע קְלֵיידֶער הָאבְּן אוֹיסְגֶעטְרַאכְט דֶעם אַכְזָרִיוּת'דִיגְן פְּלַאן, הָאט חֲנִינָא, דֶער וַואסֶער טְרֶעגֶער, נִישְׁט גֶעקֶענְט שְׁלָאפְן. ווי נָאר עֶר הָאט צוּגֶעמַאכְט די אוֹיגְן, אִיז אִיהם בַּאלְד זַיין מַאמֶע צוּם חָלוֹם גֶעקוּמֶען. אוֹיסְגֶעזֶעהן הָאט זִי, ווי דַאמָאלְט, וֶוען אִיוַואן דֶעם גְרוֹיזַאמֶענְס מִילִיטֶער הָאט זִי מִיט אַלֶע פָּאלָאצְקֶער אִידְן גֶעטְרִיבְּן צוּם טַייךְ...

דִי אִיז פַאר אִיהם גֶעשְׁטַאנֶען מִיט יֶענֶע אוֹיגְן און גֶערוּפְן אִיהם, עֶר זָאל גֵיין מִיט אִיהר. און עֶר גֵייט, און זִי פִירְט אִיהם אִיבֶּער דִי גַאסְן פוּן ווִיעֶנִיעֶץ אַהִין צוּם גוֹיאִישְׁן קְוַוארְטַאל. פְּלוּצִים שְׁטֵייט עֶר פַאר אַ פִינְצְטֶערְן תְּהוֹם און קֶען נִישְׁט וַוייטֶער גֵיין. דָאס, וַוייזְט אִיהם די מַאמֶע, אִיז דָאס הַארְץ פוּן קַארְדִינַאל — קוּק אַרַיין. און עֶר קוּקְט אַרַיין און זֶעט יֶענֶע אַלֶע בֵּייזֶע מַחֲשָׁבוֹת'ן, וָואס הָאבְּן גֶעשׁוּימְט פוּן שׂוֹנֵא'ס פִינְצְטֶערְן הַארְץ קֶעגְן אִידְן. און פוּן עֶרְגֶעץ וַוייט הָאבְּן זִיךְ גֶעטְרָאגְן קוֹלוֹת, די זֶעלְבֶּע שְׁמַע־יִשְׂרָאֵל־גֶעשְׁרֵייעֶן, וָואס עֶר הָאט גֶעהֶערְט בַּיי דֶעם טַייךְ...

וֶוען עֶר הָאט דֶערְוַואכְט הָאט עֶר מֶער נִישְׁט

גֶעוָואלְט שְׁלָאפְן. עֶר הָאט זִיךְ אָנְגֶעטְהוּן אוּן גֶעעֶפְנְט דִי טְהִיר. דִי נַאכְט אִיז גֶעוֶוען אַ עֶרֶב פְרִילִינְג׳דִיגֶע, אִיז עֶר גֶעשְׁטַאנֶען קֶעגְן אוֹיסְגֶעשְׁטֶערְנְטְן הִימְל אוּן זִיךְ אַיינְגֶעהֶערְט צוּם גֶעזַאנְג פוּן דִי גְרִילְן.

עֶר הָאט גֶעעֶפְנְט דֶעם תְּהִלִּים אוּן אָנְגֶעהוֹיבְּן זָאגְן אַנְטְקֶעגְן דֶעם שַׁיין פוּן דֶער לְבָנָה:

— גָ־ט, זָאלְסְט זִיךְ נִישְׁט דֶערְוַוייטֶערְן פוּן מִיר. מַיין גָ־ט, אַייל מִיר צוּ הִילְף. זָאלְן פַארְשֶׁעמְט וֶוערְן, זָאלְן אוֹיסְגֵיין דִי שׂוֹנְאִים פוּן אוּנְזֶער לֶעבְּן; זָאלְן בַּאדֶעקְט וֶוערְן מִיט חֶרְפָּה אוּן שַׁאנְד דִי וָואס זוּכְן מִיר בֵּייז...

דֶערְנָאךְ הָאט עֶר אוֹיפְגֶעהוֹיבְּן זַיינֶע אוֹיגְן צוּם הִימְל אוּן גֶעבֶּעטְן מִיט שְׁטוּמֶע לִיפְּן:

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אוֹיבּ עֶס אִיז נוֹיטִיג, וְויל אִיךְ נֶעמֶען אוֹיף מִיר אַלֶע יְסוּרִים וָואס זַיינֶען אָנְגֶעגְרֵייט פַאר דִי ווִיעֶנִיעֶצֶער אִידְן וָואס שְׁלָאפְן אִין שָׁלוֹם, וַוייל זֵיי פַארְלָאזְן זִיךְ אוֹיף דַיין גְנָאד. נֶעם צוּ מַיין נִישְׁטִיגְן קָרְבָּן, מַיין אָרִימֶע נְשָׁמָה,

וָואס הָאט סַיי־וִוי נִישְׁט קֵיין רוּה אוֹיף דַיין שֵׁיינֶער עֶרְד...

אִין זַיינֶע תְּפִילוֹת הָאט זִיךְ גֶעפִילְט אַ גֶעזַאנְג וָואס קוּמְט אַרוֹיס פוּן זַיינֶע בְּלוּטְן וָואס גֵייט אוֹיף פוּן הַארץ אוּן פְלִיט אַרוֹיף אִין הִימְל. הָאט עֶר שְׁטִיל גֶעוֵויינְט מִיט טְרֶערְן פוּן פְרֵייד, וַוייל עֶר הָאט גֶעוואוּסְט, אַז זַיינֶע תְּפִילוֹת זַיינֶען אָנְגֶענוּמֶען גֶעוָוארְן. אוּן דִי ווִיעֶנִיעֶצֶער אִידְן זַיינֶען גֶעשְׁלָאפְן מִיט אַ רוּהִיגְן שְׁלָאף אִין יֶענֶע נַאכְט וֶוען זֵייעֶר גוֹרָל הָאט זִיךְ גֶעוִויגְט אוֹיף דֶער וָואגְשָׁאל.

*

אוּנְטֶער דֶער שְׁטָאט, צְוִוישְׁן אִידִישְׁן קְוַוארְטְל אוּן גוֹיאִישְׁן, אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ אָרִימֶע כַאטְקֶע, וואוּ עֶס הָאט גֶעוואוֹינְט אַ יוּנְגֶע פוֹילִישֶׁע אַלְמָנָה מִיט אִיהר נַיין־יֶעהרִיג מֵיידֶעלֶע. ווִי נָאר דֶער שְׁנֵיי אִיז צוּגַאנְגֶען אוּן עֶס הָאבְּן זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבְּן דִי עֶרְשְׁטֶע פְרִילִינְג־טֶעג. הָאט דָאס מֵיידֶעלֶע אַרוֹיסְגֶעטְרִיבְּן דִי צִיגְן אִין פֶעלְד אוּן אִיז דָארְט גֶעבְּלִיבְּן בִּיז דִי צִיגְן זַיינֶען גֶעוָוארְן דָארְשְׁטִיג אוּן אַלֵיין גֶענוּמֶען זוּכְן דֶעם וֶועג צוּם טַייךְ. דֶערְנָאךְ

הָאבְּן זֵיי זִיךְ אַנִידֶערְגֶעלֵייגְט און אַיינְגֶעדְרִימְלְט. דָאס מֵיידֶעלֶע הָאט זִיךְ גֶעשְׁפִּילְט אִין רַאנְד פון וֶועלְדל.

די צְוֵויי גַלָחִים הָאבְּן זִיךְ גֶעמַאכְט אַ מִנְהָג צוּ שְׁפַּאצִירְן אִיבֶּער יֶענֶעם פֶּעלְד מִיט אַ בִּיכְל אִין הַאנְט און זִיךְ לַאנְג צוקוקְן וְוי דָאס מֵיידֶעלֶע טְרַייבְּט די צִיגְן אִיבֶּער בַּארְג צום טַייךְ און וְוי זי טַאנְצְט און זִינְגְט צְווִישְׁן די בּוימֶער אִין וֶועלְדְל.

— — —

יֶענֶעם פְרַייטָאג, דְרַיי וָואכְן פַאר פֶּסַח, הָאבְּן זִיךְ די צִיגֶעלַאךְ אַלֵיין גֶעבְּלָאנְקֶעט אִין פֶּעלְד, אָן אַ הִיטֶערִין, און וֶוען די מַאמֶע הָאט גֶעזֶען, אַז עֶס אִיז שוין זֵייעֶר שְׁפֶּעט און אִיהר טֶעכְטֶערְל אִיז נָאךְ נִישְׁט אִין דֶער הֵיים, הָאט זִי אָנְגֶעהוֹיבְּן זוכְן, און שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט הָאט זִי גֶעפונֶען אַרומְבְּלַאנְקֶען די צִיגְן אִין שְׁכֵנִישְׁן פֶּעלְד.

זִי הָאט גֶעזוכְט און גֶעפְרֶעגְט בַּיי יֶעדְן, אָבֶּער קֵיינֶער הָאט נִישְׁט גֶעקֶענְט עֶנְטְפֶערְן, וואו אִיהר מֵיידֶעלֶע גֶעפִינְט זִיךְ — בִּיז מִיטָאג הָאט מֶען אִיהר גֶעזֶען, אָבֶּער וואו זִי אִיז אִיצְט, וֵויס מֶען נִישְׁט.

אַ דֶערְשְׁרָאקֶענֶע איז די מַאמֶע גֶעלָאפְן צוּ די סָאלְדַאטְן פון די אַרוּמִיגֶע דֶערְפֶער. מֶען הָאט גֶעזוּכְט, אָבֶער אוּמְזִיסְט...

בַּאלְד הָאבְּן די קְרִיסְטְן אָנְגֶעהוֹיבְּן מוּרְמְלֶען צְוִוישְׁן זִיךְ, אַז דָאס הָאבְּן אִידְן גֶעוִויס גֶע׳הַרְגֶ׳עט דָאס קְרִיסְטְלִיכֶע מֵיידֶעלֶע.

די אִידְן הָאבְּן אַ גַאנְצְן שַׁבָּת גֶעלֶעבְּט אִין גְרוֹיס שְׁרֶעק. מֶען הָאט אָפְּגֶעדַאוְונְט גַאנְץ פְּרִי און קֵיינֶער איז דֶעם שַׁבָּת נִישְׁט אַרוֹיס פון שְׁטוּב. מֶען הָאט מִיט שְׁרֶעק אַרוֹיסְגֶעקוּקְט און גֶעזֶען וִוי דֶער פַארְשְׁוואוּנְדֶענֶער מֵיידֶעלֶע׳ס מוּטֶער גֵייט אַרוּם אִיבֶּערְן מַארְק אַרוּמְגֶערִינְגְלְט מִיט גַלָחִים. זי איז גֶעוֶוען צוּרוּדֶערְט, מִיט רוֹיטֶע פַארְוֵויינְטֶע אוֹיגְן. עֶפֶּעס הָאט מֶען אָנְגֶעוִויזְן אוֹיפְן רָב׳ס פֶענְסְטֶער, אָבֶער קֵיינֶער הָאט נִישְׁט גֶעוואוּסְט גֶענוֹי וָואס זֵיי שֶׁעפְּטְשֶׁען... די אִידְן הָאבְּן גֶעזָאגְט תְּהִלִים און גֶעבֶּעטְן גָ־ט, אַז עֶר זָאל פַארְמַיידְן אַ אוּמְגְלִיק אוֹיף זֵיי.

שַׁבָּת פַארְנַאכְט הָאט מֶען אִין וַואלְד אוֹיסְגֶעגְרָאבְּן דֶעם פְרִישְׁן קֶבֶר פון דֶערְשְׁטִיקְטְן

קִינְד. און ווִי דִי אִידְן פון ווִיעֶנִיעֶץ הָאבְּן פָארְגֶעפִילְט, הָאט מֶען טַאקֶע בַּאשׁוּלְדִיגְט זֵיי, דִי אִידְן, אִין דֶעם מָארְד. מִיט אַלֶע פְּרָטִים הָאבְּן יֶענֶע צְוֵויי גַלָחִים דֶערְצֵיילְט, ווִי זֵיי זַיינֶען גְרָאד גֶעוֶוען בַּיים ווֶעלְדְל און גֶעהֶערְט דֶערְשְׁטִיקְטֶע גֶעשְׁרֵייעֶן פון אַ קִינְד. זֵיי הָאבְּן מִיט זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגְן גֶעזֶעהן פְּרַייטָאג מִיטָאג ווִי דְרַיי אִידְן זַיינֶען אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פון וַואלְד און גֶעטְרָאגְן עֶפֶּעס ווִי אַ טַלִית־זֶעקְל אִין הַאנְד. זֵיי הָאבְּן דֶערְקֶענְט דֶעם רָב, דֶעם גַבַּאי און דֶעם רֹאשׁ־הַקָהָל. אִיצְט אִיז בַּיי זֵיי קְלָאר, אַז זֵיי הָאבְּן גֶעהַאט אַ שַׁיָיכוּת מִיט דֶעם מָארְד.

דֶער קַארְדִינַאל הָאט פְּרוּם פַארְגְלַאנְצְט דִי אוֹיגְן און אִין הַארְצְן גֶעשְׁמֵייכְלְט:

— דָאס אִיז אַ עִנְיָן פַאר דֶער קְרוֹין. מִיר מוּזְן פַארְלַאנְגֶען אַ קֶענִיגְלִיכְן גֶערִיכְט. דִי אִידְן גֶענִיסְן אִין אוּנְזֶער לַאנְד פון דֶעם קֶענִיג׳ס גְנָאד. זֵיי ווֶערְן רַייךְ און זוֹיגְן אוֹיס דָאס בְּלוּט פון אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער. דֶער קֶענִיג גְלוֹיבְּט נִישְׁט אַז פון הֵיילִיגְן בְּרוֹיט קֶען אוֹיךְ טְרִיפְן בְּלוּט, אָבֶער דָאס גֶע׳הַרְגֶ׳עטֶע קִינְד אִיז אַ עֵדוּת.

מֶען הָאט אַרוֹיסגֶעשִׁיקְט צוּ אַרֶעסְטִירְן דִי אִידְן. כָאטְשׁ דֶער קַארְדִינַאל הָאט גֶעוָוארְנְט, דָאךְ הָאט מֶען בַּאלְד אָנְגֶעהוֹיבְּן וַוארְפְן שְׁטֵיינֶער אִין אִידִישֶׁע שְׁטִיבֶּער. גוֹיִם זַיינֶען גֶעקוּמֶען אִין אִידִישֶׁע קְרֶעטְשְׁמֶעס, גֶעבֶּעטְן בְּרָאנְפְן, אָבֶּער מֶען הָאט זֵיי נִישְׁט גֶעוָואלְט פַּארְקוֹיפְן. אוֹיפְגֶערֶעגְטֶע, צוּווִילְדֶעוֶועטֶע, הָאבְּן זֵיי גֶעוַוארְט אוֹיף אַ צֵייכְן פוּן קַארְדִינַאל. אָבֶּער דֶער קַארְדִינַאל הָאט זֵיי גֶעהֵייסְן גֶעדוּלְדִיג וַוארְטְן.

דִי סָאלְדַאטְן וֶועלְכֶע זַיינֶען אַוֶועק אַרֶעסְטִירְן דִי פְּנֵי, הָאבְּן זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט אָן דִי אִידְן. מֶען הָאט זֵיי עֶרְקְלֶערְט אַז זֵיי זַיינֶען דֶעם גַאנְצְן שַׁבָּת נִישְׁט גֶעוֶוען אִין דֶער הֵיים. זֵיי הָאבְּן זִיךְ אוֹיסְבַּאהַאלְטְן, דִי אַנְטִי־קְרִיסְטְן.

בַּאלְד הָאט דֶער גַלַח אָנְגֶעשְׁרִיבְּן אַ בְּרִיוְו צוּם קֶענִיג אוּן אִיבֶּערְגֶעגֶעבְּן דִי גֶעשִׁיכְטֶע.

עֶר הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט שְׁלָאפְן אַ צוּפְרִידֶענֶער. עֶר וֶועט זִיךְ נִישְׁט אַזוֹי צוּאַיילְן מִיט זַיין הֶעצֶערִישֶׁע רֶעדֶע. עֶר וֶועט צוּוַוארְטְן. זָאל נָאר זַיין אַ קֶענִיגְלִיכֶער גֶערִיכְט, וֶועט עֶר שׁוֹין אוֹיסְגִיסְן זַיין גַאנְצְן צָארְן. דִי גַאנְצֶע קַאטוֹילִישֶׁע

אֵייראָפֶּע וֶועט קְלִינגֶען מִיטְן פּוילִישְׁן קַארְדִינַאל.

אַזוֹי הָאט עֶר אַ גַאנְצֶע נַאכְט גֶעוֶועבְּט פְּלֶענֶער, נָאר אֵיין זַאךְ הָאט אִיהם אַבִּיסְל גֶעמַאכְט אוּנְרוּהִיג. וואו זַיינֶען דִי דְרַיי אִידִישֶׁע פָּארְשְׁטֵייעֶר, דֶער רָב, דֶער גַבַּאי און דֶער רֹאשׁ הַקָהָל פוּן וִויעֶנִיעֶץ?

*

דָאנֶערְשְׁטָאג אוֹיף דֶער נַאכְט, וֶוען דָאס קְרִיסְטְלִיכֶע מֵיידֶעלֶע אִיז פַארְשְׁוואוּנְדְן, אִיז דֶער רָב אַהֵיימְגֶעקוּמֶען פוּן בֵּית הַמִדְרָשׁ, אַ רוּהִיגֶער און גָאר נִישְׁט גֶעפִיהלְט, אַז אוֹיף אִיהם און אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וִויעֶנִיעֶצֶער קְהִילָה לוֹיעֶרְט אַ גְרוֹיסֶער אוּמְגְלִיק. חֲנִינָא, דֶער וַואסֶער־טְרֶעגֶער הָאט גְרָאד אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט צְוֵויי קַאנֶען וַואסֶער און אִיהם אִיבֶּערְגֶעגֶעבְּן אַז אוּנְטֶער דֶער שְׁטָאט וַוארְט אַ בַּעַל עֲגָלָה מִיט אַ בְּרִיוו. דֶער רָב, זָאל זִיךְ אַלֵיין מַטְרִיחַ זַיין אָפְּנֶעמֶען דֶעם בְּרִיוו, וַוייל נָאר אִיהם אִין הַאנְט קֶען עֶר דָאס אָפְּגֶעבְּן.

און דֶער וַואסֶער־טְרֶעגֶער הָאט אִיהם אַרוֹיסְגֶעפִיהרְט פוּן שְׁטָאט. פְּלוּצְלוּנְג אִיז

אָנגֶעקומֶען צו רַייטְן אַ יונְגֶער פְּרִיץ מִיט זַיינֶע צְוֵויי יונְגֶען, אַלֶע אויף פֶערְד. זֵיי זַיינֶען גֶעוֶוען שִׁיכּוֹר און גֶעזוּנְגֶען לִידֶער. ווִי דֶער שִׁיכּוֹר׳ער פְּרִיץ הָאט דֶערְזֶעהן דֶעם רָב הָאט עֶר אִיהם אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט, און דֶעם וַואסֶער־טְרֶעגֶער אַוֶועקְגֶעטְרִיבְּן. חֲנִינָא הָאט גֶעזֶעהן פון וַוייטְן, ווִי דֶער רָב הָאט זִיךְ גֶעבֵּייזֶערְט און צום סוֹף הָאבְּן דִי דְרַיי בַּאנָואפְנְטֶע אִיהם מִיטְגֶעשְׁלֶעפְּט און אִין עֶרְגֶעץ וואו אַוֶועקְגֶערִיטְן.

חֲנִינָא דֶער וַואסֶער טְרֶעגֶער הָאט מִיט טְרֶערְן אִין דִי אויגְן גֶעדַאנְקְט גָ־ט, וַוייל עֶר הָאט גֶעוואוּסְט, אַז עֶס אִיז גוּט וָואס דֶער רָב וֶועט נִישְׁט זַיין אִין ווִיעֶנִיעֶץ.

וֶוען דֶער יונְגֶער רִיטֶער הָאט זִיךְ אויפְגֶעכַאפְּט פון שְׁלָאף און זֵיי הָאבְּן אִיהם דֶערְצֵיילְט וֶועגְן רָב, הָאט עֶר שְׁטַארְק גֶעלַאכְט.

— אִיךְ בִּין גֶעוֶועוְן שִׁיכּוֹר און עֶר וֶועט מִיר מוֹחֵל זַיין, דֶער אַלְטֶער רַאבִּין.

עֶס אִיז שׁוין גֶעוֶוען שְׁפֶּעט און עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט אַז עֶר קֶען נָאךְ מְחַלֵל שַׁבָּת זַיין, אִיז עֶר

שוֹין דָארְטְן גֶעבְּלִיבְּן.

דֶער פְּרוּמֶער רָב הָאט מְקַבֵּל שַׁבָּת גֶעוֶוען מִיט גֶעזַאנְג און תְּהִילִים און צוּמָארְגְנְס, שַׁבָּת, הָאט עֶר גֶעדַאוְונְט און גֶעגֶעסְן אַ שְׁטִיקְל בְּרוֹיט, אַבִּי דָאס הַארְץ צוּ דֶערְהַאלְטְן. עֶרְשְׁט זוּנְטָאג פַּארְטָאג, הָאט מֶען אִיהם אָפְּגֶעפִיהרְט אַהֵיים.

ווִי נָאר דִי קְרִיסְטְן הָאבְּן דֶערְזֶען, אַז דֶער רָב גֵייט זוּנְטָאג פְּרִיה צוּם דַאוְונֶען, הָאבְּן זֵיי אִיהם פַּארְהַאלְטְן און בַּאלְד אָפְּגֶעפִיהרְט אִין תְּפִיסָה.

אִין תְּפִיסָה הָאט עֶר גֶעטְרָאפְן דֶעם גַבַּאי. דֶער וֶועכְטֶער הָאט זֵיי גֶעבְּרַאכְט בְּרוֹיט מִיט וַואסֶער. מֶען הָאט קֵיינֶעם נִישְׁט צוּגֶעלָאזְט צוּ דִי אַרֶעסְטִירְטֶע.

— ווִי לַאנְג וֶועט מֶען אוּנְז דָא הַאלְטְן? — פְּרֶעגְט דֶער רָב דֶעם וֶועכְטֶער.

— אַזוֹי שְׁנֶעל ווִי דֶער רֹאשׁ־הַקָהָל וֶועט אַרוֹיס פוּן זַיין בַּאהֶעלְטֶענִישׁ.

ווִי דוּרְךְ אַ גֶ־טְלִיכֶע הַאנְט הָאט אוֹיךְ מִיטְן

גַבַּאי עֶפֶּעס פַּאסִירְט פְרַייטָאג פַּארְטָאג, וֶוען עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּם דַאוְונֶען. דֶער וַואסֶער־טְרֶעגֶער חֲנִינָא אִיז אִיהם אַנְטְקֶעגְן גֶעקוּמֶען מִיט פוּלֶע עֶמֶערְס וַואסֶער אוּן אוֹיסְגֶעשְׁרִיגְן:

— זֶעהט, רַבִּי עִמָנוּאֵל, פֶערְד צוּבְּרִיקֶעוֶועטֶע לוֹיפְן אַהֶער.

אוֹיפְן קָאטְשׁ זַיינֶען גֶעזֶעסְן מֶענְטְשְׁן אוּן דִי פֶערְד זַיינֶען גֶעלָאפְן וִוי ווִילְדֶע שֵׁדִים. מֶען הָאט גֶעקֶענְט זֶעהן אַז אַ אוּמְגְלִיק וֶועט גֶעשֶׁעהן מִיט דִי מֶענְטְשְׁן. אוּן דָא הָאט דֶער גַבַּאי זִיךְ אַקֶעגְן גֶעשְׁטֶעלְט דִי צוּבְּרִיקֶעוֶועטֶע פֶערְד.

דֶער גַבַּאי רַבִּי עִמָנוּאֵל הָאט זֵיי אַלֶע גֶערַאטֶעוֶועט פוּן טוֹיט, אָבֶער אַלֵיין אִיז עֶר גֶעלֶעגְן אַ פַּאר׳חַלְשׁ׳טֶער אוּן מֶען הָאט אִיהם גֶעבְּרַאכְט צוּם פְּרִיץ אִין הוֹיף.

דִי פְרֵייד אוּן דַאנְקְבַּארְקַייט פַאר דֶעם אִיד אִיז גֶעוֶוען אֵין לְשַׁעֵר. דֶער אַלְטֶער פָּרִיץ הָאט דוּרְכאוֹיס פַּארְלַאנְגְט, אַז עֶר זָאל זַיין זַיין גַאסְט בִּיז אִיבֶּער שַׁבָּת. עֶר וֶועט אִיהם דִי טוֹבָה קֵיינְמָאל נִישְׁט פַארְגֶעסְן.

אַזוֹי אִיז עֶר גֶעבְּלִיבְּן בִּיז שַׁבָּת צוּ נַאכְט. צוּ רַבִּי עִמָנוּאֵל אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען אֵיינֶער פוּן דִי פְּרִיצִישֶׁע הוֹיף־דִינֶער, אוּן דֶערְצֵיילְט, אַז עֶר אִיז נָאר־וָואס גֶעקוּמֶען פוּן שְׁטֶעטְל אוּן עֶפֶּעס קָאכְט זִיךְ דָארְט מִיט אַ פַארְשְׁוואוּנְדְן מֵיידֶעלֶע אוּן מֶען רֶעדְט אַז אִידְן זַיינֶען אִין דֶעם פַארְמִישְׁט.

רַבִּי עִמָנוּאֵל אִיז גֶעוָוארְן זֵייעֶר אוּמְרוּהִיג אוּן גֶעבֶּעטְן אַז מֶען זָאל אִיהם תֵּיכֶף אָפְּפִיהרְן אַהֵיים.

עֶר הָאט נִישְׁט בַּאוִויזְן זַיין שְׁוֶועל אִיבֶּערְטְרֶעטְן, הָאבְּן אִיהם צְוֵויי בַּאוָואפְנְטֶע וֶועכְטֶער אַרֶעסְטִירְט אוּן פַארְשְׁפַּארְט אִין תְּפִיסָה.

ווִי זֵיי צְוֵויי זִיצְן אַזוֹי, בַּאוַויירְט זִיךְ דוּרְכְן פַארְגְרַאטֶעוֶועטְן לָאךְ דָאס פָּנִים פוּן חֲנִינָא וַואסֶער טְרֶעגֶער מִיט זַיינֶע פִינְקֶלְדִיגֶע אוֹיגְן. עֶר וַוארְפְט אַרַיין עֶסְן אוּן שְׁרַייט אַרַיין: — אִידְן, עֶס וֶועט זַיין גוּט!

זֵיי ווִילְן אִיהם אוֹיסְפְרֶעגְן, אָבֶּער עֶר פַארְשְׁווִינְדְט.

*

דֶער רֹאש הַקָהָל פון װיעֶנִיעֶץ איז בַּארִימְט גֶעוֶועןן אִיבֶּער גַאנְץ קְרוֹין פּוֹילְן אַלְס גָאלְדְשְמִיד. עֶר איז גֶעוֶוען אַ גְרוֹיסֶער מַייסְטֶער אִין זַיין פַּאךְ און זֵייעֶר אָפְט הָאבְּן זַיינֶע קוּנְסְטְוֶוערְק אָנְגֶעשְׁפַּארְט אין קֶענִיגְלִיכֶע הוֹיפְן.

סְפֶּעצִיעֶל הָאט עֶר זִיךְ אוֹיסְגֶעצֵייכְנְט אִין אִידִישֶׁע קוּנְסְטְוֶוערְק, אִין חֲנוּכָּה-לֶעמְפְּלֶעךְ, לַייכְטֶער, קְרוֹינֶען און גְלֶעקְלַאךְ צוּ דֶער תּוֹרָה א. ד. ג.

דֶער גָאלְדְשְמִיד אִיז בַּאקַאנְט גֶעוֶוען אַלְס אַ רַייכֶער איד, גְרוֹיסֶער תַּלְמִיד חָכָם און כְּלַל-טוּעֶר. און די אִידְן פון װיעֶנִיעֶץ הָאבְּן קֵיין בֶּעסֶערְן און בְּכָבוֹד'יגֶערְן רֹאש הַקָהָל נִישְט גֶעקֶענְט אוֹיסְקְלַייבְּן.

וֶועגְן אִיהם הָאט מֶען דֶערְצֵיילְט דֶעם קֶענִיגְלִיכְן הֶעטְמַאן וָואס אִיז אוֹיךְ גֶעוֶוען דֶער רַייכְסְטֶער פִּירְשְט אִין פּוֹילְן. דֶער הֶעטְמַאן הָאט גֶעוָואלְט, אַז דָאס קֶעפְּל פון זַיין הֶעטְמַאנְסְקֶע בּוּלַאוֶוע, זָאל וֶוערְן בַּאשֵיינְט מִיט פַארְשִידֶענֶע קִינְסְטְלֶערִישֶׁע שְׁנִיצֶערַיי און עֶר הָאט גֶעשִיקְט

שְׁלִיחִים צוּ בְּרֵיינְגֶען אִין זַיין פַּאלַאץ דֶעם בַּארִיהמְטְן אִידִישְׁן גָאלְדְשְׁמִיד פוּן ווִיעֶנִיעֶץ. עֶס אִיז גֶעוֶוען אַ וַוייטֶער וֶועג אוּן דִי שְׁלוּחִים זַיינֶען אָנְגֶעקוּמֶען פְרַייטָאג פַארְטָאג וֶוען דֶער הִימְל אִיז נָאךְ גֶעוֶוען אוּיסְגֶעשְׁטֶערְנְט.

וֶוען זֵיי זַיינֶען אָנְגֶעקוּמֶען אִין שְׁטָאט, הָאט חֲנִינָא דֶער וַואסֶער־טְרֶעגֶער זֵיי צוּגֶעפִיהרְט צוּם רֹאשׁ הַקָהָל.

— דָאס אִיז חֲנִינָא — הָאט עֶר אַרַיינְגֶעקְלַאפְּט אִין פֶענְסְטֶער — טְהוּט זִיךְ אָן יוֹם־טוֹב׳דִיגֶע מַלְבּוּשִׁים אוּן זַייט מְקַבֵּל גֶעסְט, ווִיכְטִיגֶע גֶעסְט.

דֶער רֹאשׁ הַקָהָל הָאט זֵיי אַרַיינְגֶעבֶּעטְן אִין שְׁטוּבּ. זֵיי הָאבְּן גֶעטְרוּנְקֶען טֵיי, אוּן גֶעהַאלְטְן אִיהם אִין אֵיין צוּאַיילְן:

— מִיר הָאבְּן צוּגֶעזָאגְט, הַיינְט פְּרִיה אַייךְ בְּרֵיינְגֶען צוּם הֶעטְמַאן. נֶעהמְט מִיט אַלֶע כֵּלִים. אִיהר וֶועט לַאנְג דָארְט פַארְבְּרֵיינְגֶען אוּן דֶער הֶעטְמַאן וֶועט אַייךְ קֶענִיגְלִיךְ בַּאלוֹינֶען.

דֶער ראֹש הַקָהָל הָאט דֶעם זֶעלְבְּן פְרַײטָאג אָנְגֶעהוֹיבְּן זַײן אַרְבֶּעט. שַׁבָּת הָאט עֶר פַארְבְּרַאכְט צְווישְׁן אִידְן אָבֶּער אִין הוֹיף פוּן קֶענִיגְלִיכְן הֶעטְמַאן. דָאס הָאט מֶען אִיהם גֶעוָואלְט הַאלְטְן אִין אַ גוּטֶער שְׁטִימוּנְג בִּכְדֵי עֶר זָאל בַּאלְד נָאךְ שַׁבָּת, וַוײטֶער טְהוּן זַײן אַרְבֶּעט. פוּנְדֶעסְטְוֶועגְן הָאט דֶער פוֹילִישֶׁער הֶעטְמַאן נִישְׁט גֶעטְרוֹיט דֶעם אִיד אַזַא אוֹצָר אוּן גֶעהֵייסְן אִיהם הִיטְן אֲפִילוּ אִין זַײן פַּאלַאץ.

דִי אִידְן הָאבְּן אִיהם גֶעוָוארְנְט אַז עֶר זָאל אַנְטְלוֹיפְן, זַײן לֶעבְּן אִיז אִין גְרוֹיס סַכָּנָה, מֶען זוּכְט אִיהם, דֶער רָב אוּן דֶער גַבַּאי זַײנֶען אִין קֵייטְן גֶעשְׁמִידְט אוּן זֵיי הָאבְּן אִיהם דֶערְצֵיילְט וֶועגְן דֶעם עֲלִילַת דַם וָואס דִי קְרִיסְטְן הָאבְּן גֶעמַאכְט אוֹיף דִי ווִיעֶנִיעֶצֶער אִידְן.

דֶער ראֹש הַקָהָל הָאט זִיךְ פַארְטְרַאכְט — דָאס קֶענִיגְלִיכֶע גֶעזֶעץ דֶערְלוֹיבְּט נִישְׁט אָן אַ גֶערִיכְט אוֹיסְפִיהרְן אַ אוּרְטֵייל אוֹיף אִידְן. אוּן וִויבַּאלְד אַ גֶערִיכְט, דַארְף מֶען נִישְׁט פַארְלִירְן בִּטָחוֹן.

— אִיךְ גֵיי צוּם רָב אוּן גַבַּאי אִין תְּפִיסָה...

און גָ־ט וֶועט נִישְׁט פַארְלָאזְן.

*

דָאס גֶערִיכְט אִיז פָארְגֶעקוּמֶען אִין קֶענִיגְלִיכְן פַּאלַאץ. סְטֶעפַאן בַּאטָארִי הָאט אַלֵיין גֶעוָואלְט בַּייוואוֹינֶען דָאס גֶערִיכְט און וַוייל עֶר אִיז גֶעוֶועזְן טִיף אִיבֶּערְצַייגְט אַז דִי אִידְן הָאבְּן אִין דֶעם מָארְד קֵיין שׁוּם חֵלֶק נִישְׁט, הָאט עֶר פַארְבֶּעטְן אַלֶע פְּרִיצִים. אַלֶע פִירְשְׁטְן, רִיטֶער און הֶעטְמַאנֶעס, יֶעזוּאִיטְן, בִּישָׁאפְן און גֶעלֶערְנְטֶע זַיינֶען גֶעזֶעסְן אִין גֶערִיכְט. אוֹיךְ דֶער קַארְדִינַאל אִיז גֶעוֶוען צְווִישְׁן זֵיי. דִי אַדֶעלִיגֶע הָאבְּן גֶעקוּקְט אוֹיף אִיהם מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד. עֶר וֶועט הַיינְט אַרוֹיסְטְרֶעטְן גֶעגְן אִידְן, גֶעגְן גַאנְצְן פּוֹילִישְׁן אִידְנְטוּם; עֶר וֶועט פָאדֶערְן מֶען זָאל עֶנְדֶערְן דִי גֶעזֶעצְן, וָואס זַיינֶען גִינְסְטִיג פַאר אִידְן.

וֶוען מֶען הָאט אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט דִי דְרַיי אִידְן גֶעשְׁמִידְטֶע אִין קֵייטְן, הָאבְּן זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבְּן שְׁפָּאטִישֶׁע גֶעשְׁרֵייעְן, קְלָלוֹת און זִידְל וֶוערְטֶער. שְׁוֶוערְדְן הָאבְּן זִיךְ גֶעהוֹיבְּן, גְרֵייט זֵיי צוּ לִינְטְשְׁן. אָבֶּער דֶער קֶענִיג הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט און

בּאלד זײַנען אַלע שטיל געוואָרן.

די גלחים האָבן גענומען שילדערן יענעם שרעקליכן פרײַטאָג, ווי זיי האָבן געהערט די דערשטיקטע געשרייען פון דעם קינד און שפּעטער ווי דרײַ אידן, טאַקע די, וואָס זײַנען דאָ אין געריכט זײַנען אַרויס פון דעם וואַלד. נישט אַנדערש נאָר זיי זײַנען געווען די מערדער פון דעם קינד.

דער קאַרדינאַל האָט געוואָלט אָנהויבן זײַן צוגעגרייטע גיפטיגע רעדע. אָבער דאָ שטעלט זיך אויף דער קעניג און פרעגט די אידן, וואָס זיי קענען זאָגן צו באַווייזן אַז די באַשולדיגונג איז פאַלש.

אָבער נאָך איידער די אידן ווילן אָנהויבן רעדן, שטעלן זיך אויף די פּריצים און דער גרויסער קעניגליכער העטמאַן און זיי דערציילן ווי זיי האָבן גראָד אין יענעם פרײַטאָג און שבּת פאַרבּראַכט מיט די אידן.

דער קאַרדינאַל איז בּלאַס געוואָרן. די צוויי גלחים זײַנען ווי פּחדנים געפאַלן צו די פיס פון

קֶענִיג און מִיט טְרֶערְן אִין דִי אוֹיגְן דֶערְצֵיילְט, וְוי דֶער קַארְדִינַאל הָאט זֵיי צוּגֶערֶעדְט צוּ דֶער דָאזִיגֶער "מִצְוָה", אַז נָאר אַזוֹי קֶען מֶען רַאטֶעוֶועון דָאס קְרִיסְטְלִיכְקַייט אִין פּוֹילְן.

דֶער פְּרִיצִישֶׁער הֲמוֹן הָאט פַּארְגַאפְּט גֶעוַוארְט אוֹיף דֶעם גְזַר הַדִין.

סְטֶעפַאן בַּאטָארִי אִיז גֶעוֶוען בַּארִיהמְט וְוי אַ קֶענִיג וָואס הָאט נִישְׁט גֶעווּאוּסְט פוּן קֵיין רַחְמָנוּת אוֹיף מֶערְדֶער.

דִי צְוֵויי מֶערְדֶער גַלָחִים זַיינֶען בַּאלְד אוֹיפגֶעהָאנְגֶען גֶעוָוארְן און דֶעם קַארְדִינַאל אִיבֶּער וֶועמֶען דֶער קֶענִיג הָאט נִישְׁט גֶעהַאט קֵיין רֶעכְט, הָאט עֶר פַּארְטְרִיבְּן פוּן פּוֹילְן אוֹיף אֵייבִּיג.

און בַּאלְד אִיז בֶּעגַייט גֶעוָוארְן דָאס גֶעזֶעץ וָואס דֶערְלוֹיבְּט נִישְׁט צוּ בֶּעשׁוּלְדִיגְן אִידְן אִין "מִצְוָה"־מָארְדְן און אַז דֶער פַּאלְשֶׁער עֵדוּת וֶועט בַּאשְׁטְרָאפְּט וֶוערְן מִיט דֶער זֶעלְבֶּער שְׁטְרָאף, וָואס מֶען וָואלְט גֶעגֶעבְּן דֶעם אוּמְשׁוּלְדִיגְן אִידִישְׁן קָרְבָּן. "וַעֲשִׂיתֶם לוֹ כַּאֲשֶׁר זָמַם לַעֲשׂוֹת לְאָחִיו".

אין װיעניעץ האט מען שוין לאנג נישט געזען אזוי פיהל טרערן פון פרייד און לויב צום באשעפער. אידן האבן זיך געהאלדזט אין די גאסן און זיך געװאונטשן מזל טוב. אלע אידן האבן געזען בפועל ממש װי ג־ט האט מיט זיי געטהון א נס.

דער אלטער רב איז צוגעגאנגען צום גבאי און איהם דערציילט װעגן דער װאונדערליכער פאסירונג, אבער דער גבאי האט װעגן דעם א גאנצע נאכט גערעדט מיט זיינע בני בית. נישט אנדערש נאר חנינא איז א ג־טליכער מאן, װי האט מען דאס געקענט לאזן דעם צדיק אזוי עלנד, אפגעריסן, א הונגעריגן אין א פערלאזענע חורבה.

זיי האבן געזוכט חנינא׳ן צװישן דעם טומלדיגן המון אין פאלוש אבער זיי האבן איהם נישט געקענט געפינען. פונקט דעמאלס, װען מען האט אין שוהל געזונגען הלל, האט חנינא אומגעקערט זיין נשמה אין הימל.

די גאנצע שטאט האט זיך באטייליגט אין דער לויה פון חנינא דער װאסער טרעגער, װאס

אִין זַיין זְכוּת אִיז גֶערַאטֶעוֶועט גֶעוָוארְן דִי וִויעֶנִיעֶצֶער קְהִילָה. יֶעדֶעס יָאהר פְלֶעגְן אִידְן קוּמֶען אוֹיף זַיין קֶבֶר אוֹיף וֶועלְכְן עֶס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיסגֶעקְרִיצְט אוֹיף דֶער מַצֵבָה, דָאס עֶר אִיז גֶעוֶוען אֵיינֶער פוּן דִי בֶּעהַאלְטֶענֶע צַדִיקִים פוּן דוֹר.

# אויסגערופן אַ חרם

די געשיכטע האט פּאסירט מיט אַרום דרײ הונדערט יאהר צוריק, אין דער שטעטל ליאָזנע, וויטעבסקער גובערניע, אין רוסלאַנד. אין יענע צײטן האט נישט זעלטן פּאסירט, אַז מען האט אידן באַשולדיגט אין דער לעכערליכער באַשולדיגונג, אַז זײ נוצן קריסטליך בלוט אין זײערע מצות און אין זײער וויין אויף פּסח. אַזאַ עלילת־דם פלעגט פירן צו פּאָגראָמען און שחיטות אויף אידן. וועגן אַזאַ בלוט בלבול ווילן מיר דאָ דערצײלן.

אָנגעהויבן האט זיך די צרה אין ליאָזנע, ווען עס איז געקומען אַ נײער גלח, אַ שונא ישראל. ער האט אָנגעהויבן האלטן דרשות אין קלויסטער פוהל מיט גיפט און שנאה צו אידן.

וֶוען עֶס הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען דֶערנֶענְטֶערְן צוּ פֶּסַח, הָאט דֶער גַלַח גֶענוּמֶען דֶערְמָאנֶען דִי גוֹיִם, אַז זֵיי זָאלְן הִיטְן זֵייעֶרֶע קִינְדֶער, וַוייל דִי אִידְן גַנְבְעֶנֶען גוֹיאִישֶׁע קִינְדֶער אוּן קוֹילֶענֶען זֵיי, אוּן דֶערְנָאךְ קֶענֶעטְן זֵיי אַרַיין דָאס קְרִיסְטְלִיךְ בְּלוּט אִין דִי מַצוֹת...

דָאס הָאט אוֹיף דִי גוֹיִם גֶעמַאכְט אַ שְׁרֶעקְלִיכְן אַיינְדְרוּק, בְּעֶזוּנְדֶער וֶוען דֶער גַלַח הָאט דָאס כְּסֵדֶר אִיבֶּערְגֶע׳חַזֶר׳ט. בִּיז דַאן פְלֶעגְן זֵיי אָפְט אַרַיינְקוּמֶען צוּ זֵייעֶרֶע אִידִישֶׁע שְׁכֵנִים, וֶועלְכֶע פְלֶעגְן זֵיי מְכַבֵּד זַיין מִיט שַׁבָּת׳דִיגֶע אוּן יוֹם טוֹב׳דִיגֶע מַאֲכָלִים. גְרוֹיס הֲנָאָה הָאבְּן דִי גוֹיִם גֶעהַאט פֶּסַח, וֶוען מֶען פְלֶעגְט זֵיי מְכַבֵּד זַיין מִיט מַצָה אוּן וַויין. אָבֶער אִיצְט, אַז זֵיי הָאבְּן גֶעהֶערְט פוּן גַלַח אַלֵיין, אַז עֶס אִיז פַארְהַאן קְרִיסְטְלִיךְ בְּלוּט אִין דִי מַצָה, הָאבְּן זֵיי זִיךְ גֶענוּמֶען אָפְּזוּנְדֶערְן פוּן דִי אִידְן, אוּן זֵייעֶר שִׂנְאָה צוּ דִי אִידִישֶׁע שְׁכֵנִים הָאט גֶענוּמֶען וַואקְסְן פוּן טָאג צוּ טָאג. אַ שְׁוַוארְצֶער וָואלְקְן הָאט זִיךְ אִיבֶּערְגֶעצוֹיגְן אִיבֶּער לִיאָזְנֶער אִידְן.

*

עֶטְלִיכֶע טֶעג נָאךְ פּוּרִים הָאט זִיךְ פַארְשְׁפְּרֵייט אַ קְלַאנְג, אַז אַ קְרִיסְטְלִיךְ קִינְד אִיז פַארְשְׁוואוּנְדְן גֶעוָוארְן. בַּאלְד דֶערְנָאךְ זַיינֶען אָנגֶעקוּמֶען צְוֵויי בַּאוָואפְנְטֶע זֶעלְנֶער אוּן הָאבְּן אַרֶעסְטִירְט צְוֵויי אִידְן. דֶער רָב אוּן דִי רָאשֵׁי הַקָהָל הָאבְּן גֶעקְרָאגְן צוּ וִויסְן, אַז מֶען בַּאשׁוּלְדִיגְט דִי אַרֶעסְטִירְטֶע אִין הָאבְּן גֶע׳גַנְבֶעט דָאס פַארְשְׁוואוּנְדֶענֶע קְרִיסְטְלִיךְ קִינְד.

דֶער רָב רַבִּי שַׁמַאי, אַ טִיפֶער זָקֵן, הָאט בַּאלְד גֶענוּמֶען אוֹיף זִיךְ אַ תַּעֲנִית פוּן דְרַיי מֵעת לְעֵת אוּן הָאט אוֹיסְגֶערוּפְן אַ תַּעֲנִית אִין דֶער גַאנְצֶער שְׁטֶעטְל. אִידְן הָאבְּן זִיךְ פַארְזַאמְלְט אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ אוּן גֶעזָאגְט תְּהִילִים דֶעם גַאנְצְן טָאג פוּן תַּעֲנִית מִיט צוּבְּרָאכֶענֶע הֶערְצֶער. נָאךְ מִנְחָה הָאט דֶער רָב גֶעהַאלְטְן אַ דְרָשָׁה אוּן דַאן הָאט דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם גֶעזָאגְט וִוידוּי. דַאן הָאט דֶער רָב אוֹיסְגֶערוּפְן אַ ״חֵרֶם״ אוֹיף דִי וֶועלְכֶע הָאבְּן דָאס קְרִיסְטְלִיךְ קִינְד בַּאהַאלְטְן, כְּדֵי צוּ מַאכְן אַ בִּילְבּוּל אוֹיף דִי אִידְן. אָנְגֶעטְהוּן אִין טַלִית אוּן קִיטְל, הָאבְּן זִיךְ דֶער רָב אוּן צְוֵויי זְקֵנִים אֲוֶועקְגֶעשְׁטֶעלְט בַּיים אָרוֹן קוֹדֶשׁ, מִיט שְׁוַוארְצֶע לִיכְט אִין דִי הֶענְד. מֶען הָאט גֶעעֶפְנְט דֶעם אָרוֹן קוֹדֶשׁ אוּן מִיט

אַ צִיטֶערְדִיקֶער שְׁטִים הָאט דֶער רָב אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט אַ גֶ־טְלִיכֶע קְלָלָה אוֹיף דִי וָועלְכֶע הָאבְּן גֶעהַאט אַ שַׁיְיכוּת מִיטְן גַנְבֶענֶען דָאס קִינְד.

שַׁבָּת, צְוֵויי טֶעג נָאכְן חֵרֶם, זַיינֶען דֶער רָב אוּן דִי רָאשֵׁי הַקָהָל גֶערוּפְן גֶעוָוארְן אִין דֶער פָּאלִיצֵיי, דָארְט אִיז אוֹיךְ גֶעוֶוען דֶער פַארְבִּיסֶענֶער אִידְן־פַיינְט, דֶער גַלַח. מֶען הָאט דִי אִידְן גֶעוָוארְנְט, אַז אוֹיבּ זֵיי וֶועלְן נִישְׁט אוּמְקֶערְן דָאס קְרִיסְטְלִיךְ קִינְד, וֶועט מֶען נֶעמֶען אַ בְּלוּטִיגֶע נְקָמָה פוּן אַלֶע אִידְן פוּן שְׁטֶעטְל.

אוֹיף מָארְגְן, זוּנְטָאג, הָאבְּן זִיךְ אִין לִיאָזְנֶע פַארְזַאמְלְט דִי גוֹיִם פוּן דִי אַרוּמִיגֶע דֶערְפֶער כְּדֵי צוּ גֵיין אִין קִירְךְ. דֶער גַלַח הָאט וִוידֶער גֶעהַאלְטְן אַ פַייעֶרְדִיגֶע רֶעדֶע מִיט בִּלְבּוּלִים אוֹיף דִי אִידְן. עֶר הָאט אַלֶעמֶען בַּאקַאנְט גֶעמַאכְט, אַז עֶס אִיז שׁוֹין אִיבֶּער אַ וָואךְ וָואס דִי אִידְן הָאבְּן צוּגֶערוֹיבְּט אַ קְרִיסְטְלִיךְ קִינְד, אוּן אוֹיבּ מֶען וֶועט נִישְׁט אָנְנֶעמֶען דִי שְׁטְרֵיינְגְסְטֶע מִיטְלֶען, וֶועט זַיין צוּ שְׁפֶּעט צוּ רַאטֶעוֶוען דָאס קִינְד.

דֶעם גַלַח׳ס פַייעֶרְדִיגֶע דְרָשָׁה הָאט שְׁטַארְק אוֹיפְגֶעהֶעצְט דִי פַארְזַאמְלְטֶע פוֹיעֶרִים.

װען דער גלח האט פארענדיגט זײן דרשה, איז צוגעגאנגען א דארפס פויער צום גלח און האט הויך אויפן קול גענומען דערציילן, אז ער האט א ביטע אין נאמען פון זײנעם א פרײנד. אלע האבן גענומען צוהערן, װאס דער פויער האט צו דערציילן.

דער פויער האט דערציילט, אז מיט א פאר טעג פריער איז פלוצלונג קראנק געװארן זײנער א פרײנט אין דארף. דער קראנקער פויער האט דערפילט, אז זײן סוף איז נאהנט, האט ער איהם געבעטן, ער זאל גײן צום גלח און איהם דערמאנען, אז ער זאל האלטן זײן צוזאג, װײל ער, דער קראנקער גוי, האט געטהון װי דער גלח האט איהם געהייסן: ער האט גע'גנבעט א קריסטליך קינד און עס באהאלטן בײ זײנעם א ברודער אין א צװײטן דארף, כדי דערמיט אנצושרעקן די אידן. איצט זאל דער גלח אויספירן זײן צוזאג ארײנצוברײנגען דעם גוי אין גן עדן ארײן גלײך נאך זײן טויט, װײל דער גוי איז באלד דערנאך געשטארבן.

דערהערט אזעלכע װערטער, איז דער גלח

צוטומלְט גֶעוָוארן. עֶר איז אָבֶער בַּאלְד גֶעקומֶען צו זיך און הָאט גֶענומֶען שְׁרַייעֶן:

— וַוארְפְט אַרויס דֶעם שִׁיכּוֹר! אַ חוצְפָּה צו קומֶען שְׁטֶערְן די תְּפִילָּה מִיט מְשוּגֶענֶע חֲלוֹמוֹת...

מֶען הָאט דֶעם גוֹי אַרויסְגֶעשְׁלֶעפְּט פון קִירְך, אָבֶער נִישְׁט פַארְשְׁטֵייעֶנְדִיג מִיט וָואס עֶר הָאט זיך פַארְזִינְדִיגְט, הָאט עֶר אויך וַוייטֶער אִיבֶּערְגֶע׳חַזֶר׳ט די זֶעלְבֶּע רֵייד.

וֶוען אַלֶע זַיינֶען וַוייטֶער גֶעבְּלִיבְּן אִין קִירְך צו דֶער תְּפִילָּה וָואס דֶער גַּלַח הָאט אָנְגֶעפִירְט, הָאט זיך אָבֶער אַרויסְגֶעשַׁארְט אַ פָּאלִיצְיאַנְט מִיט זַיינֶעם אַ חָבֵר. זֵיי זַיינֶען גְרַאדֶע גֶעוֶוען עֶרְלִיכֶע גוֹיִם, און הָאבְּן נִישְׁט גֶעגְלויבְּט אִין דֶעם בְּלוּט־בִּלְבּוּל אויף די אִידְן. אִיצְט וֶוען זֵיי הָאבְּן דֶערְהֶערְט אַזֶעלְכֶע רֵייד פון דֶעם תַּם׳עֶוַואטְן פויעֶר, זַיינֶען זֵיי בַּאלְד מִיט אִיהם אַוֶועקְגֶעפָארְן אִין דָארְף, וואו דָאס קִינְד איז גֶעוֶוען אויסְבַּאהַאלְטְן. דָארְט הָאבְּן זֵיי גֶעפונֶען דֶעם צְוֵוייטְן פויעֶר אִין גְרויסֶע יְסוּרִים, און עֶר הָאט אויך גֶעבֶּעטְן מֶען זָאל דֶערְמָאנֶען דֶעם גַּלַח וֶועגְן

זַיין צוזָאג אַרײַנצוּבְרֵיינְגְען אִיהם אִין גַן עֵדֶן.

דֶער פָּאלִיצִיאַנְט אוּן זַיין חָבֵר, מִיט דֶעם גוֹי וָואס מֶען הָאט אַרוֹיסְגֶעוָָוארְפֶן פוּן דֶער קִירְךְ, הָאבְּן זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט אִין לִיאָזְנֶע, צוּזַאמֶען מִיט דָאס "פַארְשְׁוואוּנְדֶענֶע" קִינְד. זֵיי הָאבְּן נָאךְ בַּאווִיזְן צוּ קוּמֶען אִין קִירְךְ אֵיידֶער דֶער גַלַח הָאט פַארְעֶנְדִיגְט דִי תְּפִילוֹת.

וֶוען דֶער הֲמוֹן הָאט דֶערְזֶען דָאס קִינְד אַ לֶעבֶּעדִיגְס, אִיז גֶעוָָוארְן אַ טוּמְל. דֶער גַלַח אִיז גֶעוָָוארְן בְּלַאס ווִי קַאלְךְ אוּן הָאט זִיךְ אוֹיף אַ וַויילֶע אִינְגַאנְצְן פַארְלָארְן. בַּאלְד אָבֶער הָאט עֶר זִיךְ גֶעפַּאסְט מוּט אוּן אִיז אַרוֹיף אוֹיפְן בַּאלֶעמֶער. עֶס אִיז גֶעוָָוארְן שְׁטִיל אִין קִירְךְ; מֶען הָאט גֶעוָָואלְט הֶערְן, וָואס דֶער גַלַח הָאט צוּ זָאגְן.

דֶער גַלַח הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען צֶלֶם'ען אוּן שְׁוֶוערְן, אַז עֶר אִיז דָא אִינְגַאנְצְן אוּמְשׁוּלְדִיג. עֶר הָאט אַלֶעמֶען פַארְזִיכֶערְט, אַז דִי אִידְן זַיינֶען גֶעווִיס שׁוּלְדִיג אִין צוּגַנְבֶענֶען דָאס קִינְד. אָבֶער אַזוֹי ווִי עֶר, דֶער גַלַח, הָאט זִיךְ דֶערְווָאוּסְט דֶערְפוּן, אוּן צוּזַאמֶען מִיט דֶער פָּאלִיצֵיי גֶענוּמֶען

שְׁרֶעקְן דִי אִידְן מִיט אַ בְּלוּטִיגֶע נְקָמָה, הָאבְּן זֵיי בַּאשְׁלָאסְן צוּרִיקְצוּבְּרֵיינְגֶען דָאס קִינְד אַ לֶעבֶּעדִיגְן. אָבֶּער אַזוֹי גְלַאט אָפְּגֶעבְּן דָאס קִינְד וָואלְט דָאךְ גֶעהֵייסְן, אַז זֵיי זַיינֶען זִיךְ מוֹדֶה אִין דֶעם פַארְבְּרֶעכְן, הָאבְּן זֵיי אוּנְטֶערְגֶעקוֹיפְט דֶעם פָּאלִיצִיאַנְט אוּן זַיינֶע חֲבֵרִים, אַז זֵיי זָאלְן צוּרִיקְבְּרֵיינְגֶען דָאס קִינְד מִיט דֶער אוֹיסְגֶעטְרַאכְטֶער מַעֲשֶׂה, אַז עֶר, דֶער גַלַח, אִיז גָאר דֶער שׁוּלְדִיגֶער!

פוּן דֶעם גַלַח׳ס "אוֹיפְקְלֶערוּנְג" אִיז דֶער הֲמוֹן ווִידֶער צוּטוּמְלְט גֶעוָוארְן אוּן נִישְׁט גֶעווּאוּסְט, וֶועמֶען צוּ גְלוֹיבְּן. אָבֶּער פְּלוּצְלוּנְג הָאט דֶעם גַלַח אָנְגֶעכַאפְּט שְׁרֶעקְלִיכֶע קְרַאמְפְּן. עֶר הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען קָארְטְשֶׁען פוּן וֵוייטָאג אוּן מֶען הָאט אִיהם גֶעמוּזְט אַרוֹיסְטְרָאגְן פוּן קִירְךְ מֶער טוֹיט ווִי לֶעבֶּעדִיג.

אִינְצְווִישְׁן אִיז אָנְגֶעקוּמֶען דֶער הוֹיפְּט פוּן דֶער פָּאלִיצֵיי. עֶר הָאט גֶעהֶערְט, ווִי אַזוֹי דֶער גַלַח הָאט גֶעזוּכְט זִיךְ רֵיינְצוּוַואשְׁן אוּן אַרוֹיפְוַוארְפְן דִי שׁוּלְד אוֹיף דִי אִידְן. אָבֶּער עֶר הָאט גֶעווּאוּסְט דֶעם אֱמֶת. הָאט עֶר אוֹיסְגֶערוּפְן פַארְן הֲמוֹן, אַז דִי אִידְן

זַיינֶען אוּמְשׁוּלְדִיג; אַז עֶס אִיז גֶעוֶוען אַ בִּלְבּוּל, אוּן אַז וֶוער עֶס וֶועט לֵייגְן אַ הַאנְט אוֹיף אַ אִידְן אִין לִיאָזְנֶע, וֶועט שְׁטְרֵיינְג בַּאשְׁטְרָאפְט וֶוערְן.

*

וֶוען דָאס אַלֶעס אִיז פָארְגֶעקוּמֶען אִין קִירְךְ אוּן אַרוּם קִירְךְ, זַיינֶען אִין דֶער צַייט דִי אִידְן גֶעזֶעסְן אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ אִין טַלִית אוּן תְּפִלִין אוּן מֶען הָאט גֶעזָאגְט תְּהִילִים צוּם אוֹיבֶּערְשְׁטְן, עֶר זָאל זֵיי רַאטֶעוֶוען פוּן דֶער טוֹיט גֶעפַאר. אִין מִיטְן אִיז אָנְגֶעקוּמֶען דֶער פָּאלִיצֵיי הוֹיפְּט, בַּאגְלֵייט פוּן עֶטְלִיכֶע פָּאלִיצִיאַנְטְן, צוּזַאמֶען מִיט דִי צְוֵויי אַרֶעסְטִירְטֶע אִידְן. אֵיימִיצֶער הָאט גֶעהַאט גֶעזָאגְט דִי סְבָרָא, אַז מֶען פִירְט דִי אִידְן צוּ דֶער תְּלִיָה אוּן מֶען וֶועט זִיךְ בַּאלְד נֶעמֶען צוּ אַלֶע אִידְן פוּן לִיאָזְנֶע. עֶס אִיז גֶעוָוארְן אַ יְלָלָה אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ. דֶער רָב אוּן דִי רָאשֵׁי הַקָהָל זַיינֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם הוֹיפְּט פוּן דֶער פָּאלִיצֵיי אוּן אִיהם גֶעבֶּעטְן עֶר זָאל זֵיי גֶעבְּן נָאךְ עֶטְלִיכֶע מִינוּט צוּ דַאוְונֶען מִנְחָה בְּצִיבּוּר אוּן זָאגְן וִידוּי.

וֶוען דֶער הוֹיפְּט פוּן דֶער פָּאלִיצֵיי הָאט

דֶערְהֶערְט זֵייעֶר בַּקָשָׁה, הָאט עֶר זִיךְ צוּלַאכְט. עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּם רָב אוּן צוּ דִי רָאשֵׁי הַקָהָל, אַז עֶר אִיז נִישְׁט גֶעקוּמֶען זֵיי טְהוּן שְׁלֶעכְטֶס, נָאר בֶּעטְן מְחִילָה בַּיי זֵיי פַאר דֶעם אוּנְרֶעכְט וָואס אִיז זֵיי גֶעטְהוּן גֶעוָוארְן. עֶר הָאט זֵיי דֶערְצֵיילְט, וְוי אַזוֹי דֶער אֱמֶת אִיז אַרוֹיפְגֶעשְׁווֹאוּמֶען, אוּן וְוי אַזוֹי דֶער בִּלְבּוּל אִיז אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארְן. דִי אִידְן פוּן לִיאָזְנֶע דַארְפְן זִיךְ נִישְׁט שְׁרֶעקְן מֶעהר פַאר זַיין בֵּייז...

מֶען קֶען זִיךְ פָארְשְׁטֶעלְן דִי פְרֵייד, מִיט וֶועלְכֶע דֶער עוֹלָם הָאט אוֹיפְגֶענוּמֶען דִי בְּשׂוֹרָה.

דֶערְוַוייל אִיז דֶער גַלַח גֶעלֶעגְן אִין גֶעהַאקְטֶע יְסוּרִים. צְוֵויי וָואכְן הָאט עֶר זִיךְ גֶעמַאטֶערְט בִּיז עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבְּן. אַזוֹי אַרוּם זַיינֶען אַלֶע דְרַיי גוֹיִם, וֶועלְכֶע הָאבְּן גֶעהַאט אַ הַאנְד אִין דֶעם בִּלְבּוּל, אוּמְגֶעקוּמֶען מִיט מִיתוֹת מְשׁוּנוֹת, אוּן דִי אִידְן פוּן לִיאָזְנֶע זַיינֶען פָּטוּר גֶעוָוארְן פוּן דֶעם גַלַח, דֶער שׂוֹנֵא יִשְׂרָאֵל.

יֶענֶעם פֶּסַח הָאבְּן זִיךְ דִי אִידְן אִין לִיאָזְנֶע בֶּאֱמֶת גֶעפִילְט ״בְּנֵי חוֹרִין״.

# דֶער טַלִית קָטָן

מֹשֶה'לֶע אִיז גֶעוֶוען אַ בֵּן יָחִיד צוּ זַיין פָּאטֶער, אַ יוּנְגֶער רָב אִין אַ קְלֵיין פּוֹילִישׁ שְׁטֶעטְל. זַיינֶע עֶלְטֶערְן הָאבְּן אִיהם זֵייעֶר לִיבּ גֶעהַאט — ווִי עֶלְטֶערְן הָאבְּן לִיבּ זֵייעֶר עֶרְשְׁטְן קִינְד, אוּן זֵיי הָאבְּן זִיךְ גֶעגְרֵייט צוּ פְּרַאוֶוען זַיין חַאלַאקֶע (אָפְּשֶׁערֶענִישׁ) צוּ זַיין דְרִיטְן גֶעבּוּרְטְס טָאג. אָבֶּער דֶער נַחַת אִיז זֵיי נִישְׁט בַּאשֶׁערְט גֶעוֶוען. אֵיינְמָאל, אַ עֶרֶב־שַׁבָּת, וֶוען דִי יוּנְגֶע רֶעבְּעצְן אִיז גֶעוֶוען פַארְנוּמֶען אִין קִיךְ, אוּן דֶער רָב אִיז נָאךְ גֶעוֶוען אִין בֵּית מִדְרָשׁ, אִיז מֹשֶה'לֶע, וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ גֶעשְׁפִּילְט נֶעבְּן שְׁטוּב, פְּלוּצְלוּנְג פַארְשְׁוואוּנְדְן גֶעוָוארְן.

דִי פַארְצְוֵוייפְלְטֶע מַאמֶע הָאט אַלַארְמִירְט דִי שְׁכֵנִים; דֶער פָּאטֶער אִיז גֶעקוּמֶען צוּ לוֹיפְן פוּן בֵּית מִדְרָשׁ; דָאס גַאנְצֶע שְׁטֶעטְל הָאט זִיךְ

גֶעשְׁטֶעלְט אויף דִי פִּיס. מֶען הָאט אַרוּמְגֶעזוּכְט מֹשֶׁה׳לֶען אִין אַלֶע ווִינְקֶעלֶעךְ, אוּן מֶען הָאט כְּסֵדֶר גֶעהַאלְטְן אִין אֵיין רוּפְן: "מֹשֶׁה׳לֶע! מֹשֶׁה׳לֶע!" אָבֶער מֹשֶׁה׳לֶע הָאט זִיךְ נִישְׁט אָפְּגֶערוּפְן — ווִי אִין וַואסֶער אַרַיין. אַ גַאנְצְן טָאג הָאט מֶען אִיהם אַרוּמְגֶעזוּכְט, בִּיז עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דִי צַייט פוּן לִיכְט־בֶּענְטְשְׁן.

יֶענֶער שַׁבָּת אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען אַ פַארְשְׁטֶערְטֶער, נִישְׁט נָאר פַאר דִי אוּמְגְלִיקְלִיכֶע עֶלְטֶערְן, נָאר פַאר אַלֶע אִידְן פוּן שְׁטֶעטְל. דִי עֶלְטֶערְן הָאבְּן גֶעטְרוֹיעֶרְט נָאךְ זֵייעֶר פַארְשְׁוואוּנְדֶענֶעם בֵּן־יָחִיד אוּן הָאבְּן זִיךְ נִישְׁט גֶעקֶענְט טְרֵייסְטְן. אִין שְׁטֶעטְל הָאט מֶען נִישְׁט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ רֶעדְן וֶועגְן מֹשֶׁה׳לֶען אוּן וָואס עֶס הָאט מִיט אִיהם גֶעקֶענְט פַּאסִירְן. אֵיימִיצֶער הָאט גֶעזָאגְט, אַז יֶענֶעם עֶרֶב־שַׁבָּת זַיינֶען דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען צִיגַיינֶער אוּן מִסְתָּם הָאבְּן זֵיי אִיהם צוּגֶעכַאפְּט. אוֹיבּ אַזוֹי, אִיז גֶעוֶוען אַ שְׁוַואכֶע הָאפֶענוּנְג, אַז מֹשֶׁה׳לֶע זָאל זִיךְ וֶוען עֶס אִיז אוֹיפְזוּכְן.

אוּן דָאס אִיז טַאקֶע גֶעוֶוען וָואס עֶס הָאט

פּאַסירט. די וואַנדערנדיגע ציגײַנער. דערזעהענדיג אַ חנעװודיג אינגעלע אַלײן, האָבּן זײ איהם געגעבּן אַ צוקערל און האָבּן איהם אַרײַנגענאַרט אין זײער בּויד, וואו ער האָט זיך גענומען שפּילן מיט די ציגײַנער־קינדער פון זײַן עלטער. ווען ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער געפינט זיך צווישן פרעמדע, האָט ער גענומען וויינען און רופן: "מאַמע, מאַמע!" אָבּער די ציגײַנער זײַנען שוין געווען ווײַט פון שטעטל און האָבּן זיך נישט אָפּגעשטעלט. משה׳לע איז געבּליבּן בּײַ זײ אין די הענט.

וואָכן לאַנג האָבּן די ציגײַנער געוואַנדערט אַלץ ווײַטער און ווײַטער און משה׳לע האָט צובּיסלאַך גענומען פאַרגעסן ווען זײַן טאַטע־מאַמע. די ציגײַנער האָבּן איהם ענדליך געבּראַכט צו אַ רײַכן לאַנדבּאַזיצער, אַ פּוילישן פּריץ, וואָס האָט קײן קינדער נישט געהאַט. זײ האָבּן משה׳לען פאַרקױפט צום פּריץ. דער פּריץ און די פּריצטע, שוין נישט קײן יונגע מענטשן, האָבּן זיך זײער דערפרײט מיט דעם שײנעם אינגעלע, און האָבּן איהם געהאָדעוועט ווי אַ אײגן קינד.

משה׳לע האָט אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז ער איז

אַ אִידִישׁ קִינְד. זַיין נָאמֶען אִיז אִיצְט גֶעוֶוען "יַאנוּשׁ", אוּן עֶר אִיז אוֹיסְגֶעוָואקְסְן אַ יוּנְגֶער פָּרִיץ. וֶוען דֶער אַלְטֶער פָּרִיץ אִיז גֶעשְׁטָארְבְּן, הָאט יַאנוּשׁ גֶע'יַרְשְׁנְט זַיין גַאנְצְן פַארְמֶעגְן אוּן אַלֶע זַיינֶע גִיטֶער, צוּזַאמֶען דֶערְמִיט הָאט עֶר אוֹיךְ גֶע'יַרְשְׁנְט זַיין שִׂנְאָה צוּ אִידְן.

יַאנוּשׁ הָאט גֶעפִירְט אַ לוּסְטִיג אוּן זָארְגְלָאז לֶעבְּן, מִיט הוּלִיַאנְקֶעס אוּן פַארְוֵוייליוּנְגֶען, וִוי אַנְדֶערֶע פְּרִיצִים פוּן דֶער פּוֹילִישֶׁער שְׁלִיאַכְטֶע. עֶר אִיז גֶעוָוארְן דֶער לִיבְּלִינְג פוּן דֶער פּוֹילִישֶׁער אַרִיסְטָאקְרַאטְיֶע. מִיט דֶער צַייט אִיז עֶר בַּאשְׁטִימְט גֶעוָוארְן אַלְס גוּבֶּערְנַאטָאר פוּן דֶעם גַאנְצְן גֶעגְנְט. עֶר הָאט אָנְגֶעוָוארְפְן אַ אֵימָה אוֹיף דִי אִידְן, וֶועלְכֶע הָאבְּן גֶעלֶעבְּט אוּנְטֶער זַיין הֶערְשַׁאפְט, אוּן זֵיי הָאבְּן אָפְט גֶעלִיטְן פוּן זַיינֶע גְזֵירוֹת אוּן רְדִיפוֹת.

*

יֶעצְט וֶועלְן מִיר זִיךְ אוּמְקֶערְן צוּ מֹשֶׁה'לֶעס עֶלְטֶערְן. דֶער רָב מִיט דֶער רֶעבֶּעצְן הָאבְּן אָנְגֶעפִירְט זֵייעֶר בַּאשֵׁיידֶענֶעם לֶעבְּן מִיט אַ טִיפֶער

וואונד אין הַארְצְן, וָואס אִיז נִישְׁט פַארְהֵיילְט גֶעוָוארְן אוֹיךְ נָאכְדֶעם ווִי דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער הָאט זַיי גֶעבֶּענְטְשְׁט מִיט אַנְדֶערֶע קִינְדֶער, צְוֵויי אִינְגֶעלֶעךְ אוּן צְוֵויי מֵיידֶעלֶעךְ, פוּן וֶועמֶען זֵיי הָאבְּן גֶעשֶׁעפְּט פִיהל אִידִישֶׁע נַחַת.

אִין שְׁטֶעטְל אִיז גֶעוֶוען אַ "שַׁבָּת־גוֹי", וָואס פְּלֶעגְט אַרַיינְקוּמֶען אִין אִידִישֶׁע הַייזֶער אַרָאפְּנֶעמֶען דִי לַייכְטֶער פוּן טִישׁ, עֶר פְּלֶעגְט אוֹיךְ אַרַיינְקוּמֶען אִין דִי וָואכְן טֶעג, וואו אַיינְהֵייצְן דֶעם אוֹיוְון, וואו אַרַיינְטְרָאגְן וַואסֶער פוּן בְּרוּנֶעם, אָדֶער אַרוֹיסְהֶעלְפְן מִיט אַנְדֶערֶע אַרְבֶּעט. בַּאזוּנְדֶערְס גֶערְן אִיז עֶר גֶעוֶוען אַרַיינְצוּקוּמֶען אִין הוֹיז פוּן רַב, וואו דִי רֶעבֶּעצְן הָאט אִיהם שְׁטֶענְדִיג מְכַבֵּד גֶעוֶוען מִיט אַ פָּארְצִיֶע חַלָּה, אַבִּיסְל צִימֶעס, א.ד.ג.

אֵיינְמָאל הָאט אִיהם דִי רֶעבֶּעצְן גֶעכַאפְּט בַּיי אַ גְנֵבָה אוּן הָאט זִיךְ נִישְׁט וִויסְנְדִיג גֶעמַאכְט. אָבֶּער וֶוען זִי הָאט אִיהם גֶעכַאפְּט בַּיי אַ גְנֵבָה אַ צְוֵוייטְן מָאל אוּן אַ דְרִיטְן מָאל, הָאט זִי אִיהם מְשַׁלֵחַ גֶעוֶוען אוּן פַארְבָּאטְן אַרַיינְצוּקוּמֶען אִין שְׁטוּב. אוֹיךְ אַנְדֶערֶע אִידְן אִין שְׁטֶעטְל הָאבְּן אִיהם

גֶעכַאפְּט בַּיי גְנֵבוֹת, און הָאבְּן אִיהם אַרוֹיסְגֶעטְרִיבְּן. דֶער גוֹי אִיז גֶעוָוארְן אִין כַּעַס אוֹיף דִי אִידְן און הָאט גֶעשְׁוָוארְן צוּ נֶעמֶען נְקָמָה.

בַּאלְד נָאךְ פּוּרִים, וֶוען אִידְן הָאבְּן זִיךְ גֶענוּמֶען גְרֵייטְן צוּ פֶּסַח, אִיז דֶער גוֹי אַוֶועק אוֹיף דֶעם גוֹיאִישְׁן בֵּית־הַקְבָרוֹת, וואוּ אַ טָאג פְּרִיעֶר אִיז בַּאגְרָאבְּן גֶעוָוארְן אַ קְרִיסְטְלִיךְ קִינְד. אִין דֶער פִינְצְטֶעֶרְנִיש פוּן דֶער נַאכְט הָאט עֶר אוֹיסְגֶעגְרָאבְּן דֶעם פְרִישְׁן קֶערְפֶּער, אִיבֶּערגֶעשְׁנִיטְן אִיהם דָאס הַאלְז און הָאט אִיהם בַּאגְרָאבְּן אִין הוֹיף פוּן דֶעם רָב. אוֹיף מָארְגְן אִיז עֶר אַוֶועק צוּם מַאגִיסְטְרַאט און הָאט דֶערְצֵיילְט, אַז עֶר הָאט גֶעזֶעהן וִוי אִידְן גְרָאבְּן אוֹיס דֶעם פְרִישְׁן קֶערְפֶּער פוּן אַ קְרִיסְטְלִיךְ קִינְד, הָאבְּן אָפְּגֶעצַאפְּט בְּלוּט פוּן אִיהם פַאר פֶּסַח און הָאבְּן בַּאגְרָאבְּן דֶעם קֶערְפֶּער אִין הוֹיף פוּן רָב.

אִין יֶענֶער צֵייט הָאבְּן פִיהל גוֹיִם גֶעגְלוֹיבְּט, אַז אִידְן בַּאנוּצְן קְרִיסְטְלִיךְ בְּלוּט אִין זֵייעֶרֶע מַצוֹת און וַויין פַאר פֶּסַח. דֶערְהֶערְנְדִיג דִי ״עֵדוּת״ פוּן דֶעם גוֹי, אִיז דֶער מַאגִיסְטְרַאט תֵּיכֶף גֶעקוּמֶען צוּם רָב אִין דֶער בַּאגְלֵייטוּנְג פוּן פָּאלִיצֵיי, און זֵיי הָאבְּן אוֹיסְגֶעגְרָאבְּן דֶעם קֶערְפֶּער. מֶען הָאט בַּאלְד

אַרֶעסְטִירְט דֶעם רָב און די חָשוּב׳סְטֶע בַּעֲלֵי־בַּתִּים פון שְׁטֶעטְל, און מֶען הָאט פַארְפִירְט אַ פְּרָאצֶעס קֶעגְן זֵיי.

עֶס הָאבְּן נִישְׁט גֶעהָאלְפְן די טַעֲנוֹת פון רָב און פון די אַנְדֶערֶע אִידְן, אַז די תּוֹרָה הָאט שְׁטְרֵיינְג פַארְבָּאטְן אידן צוּ בַּאנוּצְן בְּלוּט, אֲפִילוּ אַרָאפְּצוּשְׁלִינְגֶען אַ בְּלוּטְסְטְרָאפְּן פון אַ אֵיי; און אַז די גַאנְצֶע בַּאשוּלְדִיגוּנְג אִיז אַ מִיאוּסֶער בִּלְבּוּל פון אַ גַנָב, וָואס ווִיל זִיךְ נוֹקֵם זַיין פון די אִידְן, דֶערְפַאר וָואס זֵיי הָאבְּן אִיהם פַארְטְרִיבְּן פַאר זַיינֶע גְנֵבוֹת. די רִיכְטֶער, וֶועלְכֶע זַיינֶען אוֹיךְ נִישְׁט גֶעוֶוען קֵיין אִידְן־פְרַיינְט, הָאבְּן אָנְגֶענוּמֶען די "עֵדוּת" פון דֶעם גוֹי און הָאבְּן פַאר׳מִשְׁפָּט דֶעם רָב צוּם טוֹיט און די אַנְדֶערֶע בַּאשוּלְדִיגְטֶע אִידְן צוּ לֶעבְּנְסְלַיינְגְלִיכֶער תְּפִיסָה. דֶערְבַּיי הָאבְּן זֵיי אוֹיךְ אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט אַ שְׁוֶוערֶע גֶעלְט־שְׁטְרָאף אוֹיף די אִידְן פון שְׁטֶעטְל. די אִידְן זַיינֶען גֶעוֶוען הִילְפְסְלָאז קֶעגְן דֶער בְּלוּטִיגֶער שִׂנְאָה פון זֵייעֶרֶע קְרִיסְטְלִיכֶע שְׁכֵנִים. די אֵיינְצִיקֶע הָאפֶענוּנְג אִיז גֶעוֶוען, אַז אַזוֹי ווִי דֶער אוּרְטֵייל דַארְף נָאךְ בַּאשְׁטֶעטִיגְט וֶוערְן פון דֶעם גוּבֶּערְנַאטָאר, וֶועט

אֶפְשֶׁר מֶעגְלִיךְ זַיין צוּ ווירְקְן אוֹיף אִיהם צוּ בַּאגְנֶעדִיגְן דִי פַּארְאוּרְטֵיילְטֶע. אָבֶער וויסְנְדִיג, אַז דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר אִיז אַ שׂוֹנֵא־יִשְׂרָאֵל, אִיז דָאס גֶעוֶוען גָאר אַ שְׁוַואכֶע הָאפֶענוּנְג. נָאר אַ נֵס מִן הַשָּׁמַיִם קֶען רַאטֶעוֶוען, און די אִידְן הָאבְּן גֶעפַּאסְט און תְּפִילָה גֶעטְהוּן צוּם אוֹיבֶּערְשְׁטְן עֶר זָאל זֵיי טְהוּן אַ נֵס און רַאטֶעוֶוען זֵיי פוּן אוּמְגְלִיק.

*

יֶענֶע נַאכְט הָאט דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר נִישְׁט גֶעקֶענְט אַיינְשְׁלָאפְן. פַארְשִׁידֶענֶע גֶעדַאנְקֶען הָאבְּן זִיךְ אִיהם גֶעטוּמְלְט אִין קָאפּ, און כָאטְשׁ עֶר אִיז גֶעוֶוען שְׁטַארְק מִיד נָאךְ אַ דְרַיי־טָאגִיגְן גֶעיֶעג אוֹיף הִירְשְׁן אִין זַיינֶע וֶועלְדֶער, הָאט עֶר נִישְׁט גֶעקֶענְט צוּמַאכְן קֵיין אוֹיג. דֶער עִיקָר הָאט עֶר זִיךְ נִישְׁט גֶעקֶענְט אַרוֹיסְשְׁלָאגְן פוּן קָאפּ די בַּאגֶעגֶענִישׁ מִיט אַ דֶעלֶעגַאצְיֶע פוּן אִידִישֶׁע שְׁתַּדְלָנִים, וֶועלְכֶע זַיינֶען גֶעקוּמֶען צוּ אִיהם, גְרַאדֶע וֶוען עֶר הָאט זִיךְ גֶעקְלִיבְּן אוֹיף יַאגְד, מִיט דֶער בַּקָשָׁה אַז עֶר זָאל זִיךְ אַרַיינְמִישְׁן אִין דֶעם פְּרָאצֶעס און נִישְׁט דֶערְלָאזְן אַ הִימְל שְׁרַייעֶנְדֶע אוּמְרֶעכְט קֶעגְן אוּמְשׁוּלְדִיגֶע אִידְן אִין אֵיינֶע פוּן

די פּאַרוואָרפֿענע שטעטלאַך אין זײַן גובערניע. דער גובערנאַטאָר האָט דאָן אַפֿילו נישט געוואָלט אויסהערן זייערע טענות, ער האָט זיי באַהאַנדלט גראָב, אומגעדולדיג און אָן קיין שום מיטגעפֿיל. „איך פֿאַרלאָז זיך אויף די ריכטער, און איך וועל וואַרטן אויף זייער אורטייל" — האָט ער זיי קורץ און שאַרף געענטפֿערט און האָט דערמיט פֿאַרענדיגט דעם ענין.

איצט, אַז ער האָט אַרײַנגעטראַכט אין יענע באַגעגעניש, האָט ער דערפֿילט עפּעס אַ אומרוהיגקייט. בײַ זיך אין האַרצן האָט ער נישט געגלויבט אין דעם בלוט־בלבול, אָבער פֿאַרוואָס זאָל איהם קימערן וואָס עטליכע אידן געפֿינען זיך אין אַ פֿאַרצווייפֿלטער לאַגע? פֿונדעסטוועגן האָט ער זיך נישט געקענט באַפֿרייען פֿון דעם געדאַנק וועגן די אומשולדיגע קרבנות. ער האָט זיך געוואָרפֿן אויף זײַן געלעגער און פֿון צייט צו צייט געכאַפּט אַ טרונק וויין, האָפֿנדיג דערמיט אײַנצושלאָפֿן. ערשט פֿאַרטאָג איז אויף איהם אָנגעפֿאַלן אַ אומרוהיגער שלאָף, און באַלד האָט זיך איהם גע'חלומ'ט אַ מערקווירדיגער חלום.

יַאנוּש אִיז אַרוֹיסְגֶעפָארְן אוֹיף יַאגְד אִין אֵיינֶע פוּן זַיינֶע גֶעדִיכְטֶע וֶועלְדֶער. רַייטְנְדִיג אוֹיף זַיין פְלִינְקְן פֶערְד, הָאט עֶר זִיךְ גֶעלָאזְט יָאגְן נָאךְ אַ הִירְש, אִיבֶּערְלָאזְנְדִיג הִינְטֶער זִיךְ זַיין גַאנְצֶע סְווִיטֶע פוּן בַּאגְלֵייטֶער אוּן בַּאדִינֶער. פְּלוּצְלוּנְג אִיז זַיין פֶערְד אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אוּן הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף זַיינֶע הִינְטֶערְשְׁטֶע פִּיס, שִׁיעוּר נִישְׁט אַרָאפְּוַוארְפְנְדִיג פוּן זִיךְ זַיין רַייטֶער. דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר אִיז גֶעוָוארְן שְׁרֶעקְלִיךְ בֵּייז אוֹיף זַיין פֶערְד. וֶוען עֶר גֶעפִינְט זִיךְ נִישְׁט אַלֵיין אִין טִיפְן וַואלְד, וָואלְט עֶר אִיהם דֶערְשָׁאסְן ווִי אַ מְשׁוּגֶענֶעם הוּנְט. אָבֶּער מִיטְאַמָאל הָאט עֶר דֶערְזֶען פַאר זִיךְ אַ גְרַייז־גְרוֹיעֶן אִידְן, וֶועלְכֶער אִיז גֶעשְׁטַאנֶען רוּהִיג, אָנְגֶעשְׁפַּארְט אוֹיף זַיין שְׁטֶעקְן.

צוּם עֶרְשְׁט הָאט זִיךְ יַאנוּש גֶעכַאפְּט פַאר דֶער בִּיקְס מִיט אַ ווילְדֶער רְצִיחָה אוֹיף דֶעם אִידְן, וָואס הָאט גֶעהַאט דִי חוּצְפָּה צוּ שְׁטֶעלְן זִיךְ אִיהם אִין וֶועג אוּן אִיבֶּערְשְׁרֶעקְן זַיין פֶערְד, אָבֶּער דִי אוֹיסֶערְגֶעוֶויינְלִיכֶע גֶעשְׁטַאלְט פוּן דֶעם אִידְן הָאט אוֹיף אִיהם אָנְגֶעוָוארְפְן אַ אֵימָה, אוּן עֶר הָאט זִיךְ צוּרִיקְגֶעהַאלְטְן.

— װער ביסטו, און װאס װילסטו?! — האט דער גובערנאטאר אויסגערופן.

— איך בין דיין זיידע, און איך בין געקומען דיר זאגן, אז עס איז שוין צייט, משה, דו זאלסט זיך אומקערן צו דיין פאלק — האט דער אלטער געענטפערט.

— עס איז א ליגן, א בלבול, א פאלשער בלבול!" — האט דער גובערנאטאר אויסגערופן — איך בין נישט קיין איד, און מיין נאמען איז נישט מאשקע, נאר יאנוש. טראג זיך אפ פון דאנען, איידער איך פארליר מיין געדולד!

— א פאלשער בלבול איז דער בלבול װאס מען האט געמאכט אויף מיין זוהן, דיין אומשולדיגן טאטן. דו אליין קענסט איהם ראטעװען. האב רחמנות אויף דיין אלטן טאטן און האב רחמנות אויף זיך, אויף דיין אומגליקליכע אידישע נשמה! — האט דער אלטער געדונערט.

דער גובערנאטאר האט זיך שטארק

דֶערְשְׁרָאקְן פון די רֵייד, אַז עֶר הָאט זִיךְ בַּאלְד אוֹיפְגֶעכַאפְּט מִיט אַ קְלַאפְּנְדִיג הַארְץ.

— אַ בֵּייזֶער חָלוֹם! — הָאט עֶר אַ בְּרוּם גֶעטְהוּן, און אִיז בַּאלְד ווִידֶער אַיינְגֶעשְׁלָאפְן.

די צְוֵוייטֶע נַאכְט הָאט זִיךְ דֶער אַלְטֶער אִיד ווִידֶער בַּאווִיזְן צוּם גוּבֶּערְנַאטָאר אִין חָלוֹם. עֶר אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען צוּ אִיהם אִין שְׁלָאף־צִימֶער און הָאט אִיהם אוֹיפְגֶעוֶועקְט:

— מֹשֶׁה, מֹשֶׁה! רֶעד זִיךְ נִישְׁט אַיין, אַז עֶס אִיז אַ חָלוֹם. אוּמְשׁוּלְדִיגֶע לֶעבְּנְס לִיגְן אִין דַיינֶע הֶענְט! עֶס אִיז קֵיינְמָאל נִישְׁט צוּ שְׁפֶּעט צוּ טְהוּן תְּשׁוּבָה... קֶער זִיךְ אוּם צוּ דַיין פָּאלְק...

דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעכַאפְּט, בַּאדֶעקְט מִיט שְׁוֵוייס. אִיךְ הָאבּ צוּפִיל גֶעטְרוּנְקֶען — הָאט עֶר צוּ זִיךְ גֶעמוּרְמְלְט, און אִיז ווִידֶער אַיינְגֶעשְׁלָאפְן.

די דְרִיטֶע נַאכְט חָלוֹמ׳ט זִיךְ אִיהם, אַז עֶר זִיצְט בַּיי זִיךְ אִין קַאבִּינֶעט און לֵייעֶנְט דֶעם אוּרְטֵייל פון די רִיכְטֶער, וָואס עֶר דַארְף

בַּאשְׁטֶעטִיגְן מִיט זַיין אונְטֶערְשְׁרִיפְט. עֶר נֶעמְט דָאס גֶענְזְן־פֶעדֶער אִין הַאנְט, טוּנְקְט עֶס אַיין אִין טִינְטֶער, און וְויל זִיךְ אונְטֶערְשְׁרַייבְּן. פְּלוּצְלוּנְג דֶערְהֶערְט עֶר אַ שְׁטְרֵיינְגֶע שְׁטִימֶע: "וַוארְט! דוּ קֶענְסְט נִישְׁט אונְטֶערְשְׁרַייבְּן אַזַא פַאלְשְׁן אוּרְטֵייל!" עֶר הָאט דֶערְקֶענְט דִי שְׁטִימֶע פון דֶעם אַלְטְן אִידְן.

— וְוי אַזוֹי קֶען אִיךְ וְויסְן, אַז עֶס אִיז אַ פַאלְשֶׁער אוּרְטֵייל? — הָאט דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר גֶעפְרֶעגְט.

— דָאס אִיז זֵייעֶר לַייכְט: פָאר אַרָאפּ אִין שְׁטֶעטְל און גִיבּ אַ בַּאפֶעל, אַז מֶען זָאל דֶעם פַאלְשְׁן עֵדוּת, דֶעם שַׁבָּת־גוֹי, גֶעבְּן שְׁמִיץ, וֶועט עֶר זִיךְ בַּאלְד מוֹדֶה זַיין. אִיךְ זָאג דִיר נָאכְאַמָאל, און צוּם לֶעצְטְן מָאל — בַּאפְרַיי דַיין אַלְטְן טַאטְן פון דֶעם בְּלוּט־בִּלְבּוּל, און רַאטֶעוֶוע דַיין נְשָׁמָה. גֶעוַואלְד, מֹשֶׁה! שׁוֹין גֶענוּג גֶעהוּלֶיעט אוֹיף דֶער וֶועלְט. דוּ בִּיסְט אַ כָּשֵׁר אִידִישֶׁע קִינְד, צִיגַיינֶער הָאבְּן דִיר אַוֶועקְגֶערוֹיבְּט פון דַיינֶע טַייעֶרֶע אִידִישֶׁע עֶלְטֶערְן, וֶועלְכֶע הָאבְּן דִיר נָאךְ בִּיז הַיינְט נִישְׁט פַארְגֶעסְן. דִי צִיגַיינֶער הָאבְּן דִיר פַארְקוֹיפְט

צום פְּרִיץ, וָואס דו מֵיינְסְט אַז עֶר אִיז גֶעוֶוען דַיין פָּאטֶער...

— גִיבּ מִיר אַ סִימָן, אַז וָואס דו זָאגְסְט אִיז אֱמֶת — הָאט דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר קוֹים אַרוֹיסְגֶערֶעדְט.

— אַז דו וֶועסְט זוּכְן צְוִוישְׁן דִי זַאכְן, וָואס דֶער אַלְטֶער פָּרִיץ הָאט אִיבֶּערְגֶעלָאזְן, וֶועסְטוּ גֶעפִינֶען אַ קְלֵיינֶעם אַרְבַּע־כַּנְפוֹת׳ל, וָואס דו הָאסְט גֶעטְרָאגְן בִּשְׁעַת דִי צִיגַיינֶער הָאבְּן דִיר פַּארְקוֹיפְט; וֶועסְטוּ זֶעהן דִי צִיצִית און וֶועסְט זִיךְ דֶערְמַאנֶען...

דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעכַאפְּט, און אִיז שׁוֹין נִישְׁט אַיינְגֶעשְׁלָאפְן. עֶר אִיז אַרָאפְּגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פון בֶּעט און הָאט גֶענוּמֶען נִישְׁטֶערְן דִי אַלְטֶע זַאכְן. עֶנְדְלִיךְ הָאט עֶר אִין אַ קְלֵיין זֶעקֶעלֶע גֶעפוּנֶען דֶעם אַרְבַּע־כַּנְפוֹת׳ל... דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר הָאט אוֹיפְגֶעשׁוֹידֶערְט, און פְּלוּצְלוּנְג הָאט עֶר זִיךְ דֶערְמַאנְט וָואס עֶס הָאט מִיט אִיהם פַּאסִירְט וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶוען קוֹים דְרַיי יָאהר אַלְט; וִוי דִי צִיגַיינֶער הָאבְּן אִיהם פַּארְנַארְט אִין זֵייעֶר בּוֹיד, און וִוי עֶר הָאט שְׁפֶּעטֶער גֶעוֵויינְט און

גֶעבֶּעטְן זיך זֵיי זָאלְן אִיהם אָפּפִירְן צוּ זַיין טַאטֶע־מַאמֶע, אוּן וִוי זֵיי הָאבְּן אִיהם גֶעשְׁלָאגְן יֶעדְן מָאל וֶוען עֶר הָאט דֶערְמַאנְט טַאטֶע־מַאמֶע, בִּיז עֶר הָאט שׁוֹין נִישְׁט גֶעוַואגְט זֵיי צוּ דֶערְמַאנֶען; אוּן ווי צוּפְרִידְן עֶר אִיז גֶעוֶוען וֶוען זֵיי הָאבְּן אִיהם גֶעבְּרַאכְט צוּ אַ אַלְטְן פָּרִיץ, וָואס הָאט זיך גוּט בַּאצוֹיגְן צוּ אִיהם אוּן עֶר הָאט אִיהם גֶענוּמֶען רוּפְן "טַאטֶע"...

אוֹיף מָארְגְן, גַאנְץ פְּרִי, אִיז דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר גֶעזֶעסְן בַּיי זִיךְ אִין קַאבִּינֶעט, פַארְזוּנְקֶען אִין זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען. אַ בֶּעאַמְטֶער הָאט אָנְגֶעקְלַאפְּט אִין טְהִיר אוּן הָאט מִיטְגֶעטֵיילְט, אַז אַ סְפֶּעצִיעֶלֶער שְׁטַאפֶּעט אִיז גֶעקוּמֶען מִיט אַ וִויכְטִיגֶער שְׁלִיחוּת.

— זָאל עֶר אַרַיינְקוּמֶען — הָאט עֶר גֶעזָאגְט.

דֶער שְׁטַאפֶּעט אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען אוּן הָאט דֶעם גוּבֶּערְנַאטָאר דֶערְלַאנְגְט אַ פַארְזִיגְלְטְן דָאקוּמֶענְט.

— מֶען הָאט מִיר אָנְגֶעזָאגְט צוּ וַוארְטְן אוֹיף דֶעם גוּבֶּערְנַאטָאר׳ס אוּנְטֶערְשְׁרִיפְט — הָאט עֶר גֶעזָאגְט.

דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר הָאט אוֹיפְגֶערִיסְן דֶעם זִיגְל אוּן הָאט אִיבֶּערְגֶעלֵייעֶנְט דֶעם אוּרְטֵייל פוּן דִי רִיכְטֶער. עֶר הָאט גֶענוּמֶען דֶעם גֶענְזְן־פֶעדֶער אִין הַאנְט, הָאט אִיהם אַיינְגֶעטוּנְקְט אִין טִינְטֶער אוּן הָאט עֶפֶּעס אָנְגֶעשְׁרִיבְּן. דַאן הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּם שְׁטַאפֶּעט:

— פָאר צוּרִיק אוּן זָאג דִי רִיכְטֶער, אַז אִיךְ וֶועל אַלֵיין בְּרֵיינְגֶען דֶעם אוּרְטֵייל!

דֶער שְׁטַאפֶּעט הָאט זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶערְט אִין שְׁטֶעטְל אוּן הָאט גֶעבְּרַאכְט דִי נַייעֶס, אַז דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר קוּמְט. עֶס אִיז גֶעוָוארְן אַ מְהוּמָה, אוּן מֶען הָאט זִיךְ גֶעגְרֵייט אוֹיפְצוּנֶעמֶען דֶעם גוּבֶּערְנַאטָאר מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד. צְוֵויי טֶעג שְׁפֶּעטֶער אִיז אָנְגֶעקוּמֶען דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר אִין זַיין שֵׁיינֶע קַארֶעטֶע, בַּאגְלֵייט פוּן אַ סְוִויטֶע רַייטֶער. נִישְׁט פַארְלִירְנְדִיג קֵיין צַייט, הָאט דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר גֶעהֵייסְן צוּזַאמֶענְרוּפְן דִי רִיכְטֶער, דִי עֵדוּת אוּן דִי בַּאשוּלְדִיגְטֶע.

וֶוען אַלֶע זַיינֶען גֶעוֶוען פַארְזַאמְלְט אִין גֶערִיכְט־צִימֶער, אִיז דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר

אַרײַנגעקומען און אַלע האָבן זיך פאַר איהם אויפגעשטעלט מיט גרויס יראַת־הכבוד. ער האָט געוואָרפן אַ בליק אויף דעם אַלטן רב און אַ אינערליכער ציטער האָט איהם דורכגענומען. ער איז געווען זייער ענדליך צו דעם אַלטן מאַן וואָס ער האָט געזען אין חלום. דער גובערנאַטאָר האָט זיך באַהערשט און האָט געהייסן דעם הויפט עדות איבערזאָגן דאָס וואָס ער האָט עדות־געזאָגט בײַם פּראָצעס.

שטייענדיג איצט פאַר דעם גובערנאַטאָר, האָט זיך דער שבת־גוי שטאַרק דערשראָקן, די צונג האָט זיך איהם גענומען פּלאָנטערן און ער האָט קוים געקענט איבערזאָגן זײַן עדות. מיט דער הילף פון די ריכטער, וועלכע האָבן איהם אַביסל געצויגן פאַר דער צונג, האָט ער ענדליך פאַרענדיגט זײַן עדות־זאָגן און האָט געשוואָרן, אַז אַלץ איז געווען פונקט ווי ער האָט געזאָגט.

— דו ביסט אַ ליגנער! — האָט דער גובערנאַטאָר שטרײַנג אַ זאָג געטהון צו איהם — גיט איהם שמיץ און שינדט פון איהם די הויט, ביז ער וועט זיך מודה זײַן! — האָט דער

גובֶערְנַאטָאר אוֹיסְגֶערוּפְן.

דֶער שַׁבָּת־גוֹי הָאט זִיךְ גֶעוָוארְפְן צוּ דִי פִּיס פוּן דֶעם גובֶערְנַאטָאר און הָאט גֶעקוּשְׁט זַיינֶע שְׁטִיוְול, בֶּעטְנְדִיג רַחְמָנוּת.

— אִיךְ, אִיךְ... הָאב זִיךְ נָאר, נָאר גֶע־גֶע־גֶע־גֶעוָואלְט נוֹקֵם זַיין פוּן דִי זְשִׁידֶעס... — הָאט עֶר גֶעשְׁטַאמְלְט.

— נֶעמְט אַוֶועק דֶעם הוּנְט פוּן דַאנֶעט! — הָאט דֶער גובֶערְנַאטָאר בַּאפוֹילְן. — זֶעצְט אִיהם אַיין בִּיז עֶר וֶועט בַּאקוּמֶען זַיין פַּארְדִינְטֶע שְׁטְרָאף.

דַאן הָאט עֶר שַׁארְף אוֹיסְגֶערֶעדְט דִי רִיכְטֶער, וָואס הָאבְּן זִיךְ גֶעלָאזְט פַּארְפִירְן פוּן זֵייעֶר בְּלִינְדֶע שִׂנְאָה צוּ אִידְן. עֶר הָאט צוּרִיסְן דֶעם אוּרְטֵייל פַּאר זֵייעֶרֶע אוֹיגְן.

— וֵוייסְט אִיהר נִישְׁט, אַז דֶער בְּלוּט־בִּלְבּוּל אִיז אִינְגַאנְצְן אַ אוֹיסְגֶעטְרַאכְטֶער לִיגְן? אִיהר זָאלְט מֶער נִישְׁט וַואגְן צוּ פַּארְפִירְן אַזֶעלְכֶע פַאלְשֶׁע פְּרָאצֶעסְן קֶעגְן אוּמְשׁוּלְדִיגֶע מֶענְטְשְׁן!

און נאכדעם ווי ער האט געהײסן באפרײען די באשולדיגטע פון די קײטן. האט ער צו זײ געזאגט:

— מיר בעטן אײך איבער פאר דער עוולה וואס איז באגאנגען געווארן קעגן אײך. איהר זײנט אומשולדיגע קרבנות פון א בלינדן אידן־האס. אלס פארגיטיגונג פאר אײערע לײדן, באפרײ איך די קהילה פון שטײערן במשך פון צען יאהר.

דאן האט ער זיך געווענדעט צום אלטן רב:

— ווערטער קענען נישט פארגיטיגן פאר די לײדן און טויט־שרעק וואס איהר האט דורכגעמאכט. אויב איהר ווילט מיר פארשאפן דעם כבוד, וואלט איך געוועלן אײך באזוכן פערזענליך נאך הײנט אוונט.

— געוויס, געוויס, מיט גרויס פארגעניגן — האט דער רב געענטפערט און טרערן פון פרײד און דאנקבארקײט האבן זיך איהם געשטעלט אין די אויגן.

אִין אָוונְט אִיז דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר גֶעקוּמֶען אִין רָב׳ס הויז, אַלֵיין, אָן בַּאגְלֵייטֶער. דִי רֶעבֶּעצְן הָאט צוּגֶעגְרֵייט כִּיבּוּד פַאר דֶעם חָשׁוּב׳ן אוֹרֵחַ, אָבֶּער עֶר הָאט לַאנְג גֶעקוּקְט אוֹיף דֶעם צוּקְנֵייטְשְׁטְן פָּנִים פוּן זַיין מוּטֶער, אוּן עֶס הָאט זִיךְ אִיהם גֶעוָואלְט וַוארְפְן אִיהר אוֹיפְן הַאלְז אוּן פַארְכְלִיפֶּען זִיךְ: ״מַאמֶע, מַאמֶע...״ עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער בַּאהֶערְשְׁט אוּן הָאט גֶעזָאגְט צוּם רָב, אַז עֶר ווִיל מִיט אִיהם עֶפֶּעס רֵיידְן אוּנְטֶער פִיהר אוֹיגְן.

זֵיי זַיינֶען אַרַיין אִין דֶערְבַּייאִיגְן שְׁטִיבְּל, וואוּ עֶס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ לַאנְגֶער טִישׁ אָנְגֶעלֵייגְט מִיט סְפָרִים אוּן דִי ווֶענְט זַיינֶען גֶעוֶוען פַארְשְׁטֶעלְט מִיט סְפָרִים־שְׁרֶענְק אוּן פָּאלִיצֶעס. זֵיי הָאבְּן זִיךְ גֶעזֶעצְט אוּן דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען פוּנַאנְדֶערְפְרֶעגְן ווֶעגְן רָב׳ס פַאמִילְיֶע. דֶער רָב הָאט אִיהם דֶערְצֵיילְט ווֶעגְן זַיינֶע קִינְדֶער, דִי זִין אוּן טֶעכְטֶער, ווֶעלְכֶע זַיינֶען שׁוֹין ב״ה טַאטֶעס אוּן מַאמֶעס אוּן וואוֹינֶען אִין פַארְשִׁידֶענֶע שְׁטֶעטְלַאךְ.

— אוּן מֶער קֵיין קִינְדֶער הָאט דֶער רָב נִישְׁט גֶעהַאט? — הָאט דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר גֶעפְרֶעגְט.

דֶער רָב הָאט טִיף אָפְּגֶעזִיפְצְט אוּן הָאט אִיהם

דֶערְצֵיילְט װֶעגְן מֹשֶה׳לֶען, װָאס אִיז פַארְשְׁװאוּנְדְן גֶעוָוארְן װֶען עֶר אִיז קוּים דְרַיי יָאהר אַלְט גֶעוֶוען.

— אִיךְ װֵייס װאוּ מֹשֶה׳לֶע אִיז — הָאט דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר גֶעזָאגְט.

דֶער רָב אִיז אוּיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען.

— מֹשֶה׳לֶע לֶעבְּט? װאוּ אִיז עֶר? אִיז עֶר נָאךְ אַלְץ אַ אִיד?

— מֹשֶה׳לֶע לֶעבְּט, אָבֶער עֶר הָאט זִיךְ אוּיפְגֶעהָאדֶעוֶועט צְוִוישְׁן גוֹיִם. אִיצְט וִויל עֶר נֶעמֶען לֶעבְּן וִוי אַ אִיד. אוּיבּ זַיינֶע עֶלְטֶערְן װֶעלְן אִיהם נִישְׁט אָפְּשְׁטוּיסְן פוּן זִיךְ, װֶעט עֶר צוּרִיקְקוּמֶען...

— אָפְּשְׁטוּיסְן? חָלִילָה! דֶער אוּיבֶּערְשְׁטֶער שְׁטוּיסְט קֵיינֶעם נִישְׁט אָפּ... װאוּ אִיז עֶר? בְּרֵיינְגְט אִיהם צוּ מִיר — הָאט זִיךְ דֶער רָב גֶעבֶּעטְן מִיט טְרֶערְן אִין דִי אוּיגְן.

— עֶר שְׁטֵייט דָא פַאר דִיר, טַאטֶע... דָאס בִּין אִיךְ, מֹשֶה׳לֶע...

אַ אוֹיגְנְבְּליק איז דער אַלְטער רָב גֶעבְּליבְּן וִוי פַאַרְשְׁטֵיינֶערְט, און דַאן הָאט ער אויסְגֶעשְׁטְרֶעקְט זַיינֶע אָרֶעמְס. טַאטֶע און זוהן הָאבְּן זיך אַרומְגֶענומֶען און צוקושְׁט. "מֹשֶׁה'לֶע... מֹשֶׁה'לֶע..." "טַאטֶע, טַאטֶענְיוּ..." זַיינֶען גֶעוֶוען די אֵיינְצִיגֶע וֶוערְטֶער וָואס זֵיי הָאבְּן גֶעקֶענְט אַרויסְרֵיידְן.

וֶוען זֵיי הָאבְּן זיך עֶנְדְליך בַּארוּהִיגְט, הָאט דער רָב גֶעזָאגְט:

— איך וֶועל גֵיין צוגְרֵייטְן דַיין מַאמֶען צו דער גוּטֶער בְּשׂוֹרָה, און וֶועל די אַרַיינְרוּפְן, דֶערְנָאך וֶועלְן מִיר רֶעדְן וָואס מִיר הָאבְּן צו טְהוּן.

ער איז אַרויסְגֶעגַאנְגֶען און הָאט זיך גֶעזַאמְט אַ הִיבְּשֶׁע וַויילֶע, וָואס הָאט זיך מֹשֶׁה'לֶען גֶעדוּכְט וִוי אַ אֵייבִּיגְקַייט. עֶנְדְליך איז די מַאמֶע אַרַיינְגֶעלָאפְן אִין צִימֶער:

— מַיין מֹשֶׁה'לֶע, טַייעֶרֶער מֹשֶׁה'לֶע... — הָאט זי נִישְׁט אויפְגֶעהֶערְט צו שֶׁעפְּטְשֶׁען וַוארפְנְדִיג זיך אִיהם אויפְן הַאלְז און קוּשְׁנְדִיג אִיהם מִיט הֵייסֶע טְרֶערְן, ווי זי וָואלְט אִיהם אִיצְט

װעלן אָפּגעבן די גאַנצע מוטערליכע ליבשאַפט װאָס האָט זיך אָנגעקליבן אין איהר האַרצן זינט ער איז פאַרשװאונדן געװאָרן... און משה'לע האָט זיך צום ערשטן מאָל אין זײן לעבן, זינט ער איז אָנגעקומען צום פּריץ, צעװײנט װי אַ קלײן קינד.

אַ היבשע צײט האָט גענומען ביז זײ האָבן זיך אַלע באַרוהיגט, און זײ האָבן זיך געזעצט צום טיש טרינקען אַ גלאָז טײ. משה האָט דערצײלט זײנע עלטערן, װי אַזױ ער האָט זיך דערװאוסט װעגן זײן אָפּשטאַם, װעגן זײדן װאָס איז איהם געקומען צום חלום אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם בלבול, און װי אַזױ דער קלײנער אַרבע-כנפות'ל האָט איהם צוריקגעבראַכט זײן זכרון...

— ביסטו טאַקע גרײט אױפצוגעבן דײן איצטיגן לעבן פון עשירות און כבוד און דײן הױכן אַמט אַלס גובערנאַטאָר, כדי צו זײן, און לעבן, װי אַ אמתער איד? — האָט דער רב געפרעגט זײן צוריק געפונענעם זוהן.

— צװײפלסטו דען אין דעם, טאַטע? — האָט משה געענטפערט.

פְלוּצְלוּנְג הָאבְּן זִיךְ אַרוֹיסְגֶעכַאפְּט פוּן זַיינֶע לִיפְּן דִי וֶוערְטֶער: "תּוֹרָה צִוָּה לָנוּ מֹשֶׁה" אוּן עֶר הָאט זִיךְ אַלֵיין גֶעוואוּנְדֶערְט, וִוי אַזוֹי עֶר הָאט זִיךְ אַלֵיין דֶערְמַאנְט דִי לֶעצְטֶע וֶוערְטֶער וָואס דֶער טַאטֶע הָאט מִיט אִיהם גֶעלֶערְנְט, אֵיידֶער דִי צִיגַיינֶער הָאבְּן אִיהם צוּגֶעכַאפְּט.

דַאן הָאבְּן זֵיי זִיךְ צוּזַאמֶענְגֶערֶעדְט וֶועגְן אַ פְּלַאן, וָואס קֵיינֶער אוֹיסֶער זֵיי טָארְן דֶערְפוּן נִישְׁט וויסְן: דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר וֶועט אַרוֹיסְרַייטְן אוֹיף יַאגְד, וִוי גֶעוֵויינְלַאךְ, אוּן וֶועט זִיךְ אָפְּזוּנְדֶערְן פוּן זַיין סְוִויטֶע. טִיף אִין וַואלְד, נֶעבְּן אַ טַייךְ וֶועט עֶר אִיבֶּערְלָאזְן זַיינֶע קְלֵיידֶער אוּן דֶעם פֶּערְד, עֶס זָאל הֵייסְן, אַז עֶר אִיז אַרַיין אִין טַייךְ זִיךְ בָּאדְן, אוּן אִיז דֶערְטְרוּנְקֶען גֶעוָוארְן. עֶר וֶועט זִיךְ אִיבֶּערְטָאן אִין פָּשׁוּטֶע קְלֵיידֶער, וָואס עֶר וֶועט צוּגְרֵייטְן פוּן פְרִיעֶר, אוּן וֶועט אַרוֹיסְוַואנְדֶערְן קֵיין אַמְסְטֶערְדַאם. אִין אַ שְׁטֶעטְל דֶערְבַּיי, וואוּ זַיין פָּאטֶער'ס בְּרוּדֶער אִיז רָב, וֶועט עֶר קוּמֶען אוּן בְּרֵיינְגֶען דֶעם פֶּעטֶער אַ בְּרִיוְול פוּן טַאטְן, אוּן עֶר וֶועט וֶוערְן אַ בַּעַל תְּשׁוּבָה אוּן זִיצְן עַל הַתּוֹרָה וְעַל הָעֲבוֹדָה אַזוֹי לַאנְג וִוי דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער וֶועט אִיהם שֵׁיינְקֶען יָאהְרְן.

עֶס אִיז שׁוֹין גֶעוֶועןֹ הַאלְבֶּע נַאכְט וֶוען מֹשֶׁה הָאט זִיךְ גֶעזֶעגְנְט מִיט זַיינֶע עֶלְטֶערְן.

— אִיךְ וֵוייס נִישְׁט אוֹיבּ עֶס וֶועט אוּנְז אוֹיסְקוּמֶען זִיךְ צוּ זֶעהן נָאכְאַמָאל אוֹיף דֶער וֶועלְט — הָאט דֶער אַלְטֶער רָב גֶעזָאגְט צוּ זַיין זוּהן — אָבֶּער מִיר וֶועלְן זִיךְ זִיכֶער זֶעהן אִין גַן־עֵדֶן. דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער זָאל דִיר מַצְלִיחַ זַיין.

## זֶעקְסְטֶער קַאפִּיטְל: **יְשׁוּעוֹת בּוֹ מַקִיפוֹת**

אַרַיינְגֶעפַּאלְן אִין דִי רִיכְטִיגֶע הֶענְד

שְׁרַייעֶן צוּ גָ־ט

אַלֶעס אִיז חָמֵץ!

דִי דְרַיי אִידְן אוֹיף פֶּסַח

בַּיים קָארִיצֶער סֵדֶר נַאכְט

וויין בַּיים צְוֵוייטְן סֵדֶר

דֶערְצֵיילְן פַאר דִי קִינְדֶער

גִיפְט אִין דִי מַצוֹת

# אַרײַנגעפאַלן אין די ריכטיקע הענט

געווען איז עס קורץ פאַר פּסח, אין די בעקערײַ וואו מען האט געבאַקן פאַרן גאַנצן שטעטל מצות. די קנעטער, וועלגערער, רעדלער, שיבער און די איבעריגע בעקערײַ אַרבעטער האָבן פלוצלונג די אַרבעט אַוועק געוואָרפן, אַלע העלפן זיי זוכן די גאָלדענע, קלינגענדיגע צעהן־רובלדיגע מטבע, וועלכע איז אָט ערשט אויף אַ וואונדערליכן אופן פאַרשוואונדן געוואָרן.

מען זוכט אין אַלע ווינקעלעך, לעכער, שפּאַלטן, ממש ווי צו בדיקת חמץ, אָבער אָן קיין שום נוצן — מען האט די אֲבֵידָה נישט געפונען.

— נישט אַנדערש — האט זיך איינער אָנגערופן — נאָר דאָ איז געשען אַ גְנֵבָה.

אַלע איבעריגע האָבן מיט אַ שטיל שווייגן

מַסְכִּים גֶעוֶוען.

— אָבֶער וֶוער קֶען עֶס זַיין דֶער גַנָב? — הָאט זיך יֶעדֶערֶער, מִיט פַארְוואוּנְדֶערוּנְג אַלֵיין גֶעפְרֶעגְט.

אַ רֶעטֶענִיש אִיז עֶס גֶעוֶוען פַאר אַלֶעמֶען.

— גֵיי זוּך דֶעם ווינְט אוֹיפְן פְרַייעֶן פֶעלְד — הָאט מֶען זִיך גֶעווִיצְלְט.

וֶוען אַלֶע הָאבְּן זִיך אִיבֶּערְצַייגְט, אַז פוּן דִי אַלֶע זוּכֶענִישְׁן וֶועט גָארְנִישְׁט אַרוֹיסְקוּמֶען, הָאט זִיך עֶרְשְׁט דֶער טוּמְל אָנְגֶעהוֹיבְּן אַיינְשְׁטִילְן.

— אוֹיבּ נִישְׁט אִיז נִישְׁט — הָאט מֶען גֶע׳טַעְנֶה׳ט.

אוֹיף דֶער גֶעלִיטֶענֶער, וֶועלְכֶער אִיז גְרַאדֶע גֶעוֶוען אַ אִיד, אַ גְבִיר, הָאט זִיך בַּארוּהִיגְט.

— אִיך וָואלְט נָאר וֶועלְן — הָאט עֶר עֶרְנְסְט אַ זָאג גֶעטְהוּן — אַז דָאס גֶעלְד זָאל זִיך פַארְוַואלְגֶערְן צוּ אַ בֶּאֱמֶת נוֹיטְבַּאדֶערְפְטִיגְן, אוּן טַאקֶע מִיט אָט דֶעם גֶעלְד זָאל עֶר גֶעהָאלְפְן וֶוערְן.

— הַלְוַואי... — הָאבְּן עֶטְלִיכֶע שְׁטִימֶען מִיט אַמָאל גֶעעֶנְטְפֶערְט.

*

עֶס הָאט אָנְגֶערוּקְט דֶער טָאג פֶּסַח, דָאס גַאנְצֶע שְׁטֶעטְל הָאט זִיךְ שׁוֹין מִיט מַצָה בֶּעזָארְגְט, נָאר זָרַח, דֶער אָרִימֶער בַּעַל עֲגָלָה, אִיז דֶער אֵיינְצִיגֶער וָואס הָאט דָאס "אָרִימֶע בְּרוֹיט" בַּיי זִיךְ אִין שְׁטוּב נִישְׁט גֶעהַאט — עֶר הָאט גֶעדַארְפְט הָאבְּן גֶעלְד כְּדֵי צוּ בַּאקוּמֶען דִי אָרִימֶע בְּרוֹיט, אוּן עֶס הָאט אִיהם אוֹיסְגֶעפֶעלְט גֶעלְד, דִי בַּאשְׁטֶעלְטֶע מַצָה אוֹיסְצוּקוֹיפְן.

זֶעהֶענְדִיג אַז דִי צַייט אִיז קוּרְץ — עֶס אִיז שׁוֹין בַּאלְד עֶרֶב פֶּסַח אוּן דִי מַצָה אִיז נָאךְ אַלְץ אִין שְׁטוּב נִישְׁטָא — פַארְזֶעצְט עֶר אַיילְנְדִיג אַלְס מַשְׁכּוֹן זַיין אֵיינְצִיגֶע שְׁפַּייזֶערְן, דִי אוֹיסְגֶעדַארְטֶע גֶעטְרַייעֶ פֶערְדְל, כְּדֵי עֶר זָאל קֶענֶען דִי מַצָה וָואס גִיכֶער צוּ זִיךְ אַהֵיים בְּרֵיינְגֶען.

— בַּיי יֶעדְן אִיד טָאר פֶּסַח קֵיין מַצָה נִישְׁט פֶעלְן, מֶעג זַיין וָואס עֶס אִיז — הָאט זָרַח, דֶער אָרִימֶער בַּעַל עֲגָלָה גֶעזָאגְט.

עֶרֶב פֶּסַח, אִין דֶעם קְלֵיינֶעם נִידְרִיגְן, הַאלְבּ צוּבְּרָאכֶענֶעם הַייזֶל, וואוּ זֶרַח דֶער אָרִימֶער בַּעַל עֲגָלָה, הָאט מִיט זַיין הוֹיז גֶעזִינְד גֶעווּאוֹינְט, אִיז רֵיין צִיכְטִיג, דִי וֶוענְט פְּרִישׁ אָבְּגֶעקַאלְאכְט, אִיבֶּער דֶער פָּאדְלָאגֶע אִיז וַוייסֶע זַאמְד פַּארְשְׁפְּרֵייט, דִי בֶּעטְן זַיינֶען מִיט שְׁנֵיי וַוייסְן אִיבֶּערְצוּג בַּאדֶעקְט, אוּן דִי קִינְדֶערְלַאךְ זַיינֶע, זַיינֶען אוֹיסְגֶעצְוָואגְן, אָנְגֶעטְהוּן רֵיין, אָרְנְטְלִיךְ.

בַּיי דֶעם אַלֶעמֶען גֶעפִינְט זִיךְ אָבֶּער נִישְׁט דֶער יוֹם טוֹב׳דִיגֶער שְׁטִימוּנְג, דָאס שֵׁיידְן זִיךְ מִיט זַיין גֶעטְרַייעֶם פֶּערְדְל, דִי אֵיינְצִיגֶע פַּרְנָסָה גֶעבֶּערְן זַיינֶע, הָאט אִיהם שְׁטַארְק דָאס הַארְץ גֶעקְלֶעמְט.

זֶרַח שְׁפְּרַייזְט אִיבֶּער זַיין קְלֵיין צִימֶערְל, דֶער קָאפּ זַיינֶער צוּ דֶער עֶרְד אַרָאפְּגֶעלָאזְן, עֶר זִיפְצְט, קְרֶעכְצְט.

דִי קִינְדֶערְלַאךְ זַיינֶע, זֶעהֶענְדִיג דָאס פַּארְזָארְגְטֶע פָּנִים פוּן זֵייעֶר לִיבְּן פָּאטֶער, שְׁטֵייעֶן אוֹיסְגֶעבְּלַאסְט בַּיי דֶער וַואנְט, מוֹרָא הָאבְּנְדִיג זִיךְ אַ רִיהר צוּ טְהוּן, שַׁא, שְׁטִיל.

פְּלוּצְלוּנְג שְׁטַייפְּט עֶר זִיךְ אוֹיס, פֶּערְרַייסְט

זַיין גְרויסְן קָאפּ צוּם הימְל, גִיט אַ מַאךְ מִיט דֶער הַאנְט, אַ קְנַאק מִיט דִי פִינְגֶער און אַ פְרֵיילַאכְן רוּף אוֹיס צוּ זִיךְ אַלֵיין:

— זָרַח, נִישְׁט גֶעזָארְגְט, דוּ וֶועסְט שׁוֹין דַיין פֶערְדְל מִיט דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטְנְס הִילְף אוֹיסְלֵייזְן!

און מִיט אַ וֵוייכְן מִילְדְן טָאן פְרֶעגְט עֶר זַיינֶע לִיבֶּע קִינְדֶערְלַאךְ, וָואס שְׁטֵייעֶן דֶערְשְׁרָאקְן אִין אַ זַייט:

— הַא, וָואס עֶפֶּעס אַזוֹי שְׁטִיל? עֶס אִיז דָאךְ עֶרֶב פֶּסַח!

און בַּאלְד אִיז דִי שְׁטוּב פוּהל גֶעוָוארְן פוּן דִי פְרֵיילַאכֶע קוֹלוֹת. דִי קִינְדֶערִישֶׁע שְׁטִיפֶּעַריי און גֶעלֶעכְטֶער הָאט אִין דֶער גַאנְצֶער שְׁטוּב הִילְכִיג אָפְּגֶעקְלוּנְגֶען און דִי אוֹיעֶרְן פַּארְטוֹיבְּט...

— קִינְדֶערְלַאךְ, לֶעבֶּעדִיג! עֶס אִיז יוֹם טוֹב! יוֹם טוֹב! מֶען טָאר נִישְׁט זָארְגְן — זָאגְט זָרַח, דֶער אָרִימֶער בַּעַל עֲגָלָה, און מֵיינֶען מֵיינְט עֶר עֶס גָאר זִיךְ.

*

די ערשטע סדר נאכט איז ביי זרח׳ן, דער ארימער בעל עגלה, געפייערט געווארן מיט א אמתער שמחה. אנגעטהון אין א ווייסן קיטל — א ירושה פון א זיידן, א גרויסער תלמיד חכם — זיצט זיך זרח אנגעלענט מיט זיין הויז געזינד ביים טיש און פראוועט דעם סדר. די אויגן שטראלן, די פנימער שיינען. אלע, פון קליין ביז גרויס פיהלן דאס גרויסקייט פון דעם הייליגן יום טוב — דער חג החרות, דער טיש באלייגט מיט אלעס שענסטן און בעסטן וואס דער ארימער בעל עגלה פארמאגט.

זרח, דער היינטיגער ארימער בעל עגלה, וועלכער איז אויפגעצויגן געווארן ביי נישט קיין עמי הארצים, האט דערציילט זיינע קינדערלאך די וואונדערליכע נסים וואס דער גרויסער ג־ט האט געטהון מיט די אידן אין מצרים, די צעהן מכות וואס ג־ט האט אויף די מצרים געשיקט דורך זיינע צוויי געטרייע קנעכט משה און אהרן, דער ג־טליכער וואונדער וואס איז געשעהן מיט דעם ים סוף, וואס האט זיך אויפן צייכן פון משה׳ן דער ג־טליכער מאן, צושפאלטן אויף צווייען, מאכנדיג

פַאר די אִידְן אַ טְרוּקֶענֶעם דוּרְכְגַאנְג צוּם צְוֵוייטְן בְּרֶעג. אוֹיךְ דֶערְצֵיילְט עֶר די פַּארְשִׁידֶענֶע סִפּוּרִים וֶועגְן פֶּסַח אִין מִצְרַיִם.

אוֹיךְ צוּמָארְגְנְס אַ גַאנְצְן טָאג הָאט זִיךְ זָרַח גֶעפוּנֶען אִין דֶער יוֹם טוֹב׳דִיגֶער שְׁטִימוּנְג. פְרֵיילַאךְ לוּסְטִיג אִיז עֶר גֶעוֶוען, זִיךְ גֶעשְׁפִּילְט מִיט די קִינְדֶערְלַאךְ אוּן נִישְׁט גֶעזְשַׁאלֶעוֶועט פוּן דֶעם אַלֶעס וֶועלְכֶעס עֶס הָאט זִיךְ בַּיי אִיהם אִין שְׁטוּב גֶעפוּנֶען.

— אַדְרַבָּה, אַדְרַבָּה — פְּלֶעגְט עֶר זָאגְן — אַלֶע זָאלְן וִויסְן, גֶעדֵיינְקֶען אַז הַיינְט אִיז בַּיי אוּנְז אִידְן אַ גְרוֹיסֶער יוֹם טוֹב, הַיינְט זַיינֶען מִיר אוֹיסְגֶעלֵייזְט גֶעוָוארְן דוּרְךְ אוּנְזֶער שְׁטַארְקֶער גָ־ט פוּן פַּרְעֹה׳ס הֶענְט, דֶער פַּיינִיגֶער פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן.

אוֹיךְ דֶער צְוֵוייטֶער סֵדֶר אִיז בַּיי זָרַח׳ן מִיט שִׂמְחָה גֶעפְּרַאוֶועט גֶעוָוארְן, אָבֶער בַּיים עֶנְדֶע, דַאמָאלְס וֶוען עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ פַּארְטֵיילְן דֶעם אֲפִיקוֹמָן, אִיז פְּלוּצְלוּנְג פוּן זַיין פָּנִים פַּארְשְׁוואוּנְדְן גֶעוָוארְן דֶער לִיבְּלִיכֶער שְׁמֵייכְל,

וָואס הָאט דִי גַאנְצֶע צַייט אוֹיף זַיינֶע לִיפְּן גֶעשְׁוֶועבְּט, אַ שְׁטַארְקֶע זָארְג הָאט אִיהם פְּלוּצְלוּנְג אַרוּמְגֶענוּמֶען.

— אֵלִיָהוּ הַנָבִיא... דִי הִילְף... נִישְׁט גֶעקוּמֶען... — הָאט עֶר שְׁטִיל, וִוי פַאר זִיךְ גֶעשֶׁעפְּטְשֶׁעט.

— וָואס וֶועל אִיךְ נָאךְ יוֹם טוֹב טְהוּן... וואוּ וֶועל אִיךְ מַיין פַּרְנָסָה נֶעמֶען... דָאס פֶּערְדְל אִיז פַארְמַשְׁכּוֹנְט, וָואס טְהוּט מֶען?...

דֶערְוַוייל גִיט עֶר יֶעדֶערְן אִין הַאנְד אַ שְׁטִיקְל אֲפִיקוֹמָן, פוּן דָאס אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע מַאכְט עֶר אַ קְלֵיין, קַיילֶעכְדִיג מַצָה'לֶע, דָאס דָאזִיגֶע וֶועט עֶר הַאלְטְן צְווִישְׁן זַיינֶע אָרִימֶע חֲפֵצִים, אַזוֹי וִוי עֶר הָאט בְּקַבָּלָה פוּן זַיינֶע זֵיידֶעס אַז דָאס אֲפִיקוֹמָן מַצָה'לֶע בְּרֵיינְגְט אַרַיין אַ בְּרָכָה וְהַצְלָחָה אִין יֶעדֶער הוֹיז.

מַאכְנְדִיג דָאס דָאזִיגֶע מַצָה'לֶע הָאט עֶר גֶעבֶּעטְן, שְׁטִיל גֶעשֶׁעפְּטְשֶׁעט צוּם אוֹיבֶּערְשְׁטְן, אַז עֶר זָאל אִיהם צוּשִׁיקְן דִי רִיכְטִיגֶע הִילְף, עֶר זָאל

אִיהם הֶעלְפְן דֶעם פֶערְמַשְׁכּוּנְטְן פֶערְדְל אוֹיסְצוּלֵייזְן.

נָאכְן סֵדֶר וֶוען אַלֶע הָאבְּן זִיךְ גֶעלֵייגְט שְׁלָאפְן, נֶעמְט זָרַח זַיין אֲפִיקוֹמָן מַצָה׳לֶע אוּן בֶּעהַאלְט עֶס צְווִישְׁן זַיינֶע זַאכְן אִין קַאמָאד, דָארְטְן וואו קֵיינֶער אוֹיסֶער אִיהם גֵייט נִישְׁט אַהִין צוּ — אוֹיסְלָאזְנְדִיג דֶערְבַּיי אַ פָּאר עֶרְנְסְטֶע, הֵייסֶע טְרֶערְן.

בַּאלְד ווי עֶר הָאט דִי שְׁטִיקְל אַרְבֶּעט אָפְּגֶעטְהוּן הָאט זִיךְ אָפְּגֶעטְהוּן פוּן אִיהם דִי מָרָה שְׁחוֹרָה... אַ שְׁטְרַאל פוּן הָאפֶענוּנְג הָאט זִיךְ טִיף אִין זַיין אָנְגֶעוֵוייטִיגְט, צוּבְּלוּטִיגְט הַארְץ אַרַיינְגֶערִיסְן.

אַ צוּבֶּערְדִיגֶע שְׁטִילְקַייט, אַ מִיסְטִישֶׁע פִינְסְטֶערְנִיט הָאט זִיךְ אִיבֶּער זָרַח׳ס שְׁטוּבּ אַרָאפְּגֶעלָאזְן, אַ שְׁפֶּעטֶע, גָאר שְׁפֶּעטֶע שָׁעָה אִיז עֶס גֶעוֶוען.

זָרַח, דֶער אָרִימֶער בַּעַל עֲגָלָה, זִיצְט זִיךְ אוֹיף זַיין הַארְטְן גֶעלֶעגֶער, דֶער קָאפּ אִיז אָנְגֶעשְׁפַּארְט

אויף זַיינֶע צְוֵויי הֶענְד, און צְווִישְׁן זֵיי, די צושויבֶּערְטֶע שְׁוַוארְצֶע בָּארְד זַיינֶע. עֶר טְרַאכְט אַלְס וֶועגְן נָאנְטְסְטְן מָארְגְן, און וֶועגְן אָט דֶעם עֶרְשְׁט יֶעצְט בַּאהַאלְטֶענֶעם אֲפִּיקוֹמָן.

— צוּ הָאבּ אִיךְ עֶס גָאר גוּט בֶּעהַאלְטְן? — טְרַאכְט עֶר בַּיי זִיךְ.

עֶר גֵייט צוּ צוּם קַאמָאד, זִיךְ אִיבֶּערְצַייגְן אִיבֶּער דֶער זִיכֶערְקַייט פוּן דֶעם בֶּעהַאלְטֶענֶעם אֲפִּיקוֹמָן מַצָה'לֶע.

אִין דִי דָאזִיגֶע מִינוּט רַייסְט זִיךְ פְּלוּצְלוּנְג פוּן זַיין הַאלְז אַרוֹיס:

— אוֹי!...אוֹי!...

דָאס מַצָה'לֶע, וֶועלְכֶע עֶר הָאט אִין זַיינֶע דַארֶע הֶענְד גֶענוּמֶען הָאט זִיךְ אוֹיף צְוֵוייעֶן צוּשְׁפָּאלְטְן און צוּבְּרָאכְן, און עֶפֶּעס אַ קְלֵינְגֶעגְדִיגְס הָאט זִיךְ אוֹיף דֶער עֶרְד אַרָאפְּגֶעלָאזְן.

זַיין הוֹיז גֶעזִינְד הָאבְּן אוֹיפְגֶעוַואכְט פוּן שְׁלָאף, און דֶערְשְׁרָאקְן צוּ אִיהם צוּגֶעלָאפְן.

גֶעפּוּנֶען הָאבְּן זֵיי אִיהם לִיגְן אַ פֶּערְחַלִשְׁטְן, אוֹיסְגֶעצוֹיגְן אִיבֶּער דֶער פָּאדְלָאגֶע און נֶעבְּן אִיהם, אַ גָאלְדֶענֶע, בְּלִישְׁטְשֶׁענְדֶע צֶעהן רוּבְּלְדִיגֶע מַטְבֵּעַ...

וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זִיךְ אִיז אַ שְׁטְרָאם פוּן פְרֵייד אַרַיין אִין זַיין הַארְץ. עֶס אִיז שׁוֹין דָא אוֹיסְצוּלֵייזְן דָאס פֶּערְדְל און דֶער יוֹם טוֹב פוּן חֵירוּת הָאט זִיךְ גֶעשְׁפִּירְט אִין דִי לוּפְט...

# שְׁרַײעֶן צוּ גָ־ט

יֶעדֶעס יָאר בַּײם אָפְּרִיכְטְן דֶעם סֶדֶר, הָאט דֶער מָאגֶעלְנִיצֶער רֶבִּי, רַבִּי חַיִּים מֵאִיר יְחִיאֵל זצ״ל, אֵײדֶער עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ זָאגְן אִין דֶער הַגָּדָה ״וַנִּצְעַק אֶל ד׳ אֱלֹקֵי אֲבוֹתֵינוּ וַיִּשְׁמַע ד׳ אֶת קוֹלֵינוּ״, דֶערְצֵײלְט אַזַא מַעֲשֶׂה:

עֶס אִיז אַמָאל גֶעוֶוען אַ דָארְפְס־אִיד, וָואס הָאט גֶעהַאלְטְן אַ קְרֶעטְשְׁמֶע אוֹיף אַרֶענְדֶע פוּן פָּרִיץ.

דֶער סֶדֶר אִיז דֶעמָאלְט גֶעוֶוען בַּײ דִי פְּרִיצִים, אַז דִי אִידְן וָואס הָאבְּן גֶעהַאלְטְן דִי אַרֶענְדֶע, הָאבְּן גֶעדַארְפְט אָפְּצָאלְן דִי ״רַאטֶעס״ פִיר מָאל אִין יָאר, יֶעדֶע דְרַײ חֳדָשִׁים אַ רַאטֶע. אוֹיבּ דֶער אִיד הָאט דִי רַאטֶע נִישְׁט בַּאצָאלְט אִין דֶער צַײט, הָאט דֶער פָּרִיץ אִיהם גֶערוּפְן אִין הוֹיף אַרַײן, אוּן עֶר הָאט

גֶעהֵייסְן זַיינֶע דינֶער זֵיי זָאלְן דֶעם אִידְן שְׁמַייסְן.

נִישְׁט פֶערְצִיג מַלְקוֹת הָאט דֶער דָאזִיגֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶער אִיד גֶעקְרָאגְן, נָאר הוּנְדֶערְט אוּן צְוֵויי הוּנְדֶערְט מַלְקוֹת, בִּיז עֶס זַיינֶען גֶעקוּמֶען דָאס בְּנֵי־בַּיִת פוּן דֶעם אִידְן אוּן הָאבְן אָפְּגֶעצָאלְט דִי רַאטֶע, אָדֶער עֶס זַיינֶען גֶעקוּמֶען אִידְן, וָואס זַיינֶען רַחְמָנִים אוּן זֵיי הָאבְן גֶעגֶעבְן גֶעלְד פַאר דִי רַאטֶע.

טָאמֶער הָאט זִיךְ גֶעטְרָאפְן, אַז דָאס בְּנֵי־בַּיִת הָאט נִישְׁט גֶעקֶענְט אָפְּצָאלְן דִי רַאטֶע, אָדֶער דִי אִידְן פוּן דֶער סְבִיבָה זַיינֶען אַלֵיין גֶעוֶוען גְרוֹיסֶע אָרֶעמֶעלַייט אוּן זֵיי הָאבְן נִישְׁט גֶעקֶענְט אוֹיסְלֵייזְן דֶעם אִידְן, הָאט דֶער פָּרִיץ אַזוֹי לַאנְג גֶעהַאלְטְן דֶעם אִידְן אִין תְּפִיסָה, אִיהם גֶעגֶעבְן צוּ עֶסְן בְּלוֹיז בְּרוֹיט מִיט וַואסֶער, בִּיז דֶער אִיד אִיז דָארְט אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן הוּנְגֶער.

וֶוען עֶס הָאט זִיךְ דֶערְנֶענְטֶערְט דֶער חוֹדֶשׁ פוּן צָאלְן דִי רַאטֶע, וָואס פַאלְט גֶעוֵוייְנְטְלִיךְ אוֹיס אִין דִי פֶּסַח־טֶעג, אוּן דֶער דָארְפְס־אִיד הָאט דֶערְזֶען, אַז עֶר הָאט נִישְׁט קֵיין פְּרוּטָה צוּ בַּאצָאלְן דִי

צְװֵײטֶע רַאטֶע, הָאט עֶר זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ זָארְגְן אוּן עֶר אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען טְרוֹיעֶרִיג אוּן פַּאר׳צַעַר׳ט.

פְּרֶעגְט אִיהם זַײן װַײבּ, װָאס עֶר אִיז אַזוֹי פַּארְזָארְגְט, זָאגְט עֶר אִיהר װִי שְׁוֶוער עֶס אִיז אִיהם אוֹיפְן הַארְצְן, אַז עֶס דֶערְנֶענְטֶערְט זִיךְ שׁוֹין דִי צַײט צוּ בַּאצָאלְן דִי צְװֵײטֶע רַאטֶע, אוּן עֶר הָאט נִישְׁט קֵײן גְרָאשְׁן בַּײ דֶער נְשָׁמָה.

צֶען טֶעג פַאר פֶּסַח אִיז זַײן װַײבּ גֶעפָארְן אִין דֶערְנֶעבְּנְדִיגְן שְׁטֶעטְל, אַײנְצוּקוֹיפְן מַצוֹת אוּן װַײן אוֹיף פֶּסַח.

װֶוען זִי אִיז צוּרִיק אַהֵײמְגֶעקוּמֶען, דֶערְצֵײלְט זִי אִיר מַאן, אַז זִי הָאט גֶעהֶערְט אִין שְׁטֶעטְל, אַז אִין דֶער שְׁטָאט מֶעזְשִׁיבּוּזְשׁ, װָאס אִיז אַ צֶען מַײל פוּן דָארְף, גֶעפִינְט זִיךְ אַ גוּטֶער אִיד, װָאס מֶען רוּפְט אִיהם ״אוֹהֵב יִשְׂרָאֵל״, װַײל עֶר אִיז אַ רֶבִּי װָאס הָאט לִיבּ אוּן הֶעלְפְט אַלֶע אִידְן װָאס קוּמֶען צוּ אִיהם. אִיז אִיהר עֵצָה, אַז עֶר זָאל אוֹיךְ גֵײן צוּ דֶעם דָאזִיגְן גוּטְן אִיד, אוּן אִיהם גֶעבְּן אַ קְוִויטְל, װֶועט עֶר גֶעהָאלְפְּן װֶוערְן.

הָאט זִיךְ דֶער דָארְפְס־אִיד אַרוֹיסְגֶעלָאזְט צוּ פוס קֵיין מֶעזְשִׁיבוּזְשׁ צוּם רֶבִּין רַבִּי אַבְרָהָם יְהוֹשֻׁעַ הֶעשִׁיל זצ"ל, וָואס דִי וֶועלְט הָאט אִיהם דֶערְנָאךְ אוֹיךְ גֶערוּפְן דֶער "אַפְּטֶער רָב", וַוייל עֶר הָאט מִיט יָאהרְן שְׁפֶּעטֶער גֶעוואוֹינְט אִין אַפְּט.

דִי וֶועגְן זַיינֶען דַאמָאלְט גֶעוֶוען פוּל מִיט בְּלָאטֶעס, דֶער שְׁנֵיי הָאט שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ צוּגֵיין אוּן הָאט אַלֶע וֶועגְן פַארְוַואנְדְלְט אִין אֵיין גְרוֹיסֶע בְּלָאטֶע.

שְׁלֶעפְּט זִיךְ אַזוֹי דֶער דָארְפְס־אִיד מִיט זַיינֶע גְרוֹיסֶע שְׁטִיוְול אוּן מִיט אַ זֶעקְל בְּרוֹיט אוּן טַלִית אוּן תְּפִילִין אוֹיף דִי פְּלֵייצֶעס קֵיין מֶעזְשִׁיבוּזְשׁ צוּ דֶעם "אוֹהֵב יִשְׂרָאֵל", עֶר זָאל אִיהם הֶעלְפְן עֶר זָאל קֶענֶען בַּאצָאלְן דֶעם פָּרִיץ דִי צְוֵוייטֶע רַאטֶע.

אָנְגֶעקוּמֶען קֵיין מֶעזְשִׁיבוּזְשׁ אִיז דֶער דָארְפְס־אִיד גֶעוֶוען אִינְגַאנְצְן אַיינְגֶעטוּנְקֶען אִין בְּלָאטֶע. וֶוען עֶר אִיז אַרַיין אִין הוֹיז פוּן מֶעזְשִׁיבוּזְשֶׁער רֶבִּין, צוּ דֶעם "אוֹהֵב יִשְׂרָאֵל", אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען אוֹיפְגֶערַאמְט פַאר פֶּסַח. דִי וֶוענְט זַיינֶען גֶעוֶוען גֶעקַאלְכְט, דִי פָּאדְלָאגֶעס גֶעוַואשְׁן אוּן דִי סְפָרִים־שַׁאנְק אוֹיסְגֶעלוּפְטֶערְט.

און װען דער דאָרפס־איד איז אַרײנגעקומען מיט זײַנע פאַרבלאָטיקטע שטיװל און ער האָט געזאָגט דעם משמש, אַז ער װיל אַרײנגײן צום רבין, האָט דער משמש איהם מדחה געװען, ער האָט איהם אין זײַן פאַרבלאָטיקטן הילוך נישט געװאָלט אַרײנלאָזן צום רבין.

דער גבאי האָט דעם דאָרפס־איד אַרױסגעטריבן פון רבינס פראַװע־שטוב, װאו עס זײַנען געזעסן די קװיטל־שרײַבער און געשריבן קװיטלאַך פאַר די אידן, װאָס זײַנען געקומען צום רבין.

האָט דער דאָרפס־איד נישט געװאוסט װאָס צו טהון און אַזױ װי עס איז געװען דאָנערשטאָג פאַרנאכט, האָט ער זיך געטראַכט, אַז ער װעט שױן בלײַבן שבת אין מעזשיבוזש.

קײן געלט צו גײן אין אַ אַכסניא האָט דער דאָרפס־איד נישט געהאַט, איז ער אַרײַן אין פּאליש פון בית מדרש און זיך אַװעקגעלײגט צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע אָרימע אידישע װאַנדערע.

אַזוֹי ווִי דֶער שַׁבָּת אִיז גֶעוֶוען שַׁבָּת הַגָּדוֹל, הָאט אוֹיךְ דֶער "אוֹהֵב יִשְׂרָאֵל" גֶעהַאלְטְן שַׁבָּת אַ דְרָשָׁה אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ ווִי דֶער מִנְהָג אִיז בַּיי אִידְן, אַז רַבָּנִים הַאלְטְן דְרָשׁוֹת שַׁבָּת הַגָּדוֹל אִין דִי שׁוּלְן.

שַׁבָּת נָאכְן עֶסְן זַיינֶען זִיךְ צוּנוֹיפְגֶעקוּמֶען אַלֶע אִידְן פוּן שְׁטָאט אִין בֵּית־הַמִדְרָשׁ צוּ הֶערְן דֶעם רֶבִּין רַבִּי אַבְרָהָם יְהוֹשֻׁעַ הֶעשְׁל זָאגְן דִי דְרָשָׁה. מֶען אִיז גֶעשְׁטַאנֶען קֶעפּ אוֹיף קֶעפּ אוּן אוֹיךְ דֶער דָארְפְס־אִיד הָאט זִיךְ גֶעשְׁטוּפְּט צְווִישְׁן עוֹלָם אוּן עֶר הָאט זִיךְ גֶעפְרֵיידְט, וָואס עֶר וֶועט זֶען דִי צוּרָה פוּן רֶבִּין.

דֶער "אוֹהֵב יִשְׂרָאֵל" הָאט גֶעהַאלְטְן דִי דְרָשָׁה עַל פִּי פַּרְדֵ"ס. צוּם עֶרְשְׁט פַארְעֶנְטְפֶערְט אַ הַארְבְּן רַמְבַּ"ם אוֹיף הִלְכוֹת פֶּסַח, דֶערְנָאךְ גֶערֶעדְט עַל פִּי קַבָּלָה אוּן חֲסִידוּת, וָואס דֶער דָארְפְס־אִיד הָאט גָאר נִישְׁט פַארְשְׁטַאנֶען, אָבֶער דֶערְנָאךְ הָאט דֶער "אוֹהֵב יִשְׂרָאֵל" אוֹיסְגֶעטַייטְשְׁט דִי הַגָּדָה אִין אִידִישׁ אוּן וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶער מַאֲמַר "וַנִצְעַק אֶל ד' אֱלֹקֵי אֲבוֹתֵינוּ" אִיז דֶער רֶבִּי אַרַיינְגֶעפַאלְן אִין גְרוֹיס דְבֵיקוּת אוּן עֶר הָאט מְעוֹרֵר גֶעוֶוען דִי אִידְן אוּן עֶר הָאט זֵיי גֶעזָאגְט, אַז

זיי זאל זיך נישט דאכטן, אז דאס איז נאר געווען איין מאל אין מצרים, ווען די אידן האבן געשריגן צו ג־ט און ג־ט האט צוגעהערט צו זייער קול און האט זיי געהאלפן, נאר דאס קען געשען אויך היינט, ווייל יעדעס יאר אין דער נאכט פון פסח גייען ארויס ליכט פון הימל, ווייל דער זמן איז גורם און יעדער איד וואס געפינט זיך אין א צרה און דארף א ישועה און רחמים פון הימל, דארף ער שרייען אין דער דאזיקער נאכט צום באשעפער, און ער וועט געהאלפן ווערן. יעדער איד וואס דארף האבן קינדער, יעדער איד וואס דארף האבן פרנסה, אדער דער וואס האט אויף זיך א פראצעס, אדער דער איד וואס דארף באצאלן א "ראטע" צום פריץ און האט נישט צו באצאלן, דארף שרייען ביים סדר צום אויבערשטן און ער וועט געהאלפן ווערן...

דער דארפס־איד, וואס האט נישט פארשטאנען די גאנצע דרשה פון רבין, האט אבער גוט פארשטאנען די לעצטע ווערטער, וואס דער רבי האט געזאגט מיט גרויס התלהבות אויפן מאמר פון דער הגדה "ונצעק אל ד' אלקי

אֲבוֹתֵינוּ", און עֶר הָאט זִיךְ גֶעטְרַאכְט: "עֶס הָאט זִיךְ מִיר גֶעלוּינְט צוּ קוּמֶען קֵיין מֶעזְשִׁיבוּשׁ, כָאטְשׁ אִיךְ הָאבּ דֶעם רֶבִּין קֵיין קְווִיטְל נִישְׁט גֶעגֶעבְּן. אִיךְ וֶועל שׁוֹין ווִיסְן וָואס צוּ טְהוּן, כְּדֵי אִיךְ זָאל הָאבְּן מִיט וָואס צוּ בַּאצָאלְן דִי רַאטֶע".

זוּנְטָאג אִין דֶערְפְרִי אִיז דֶער דָארְפְס אִיד צוּרִיקְגֶעגַאנְגֶען צוּפוּס אַהֵיים אִין דָארְף אַרַיין.

וֶוען דֶער דָארְפְס אִיד אִיז אַהֵיימְגֶעקוּמֶען, הָאט אִיהם זַיין פְרוֹי גֶעפְרֶעגְט:

— נוּ, וָואס הָאט דֶער רֶבִּי גֶעזָאגְט?

— דוּ דַארְפְסְט זִיךְ גָארְנִישְׁט זָארְגְן — הָאט דֶער דָארְפְס אִיד גֶעעֶנְטְפֶערְט — אִיךְ וֵוייס שׁוֹין וָואס צוּ טְהוּן. וֶוען עֶס וֶועט קוּמֶען דִי צַייט, וֶועל אִיךְ דִיר שׁוֹין זָאגְן. וַוארְט נָאר צוּ, בִּיז עֶס וֶועט קוּמֶען פֶּסַח.

וֶוען עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דִי עֶרְשְׁטֶע נַאכְט פוּן פֶּסַח, הָאט דֶער דָארְפְס־אִיד אָפְּגֶערִיכְט דֶעם סֵדֶר אַזוֹי ווִי אַלֶע מָאל, אָבֶּער וֶוען עֶר הָאט גֶעדַארְפְט זָאגְן "וַנִּצְעַק אֶל ד' אֱלֹקֵי אֲבוֹתֵינוּ וַיִּשְׁמַע ד' אֶת

קולֵנו״, הָאט עֶר גֶעזָאגְט צו זַײן װַײבּ:

— דָא דַארְפְן מִיר בֵּײדֶע שְׁרַײעֶן און מִיר װֶעלְן גֶעהָאלְפְן װֶערְן, אַזוֹי הָאט בְּפֵירוּשׁ גֶעזָאגְט דֶער רֶבִּי, אַז אוֹיבּ מִיר װֶעלְן גוּט שְׁרַײעֶן װֶעלְן מִיר בַּאלְד הָאבְּן גֶעלְד צו בַּאצָאלְן דִי רַאטֶע...

און בֵּײדֶע הָאבְּן גֶעשְׁרִיגְן און הָאבְּן נִישְׁט גֶעװאוּסְט װֶוען אוֹיפְצוּהֶערְן, בִּיז עֶס הָאט זִיךְ פְּלוּצְלוּנְג דֶערְהֶערְט אַ קְלַאפּ אִין פֶענְסְטֶער. דָאס קְלַאפְּן אִיז גֶעוָוארְן שְׁטַארְקֶער און שְׁטַארְקֶער. זַײנֶען זֵײ אַנְטְשְׁוִויגְן גֶעוָוארְן און זֵײ הָאבְּן דֶערְהֶערְט ווִי אֵײמִיצֶער שְׁרַײט צו זֵײ, זֵײ זָאלְן שְׁנֶעל עֶפֶענֶען דִי טְהִיר.

לְכַתְחִילָה הָאבְּן זֵײ זִיךְ שְׁטַארְק דֶערְשְׁרָאקְן, װַײל זֵײ הָאבְּן גוּט גֶעװאוּסְט, אַז עֶס פְּלֶעגְט זִיךְ נִישְׁט אֵײנְמָאל טְרֶעפְן, אַז גוֹיִם פְּלֶעגְן אִין דֶער דָאזִיגֶער נַאכְט פוּן פֶּסַח אָנְפַאלְן אוֹיף אִידִישֶׁע שְׁטִיבֶּער. אָבֶּער בַּאלְד הָאבְּן זֵײ דֶערְקֶענְט דָאס קוֹל פוּן אַ גוֹי, זֵײעֶרֶער אַ בַּאקַאנְטֶער.

הָאט דֶער דָארְפְס־אִיד גֶעעֶפְנְט דִי טְהִיר און

עֶס אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען אַ גוֹי, זֵייעֶרעֶר אַ שָׁכֵן, מִיט צְוֵויי טֶעפּ אִין דִי הֶענְד אוּן עֶר הָאט צוּ דֶעם דָארְפְּס־אִיד גֶעזָאגְט:

— אִיךְ הָאבּ זִיךְ הַיינְט שְׁטַארְק אָנְגֶע׳שִׁיכּוֹר׳ט, הָאבּ אִיךְ גֶעשְׁלָאגְן מַיין וַוייבּ אַזוֹי לַאנְג בִּיז זִי אִיז גֶעשְׁטָארְבְּן. הָאבּ אִיךְ מוֹרָא, אַז מָארְגְן וֶועט זִיךְ דֶערְפוּן דֶערְווִיסְן דֶער פָּרִיץ, וֶועט עֶר מִיר הַרְגֶענֶען, הָאבּ אִיךְ נִישְׁט קֵיין אַנְדֶער עֵצָה, ווִי צוּ אַנְטְלוֹיפְן ווַייט אַוֶועק. אִיךְ הָאבּ דָא צְוֵויי טֶעפּ פוּל מִיט גָאלְדֶענֶע רֶענְדְלַאךְ, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעקְרָאגְן בִּירוּשָׁה פוּן מַיין זֵיידְן, קֵיינֶער ווֵייסְט נִישְׁט דֶערְפוּן. אִיצְט ווֵייס אִיךְ נִישְׁט וָואס צוּ טְהוּן מִיט זֵיי אוּן אַזוֹי ווִי אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַייעֶר גֶעשְׁרֵיי, הָאבּ אִיךְ פַארְשְׁטַאנֶען, אַז אִיהר שְׁלָאפְט נָאךְ נִישְׁט, אִיז מִיר אַיינְגֶעפַאלְן אַייךְ אִיבֶּערְצוּגֶעבְּן דִי צְוֵויי טֶעפּ מִיט דִי רֶענְדְלַאךְ אוּן אִיךְ גִיבּ זֵיי אַייךְ אִיצְט מִיט דֶעם פָּאלְגֶענְדְן תְּנַאי: אוֹיבּ אִיךְ וֶועל צוּרִיקְקוּמֶען אַהֵיים זָאלְט אִיהר מִיר צוּרִיקְגֶעבְּן בְּלוֹיז אֵיין טָאפּ רֶענְדְלַאךְ אוּן דֶעם צְוֵוייטְן זָאלְט אִיהר הָאבְּן פַאר דֶער טוֹבָה וָואס אִיהר הָאט מִיר גֶעטְהוּן, וָואס אִיהר הָאט

בַּאהַאלְטְן מַײן אוֹצָר, און אוֹיב איך וֶועל נִישְט צוּרִיקְקוּמֶען, זָאלְן בֶּעסֶער בֵּיידֶע טֶעפּ מִיט די רֶענְדְלַאךְ בְּלַײבְּן בַּײ אַײךְ, וַוײל עֶס אִיז מִיר בֶּעסֶער זֵיי זָאלְן זַײן אַײעֶרֶע ווי זֵיי זָאלְן אַרַײנְפַאלְן אִין פְרֶעמְדֶע הֶענְט, וָוארוּם אַײךְ קֶען איך פוּן לַאנְג און אַײךְ הָאבּ איך לִיבּ...

דֶער דָארְפְס־אִיד מִיט זַײן וַוײבּ הָאבְּן אִיהם גֶעהֵייסְן אַוֶועקְלֵייגְן די צְוֵויי טֶעפּ מִיט די רֶענְדְלַאךְ און זֵיי הָאבְּן מִיט שִׂמְחָה פַארְעֶנְדִיגְט אָפְּרִיכְטְן דֶעם סֵדֶר.

דֶעם עֶרְשְטְן טָאג חוֹל־הַמוֹעֵד פֶּסַח, וֶוען עֶס אִיז אוֹיסְגֶעפַאלְן דֶער טָאג צוּ בַּאצָאלְן די רַאטֶע, אִיז דֶער דָארְפְס־אִיד גֶעגַאנְגֶען צוּם פָּרִיץ אִין הוֹיף און הָאט דֶעם פָּרִיץ בַּאצָאלְט די רַאטֶע.

דֶער פָּרִיץ הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט:

— אַזוֹי ווי אִיהר זַײט פַארְלֶעסְלִיכֶע מֶענְטְשְן, וֶועט די אַרֶענְדֶע זַײן פַאר אַײךְ אוֹיף שְטֶענְדִיג.

נָאךְ פֶּסַח הָאט די וַוײבּ פוּן דָארְפְס־אִיד גֶעזָאגְט צוּם מַאן:

— עֶס אִיז נִישְׁט יוֹשֶׁר׳דִיג מִיר זָאלְן נִישְׁט אַרײַנְפָארְן קֵיין מֶעזְשִׁיבוּזְשׁ און דַאנְקֶען דֶעם רֶבִּין, וָואס צוּלִיבּ זַיין עֵצָה זַײנֶען מִיר גֶעהָאלְפְן גֶעוָוארְן.

הָאט דֶער דָארְפְס־אִיד גֶעקוֹיפְט אַ פֶערְד און וָואגְן. עֶר הָאט אוֹיסְגֶעקְלַאפְּט פּוּטֶער און מִיטְגֶענוּמֶען פּוּטֶער און קֶעז צוּם רֶבִּין אַ מַתָּנָה.

וֶוען דֶער דָארְפְס־אִיד אִיז אַרײַנְגֶעקוּמֶען צוּם רֶבִּין און הָאט אִיהם דֶערְצֵיילְט, אַז דוּרְךְ אִיהם אִיז עֶר גֶעהָאלְפְן גֶעוָוארְן, הָאט דֶער ״אוֹהֵב יִשְׂרָאֵל״ צוּ אִיהם גֶעזָאגְט:

— מִיר קוּמְט קֵיין שׁוּם מַתָּנָה נִישְׁט. אִיךְ הָאבּ נָאר גֶעזָאגְט דֶעם פְּשַׁט פוּן מַאֲמַר פוּן דֶער הַגָּדָה און וֶוער עֶס גְלוֹיבְּט דֶערִין קֶען טַאקֶע גֶעהָאלְפְן וֶוערְן אָן אַ קְוִויטְל און אָן אַ בְּרָכָה פוּן רֶבִּין...

נָאכְדֶעם וָואס דֶער מָאגֶעלְנִיצֶער רֶבִּי הָאט גֶעעֶנְדִיגְט דֶערְצֵיילְן דִי דָאזִיגֶע מַעֲשֶׂה, הָאט עֶר גְלַייךְ אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ זָאגְן ״וַנִּצְעַק אֶל ד׳ אֱלֹקֵי אֲבוֹתֵינוּ״ מִיט גְרוֹיס הִתְלַהֲבוּת און גְרוֹיס הִתְעוֹרְרוּת...

# אַלֶעס אִיז חָמֵץ!

עֶרֶב פֶּסַח אִינְדֶערְפְרִי, ווִי נָאר מֶען הָאט גֶעעֶנְדִיגְט דַאווְנֶען, אִיז רַבִּי בָּרוּךְ וַוייל, אַ חָשׁוּבֶער בַּעַל הַבַּיִת פוּן סְלוֹנִים צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם רָב, דֶער גָאוֹן רַבִּי יוֹסֵף שְׁלוּפְּפֶער זצ״ל אוּן צוּ אִיהם גֶעזָאגְט:

— רַבִּי, אִיךְ ווֵייס אַז דִי צַייט אִיז אֵיינְג אָבֶער עֶס אִיז זֵייעֶר דְרִינְגֶענְד. מַיין שָׁכֵן רַבִּי יוֹאֵל פִינְקֶל, ווֶעמֶען מִיר הַאלְטְן פַאר אַ גְבִיר הָאט זִיךְ לַיידֶער בַּיי אִיהם דֶער רֶעדְל אַ דְרֵייא גֶעטְהוּן אוּן עֶר אִיז אַ עָנִי וְאֶבְיוֹן, עֶר הָאט מַמָשׁ גָארְנִישְׁט אוֹיף פֶּסַח.

— ווָאסְזְשֶׁע הָאסְטוּ זִיךְ יֶעצְט דֶערְמָאנְט?
— הָאט דֶער רָב אַ בְּרוֹגֶז׳ער גֶעזָאגְט — מִיר אַלֶע גְרֵייטְן זִיךְ שׁוֹין צוּם סֵדֶר! פוּן ווַאנֶען ווֶעלְן מִיר יֶעצְט קֶענֶען בַּאזָארְגְן רַבִּי יוֹאֵל׳ן, אוּן דִי קִמְחָא־דְפִּסְחָא־קַאסֶע אִיז שׁוֹין גֶעווִיס לֵיידִיג!

— אָבֶער, רֶבִּי — הָאט רַבִּי בָּרוּךְ וַוייטֶער גֶעזָאגְט — אִיךְ הָאבּ פְּרוּבִּירְט ווירקְן אוֹיף אִיהם עֶר זָאל נֶעמֶען פוּן קָהָל, פוּן דִי קִמְחָא דְפִּסְחָא גֶעלְדֶער, אָבֶער עֶר הָאט בְּשׁוּם אוֹפָן נִישְׁט גֶעוָואלְט, עֶר וִויל נִישְׁט מֶען זָאל וִויסְן פוּן זַיין אָרִימְקַייט, דִי שׂוֹנְאִים זָאלְן זִיךְ נִישְׁט פְרֵייעֶן אוּן דִי גוּטֶע פְרַיינְט זָאלְן אִיהם נִישְׁט בַּאוֵויינֶען.

דֶער רָב הָאט זִיךְ פַארְטְרַאכְט, ווי קֶען מֶען הֶעלְפְן דִי פַאמִילְיֶע אוּן זֵיי זָאלְן נִישְׁט פַארְשֶׁעמְט וֶוערְן. זֵיי אַריינְטְרָאגְן פַארְטִיגֶע עֶסְן, אָדֶער אַריינְשִׁיקְן גֶעלְד — עֶס וֶועט דָאךְ זַיין פַאר זֵיי אַ חֶרְפָּה אוּן אַ שַׁאנְדֶע.

עֶנְדְלִיךְ, נָאךְ אַ לַאנְגְן טְרַאכְטְן, רוּפְט זִיךְ אָן דֶער רָב:

— אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען אַ שְׁטִיקְל וֶועג. לָאמִיר הָאפְן אַז זֵיי וֶועלְן הַיינְט בַּיינַאכְט הָאבְּן פוּן אַלֶעס גוּטְס, זַייט מֶעהר נִישְׁט פַארְזָארְגְט.

*

פֶּסַח בַּיינַאכְט, נָאךְ מַעֲרִיב, דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם

גֵייט פַארְבֵּיי דֶעם רָב צוּ ווינְטְשְׁן גוּט יוֹם טוֹב. נִישְׁט ווִי זַיין שְׁטֵייגֶער, כַאפְּט דֶער רָב אַ קוּרְצְן שְׁמוּעֶס מִיט אֵיינִיגֶע בַּעֲלֵי בַּתִּים, אוּן אָט דֶערְנֶענְטֶערְט זִיךְ רַבִּי יוֹאֵל צוּם רָב, ווינְטְשְׁן גוּט יוֹם טוֹב. אוֹיךְ מִיט רַבִּי יוֹאֵל׳ן כַאפְּט דֶער רָב אַ קוּרְצְן שְׁמוּעֶס, אוּן מִיטְאַמָאל רוּפְט אוֹיס דֶער רָב הוֹיךְ אוֹיפְן קוֹל:

— עֶס אִיז אַלֶעס חָמֵץ!!! חָמֵץ גָמוּר!!!

דֶער גַאנְצֶער אָנְוֶועזְנְדֶער עוֹלָם אִיז שְׁטִיל גֶעבְּלִיבְן אוּן אוֹיפְגֶעכַאפְּט יֶעדֶעס וָוארְט פוּן רָב וֶועלְכֶער הָאט וַוייטֶער גֶערֶעדְט:

— אָבֶער זַייט נִישְׁט פַארְזָארְגְט, רַבִּי יוֹאֵל, מִיר לֶעבְן דָאךְ צְווִישְׁן אִידְן, אוֹיבּ אִיהר קֶענְט גָאר נִישְׁט נִיצְן פוּן אַלֶעס וָואס אִיהר הָאט צוּגֶעגְרֵייט אוֹיף פֶּסַח וֶועט מֶען אַייךְ בַּאזָארְגְן עֶס זָאל אַייךְ גָארְנִישְׁט פֶעהלְן.

דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם הָאט פַארְשְׁטַאנֶען אַז מִיט רַבִּי יוֹאֵל׳ן אִיז דָא עֶפֶּעס גֶעשֶׁעהְן — דֶער רָב הָאט אִיהם טְרֵיף גֶעמַאכְט זַיין גַאנְצְן פֶּסַח, הָאט מֶען אִיהם גֶענוּמֶען טְרֵייסְטְן עֶר זָאל נִישְׁט זָארְגְן,

מֶען וֶועט אִיהם צוּשְׁטֶעלְן פוּן אַלֶעס גוּטְס, עֶר זָאל גָארְנִישְׁט פִיהלְן.

און וִוירְקְלִיךְ הָאבְּן אַלֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים זִיךְ מִשְׁתַּדֵל גֶעוֶועזְן בַּאלְד אוֹיפְן אָרְט אָנְצוּפִיהלְן דָאס הוֹיז פוּן רַבִּי יוֹאֵל פוּן אַלֶעס גוּטְס, וַויין, פִּיש, פְלֵייש און מַצוֹת א. ד. ג. אַזוֹי אַז רַבִּי יוֹאֵל הָאט טַאקֶע גֶעהַאט אַ פְרֵיילַאכְן יוֹם טוֹב און קֵיינֶער הָאט נִישְׁט גֶעוואוּסְט פוּן זַיין צוּשְׁטַאנְד — אַ דַאנְק דִי קְלוּגְשַׁאפְט און הַמְצָאָה פוּן דֶעם סְלָאנִימֶער רָב.

# די דרײ אידן אויף פּסח

עס איז פאַרהאַן אַ פּסוק אין תּהילים, וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: אַשרי מַשׂכּיל אֶל דַל — גליקליך איז דער, וואָס איז קלוג פאַר דעם אָרימאַן.

עס איז נישט גענוג צו געבן געלט אָדער אַ אַנדער זאַך פאַר אַ נויטיגן מענטשן, נאָר מען דאַרף אויך וויסן, ווי אַזוי צו געבן, אַז דער נויטיגער מענטש זאָל זיך נישט פילן באַליידיגט, נאָר ער זאָל זיך פילן גוט.

דאס וואָרט "אָרימער מענטש" מיינט נישט דווקא אַ אָרימאַן. אַפילו דער רייכסטער מענטש קען זיך געפינען אין אַ לאַגע, וואָס ער דאַרף יענעמס הילף.

די מעשׂה איז וועגן דרײ מענטשן וואָס זיינען

גֶעבְּלִיבְּן אוֹיף פֶּסַח אִין וֶועג און אַ רַייכֶער אִיד הָאט זֵיי בַּאהַאנְדְלְט מִיט קְלוּגְשַׁאפְּט.

עֶס זַיינֶען גֶעוֶוען צְוֵויי אִידְן סוֹחֲרִים־שׁוּתְּפִים. זֵייעֶר הוֹיפְּט גֶעשֶׁעפְּט הָאט זִיךְ גֶעדְרֵייט אַרוּם דִי יְרִידְן. זוּמֶער פְלֶעגְן זֵיי עֶטְלִיכֶע חֳדָשִׁים פַארְבְּרֵיינְגֶען אוֹיף דֶעם זוּמֶער יְרִיד און ווינְטֶער, עֶטְלִיכֶע חֳדָשִׁים אוֹיף דֶעם ווינְטֶער יְרִיד.

אוֹיף דִי יְרִידְן פְלֶעגְן זֵיי אוֹיסְשְׁטֶעלְן סְחוֹרָה, וָואס זֵיי הָאבְּן גֶעבְּרַאכְט פוּן זֵייעֶר גֶעגְנְט. אַיינְגֶעקוֹיפְט סְחוֹרָה, וָואס מֶען הָאט גֶעבְּרַאכְט פוּן אַנְדֶערֶע גֶעגְנְטְן און אִין דִי אִיבְּרִיגֶע חֳדָשִׁים פוּן יָאר הָאבְּן זֵיי גֶעהַאנְדְלְט מִיט דִי סְחוֹרָה, וָואס זֵיי הָאבְּן גֶעמַאכְט אִין דִי יְרִידְן.

דִי צְוֵויי שׁוּתְּפִים הָאבְּן גֶעהַאט אַ אִיד אַ אַרְבֶּעטֶער בַּיי זֵיי. דֶער אִיד אִיז גֶעוֶוען זֵייעֶר בַּעַל עֲגָלָה. עֶר הָאט גֶעפִירְט דִי צְוֵויי אִידְן אוֹיף דִי יְרִידְן. עֶר הָאט צוּגֶעשְׁטֶעלְט זֵייעֶרֶע סְחוֹרוֹת אִין פַארְשִׁידֶענֶע עֶרְטֶער און עֶר הָאט בַּאדִינְט דֶעם פֶערְד און וָואגְן וֶוען זֵיי זַיינֶען גֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶער הֵיים.

אַזוֹי הָאבְּן דִי דְרַיי מֶענְטְשְׁן גֶעלֶעבְּט און זִיךְ גֶעהַאלְטְן צוּזַאמֶען.

דֶער ווינְטֶער יְרִיד פְּלֶעגְט זִיךְ גֶעוֵויינְלִיךְ עֶנְדִיגְן אַ צְוֵויי וָואכְן פַאר פּוּרִים און דִי מֶענְטְשְׁן פְלֶעגְן קוּמֶען גֶעוֵויינְלִיךְ אַהֵיים בְּעֶרֶךְ אַ צְוֵויי וָואכְן נָאךְ פּוּרִים.

*

הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט אַ ווינְטֶער, וָואס אִין אִיהם הָאט זִיךְ גֶעשָׁאטְן גְרוֹיסֶע שְׁנֵייעֶן, און וֶוען דֶער יְרִיד הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט, אִיז נָאךְ גֶעוֶוען אוּמְמֶעגְלִיךְ צוּ פָארְן, זַיינֶען דִי אִידְן גֶעזֶעסְן אִין דֶער קְרֶעטְשְׁמֶע. אָבֶּער דֶער וֶועג צוּם פָארְן אִיז נָאךְ עֶרְגֶער גֶעוָוארְן.

אַ וָואךְ אִיז אַרִיבֶּער און עֶס אִיז נָאךְ אוּנְמֶעגְלִיךְ צוּ פָארְן, וַוייל מֶען הָאט גֶעקֶענְט אַרַיינְפַאלְן אִין אַ גְרוּבּ און דָאס גְלַייכְן.

נָאךְ עֶטְלִיכֶע טֶעג זַיינֶען אַרִיבֶּער און מֶען הָאט שׁוֹין גֶעקֶענְט פָארְן, אָבֶּער דִי אִידְן הָאבְּן דֶערְזֶען, אַז עֶס אִיז אַ עֶרְנְסְטֶע פְּרַאגֶע, צוּ מֶען

וֶועט נָאךְ קוּמֶען אַהֵיים אוֹיף פֶּסַח.

נָאךְ עֶטְלִיכֶע טֶעג זַיינֶען אַרִיבֶּער אוּן דִי הֶערְצֶער פוּן דִי דְרַיי מֶענְטְשְׁן הָאבְּן גֶענוּמֶען קְלַאפְּן — דִי מֶענְטְשְׁן הָאבְּן דֶערְזֶען, אַז זֵיי וֶועלְן אוֹיף פֶּסַח נִישְׁט קֶענֶען קוּמֶען אַהֵיים, הָאבְּן זֵיי אָנְגֶעהוֹיבְּן טְרַאכְטְן וֶועגְן אַ אִידִישׁ הוֹיז וואוּ זֵיי זָאלְן קֶענֶען זַיין אִיבֶּער פֶּסַח.

יֶעדֶע פָּאר מַייל אִיז פַארְהַאן אַ יִשׁוּב, אָבֶּער נָאר גוֹיִם וואוֹינֶען דָארְט — מֶען זֶעט דָארְט נִישְׁט אֲפִילוּ קֵיין אֵיין אִיד.

דִי אִידְן הָאבְּן גֶעוואוּסְט, וָואס זֵיי שְׁטֵייט פָּאר, אוֹיבּ זֵיי וֶועלְן נִישְׁט טְרֶעפְן קֵיין אִידִישֶׁע הוֹיז. זֵיי וֶועלְן דַארְפְן קוֹיפְן אַ זַאק קַארְטָאפְל, אָפְּבְּרָאטְן דִי קַארְטָאפְל אוֹיפְן פֶעלְד אוּן מִיט דֶעם פְּרַאוֶועט דֶעם יוֹם טוֹב. אָבֶּער זֵיי הָאבְּן זִיךְ בַּאטְרַאכְט אַז דִי מֶעגְלִיכְקַייט וֶועלְן זֵיי הָאבְּן צוּ יֶעדֶע צַייט, וַוייל גוֹיאִישֶׁע דֶערְפֶער זַיינֶען פַארְהַאן יֶעדֶע עֶטְלִיכֶע מַייל. בִּיז עֶטְלִיכֶע שָׁעָה פַאר יוֹם טוֹב דַארְפְן זֵיי פָּארְן.

*

עס איז שוין געווען דער טאג פון בדיקת
חמץ. אלע אידן וועלן דעם אוונד בודק חמץ זיין
אין זייערע הייזער און זיי געפינען זיך אויף
פעלדער און אין וועלדער און ווייסן נישט, וואס
וועט זיין מיט זיי פסח, און די פרויען מיט די
קינדער זיינען אליין אין דער היים.

*

צו מארגן ערב פסח זיינען די אידן
אויפגעשטאנען גאנץ פרי און זיך געלאזט אין
וועג. זיי זיינען געפארן און געפארן. אין אלע
ערטער נאר גוים און קיין איין איד זעהען זיי נישט
פאר זייערע אויגן.

נאך צוועלף בײ טאג זיינען זיי דורכגעפארן א
קליין שטעטעלע. אין מיטן פון שטעטעלע איז
געווען א מארק. אויפן מארק האט מען פארקויפט
פארשידענע זאכן. האבן זיי אפגעשטעלט דעם
וואגן, שפאצירט איבערן מארק, געקוקט אויף
אלע פנימער, אפשר וועלן זיי דערזען א איד.

זיי זיינען צוגעקומען צו א פלאץ, א מאן איז
דארט געשטאנען און איינגעקויפט פארשידענע

שְׁפַּייזְן און צְווישְׁן דִי שְׁפַּייזְן אִיז גֶעוֶוען אַ פֶּעקֶעלֶע כְרֵיין.

דֶער מֶענְטְשׁ אִיז גֶעוֶוען פַּיין אָנְגֶעטְהוּן און אוֹיסְגֶעזֶען פַּיין. דָאס פֶּעקֶעלֶע כְרֵיין הָאט זֵיי צוּגֶעבְרֵיינְגְט צוּ טְרַאכְטְן, אֶפְשֶׁר אִיז דָאס אַ אִיד.

אֵיינֶער פוּן דִי סוֹחֲרִים הָאט זִיךְ אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט און אִיהם גֶעפְרֶעגְט:

— יֶעוֶוערֵיי? — אִיהר זַיינְט אַ אִיד?

דֶער מֶענְטְשׁ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט:

— דַא, יָא יֶעוֶוערֵיי — יָא, אִיךְ בִּין אַ אִיד.

הָאט דֶער סוֹחֵר אִיהם וַוייטֶער גֶעפְרֶעגְט:

— קֶען מֶען אֶפְשֶׁר צוּ אַייךְ רֵיידְן אוֹיף אִידִישׁ?

הָאט דֶער מֶענְטְשׁ גֶעעֶנְטְפֶערְט:

— גֶעוִויס, אִיךְ בִּין דָאךְ אַ אִיד.

הָאט דֶער סוֹחֵר דֶערְצֵיילְט אַז צוּלִיב דִי

גְרוֹיסֶע שְׁנֵייעֶן פון דֶעם הַיינְטִיגְן ווינְטֶער און דֶעם פְּלוּצְלוּנְגְדִיגְן צוּלָאזְן פון דֶעם שְׁנֵיי זַיינֶען זֵיי גֶעבְּלִיבְן אוֹיפְן וֶועג, וַוייט פון זֵייעֶר הֵיים. אֶפְשֶׁר וָואלְטְן זֵיי גֶעקֶענְט בַּיי אִיהם זַיין פֶּסַח?

דֶער מֶענְטְשׁ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט:

— יָא! אִיהר קֶענְט בַּיי מִיר זַיין פֶּסַח, אָבֶער אִיהר וֶועט דַארְפְן בַּאצָאלְן.

דֶער מֶענְטְשׁ הָאט צוּ זֵיי גֶעזָאגְט:

— וֵוייסְט אִיהר אָבֶער, וִויפְל אִיהר וֶועט דַארְפְן בַּאצָאלְן? אִיהר זַיינְט דָאךְ דְרַיי מֶענְטְשְׁן און הוּנְדֶערְט רוּבְּל וֶועט אַייךְ קָאסְטְן פַאר יֶעדְן מֶענְטְשׁ. צוּזַאמֶען דְרַיי הוּנְדֶערְט רוּבְּל.

דְרַיי הוּנְדֶערְט רוּבְּל אִיז גֶעוֶוען בַּאלְד אַ הֶעלְפְט פון זֵייעֶר גַאנְצְן פַארְמֶעגְן און דִי מֶענְטְשְׁן זַיינֶען גֶעוָוארְן אוֹיפְגֶעצִיטֶערְט. פַאר דְרַייסִיג רוּבְּל הָאט גֶעמַאכְט פֶּסַח אַ גַאנְצֶע פַאמִילְיֶע און דֶער מֶענְטְשׁ בֶּעט פַאר דְרַיי מֶענְטְשְׁן אַזוֹי פִיל גֶעלְד!

אֵיינֶער פון דִי סוֹחֲרִים הָאט אִיהם אַ פְרֶעג

גֶעטְהוּן:

— קֶען דָאס נִישְׁט זַיין בִּילִיגֶער?

הָאט דֶער מֶענְטְשׁ גֶעעֶנְטְפֶערְט:

— מַיינֶע טַייעֶרֶע אִידְן! אִיךְ צְווִינְג אַייךְ נִישְׁט חָלִילָה אִיהר זָאלְט זַיין בַּיי מִיר. אוֹיבּ אִיר ווִילְט, קֶענְט אִיהר זַיין עֶרְגֶעץ אַנְדֶערְשׁ. אוֹיבּ אָבֶער אִיהר ווִילְט זַיין בַּיי מִיר, אִיז דָאס דֶער פְּרַייז.

דִי סוֹחֲרִים הָאבְּן זִיךְ אִיבֶּערְגֶעקוּקְט אֵיינֶער אוֹיפְן אַנְדֶערְן, אָבֶער וָואס קֶענֶען זֵיי טְהוּן? וואוּ קֶענֶען זֵיי גֵיין? הָאבְּן זֵיי אַ שָׁאקְל גֶעטְהוּן מִיט דֶער קָאפּ, אַז זֵיי זַיינֶען מַסְכִּים.

דֶער מֶענְטְשׁ הָאט גֶעעֶנְדִיגְט אַיינְקוֹיפְן אוּן אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען מִיט זַיין פֶּעקֶעלֶע צוּ אַ וָואגְן, אַיינְגֶעשְׁפַּאנְט אִין צְווֵיי פֶערְד. אוֹיף אַזַא וָואגְן דַארְף מֶען נִישְׁט קֵיין צְווֵיי פֶערְד, דָאס אִיז נָאר אַ בֶּעוַוייז פוּן רַייכְקַייט אוּן לוּקְסוּס. אוֹיפְן וָואגְן אִיז גֶעזֶעסְן אַ בַּעַל עֲגָלָה שֵׁיין אָנְגֶעטְהוּן, וִוי עֶס פַּאסְט פַאר אַ בַּעַל עֲגָלָה פוּן אַ חָשׁוּבְן מֶענְטְשׁ. דֶער

מֶענְטְש הָאט גֶעזָאגְט די סוֹחֲרִים, זֵיי זָאלְן אִיהם נָאכְפָארְן.

מֶען אִיז אַרוֹיס גֶעפָארְן פוּן שְטֶעטְל, גֶעפָארְן וַוייטֶער אוּן גֶעקוּמֶען צוּ אַ שֵיינֶעם הוֹיף, אוֹיף דֶעם הוֹיף אִיז גֶעשְטַאנֶען אַ שֵיין הוֹיז, די פוּהר הָאבְּן זֵיי דָא אָפְּגֶעשְטֶעלְט.

דֶער מֶענְטְש — דֶער בַּעַל הַבַּיִת פוּן הוֹיז הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען גֵיין אִין הוֹיז. דֶער בַּעַל עֲגָלָה פוּן די סוֹחֲרִים הָאט גֶענוּמֶען אוֹיסְשְפַּאנֶען דֶעם פֶערְד אָבֶּער דֶער בַּעַל הַבַּיִת הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: עֶס זַיינֶען פַארְהַאן בַּיי מִיר מֶענְטְשְן אוּן זֵיי וֶועלְן שוֹין קוּקְן אוֹיפְן פֶערְד אוּן וָואגְן. אִיהר זַיינְט מִיד, אִיהר דַארְפְט גֵיין אִין הוֹיז זִיךְ אָפְּרוּעֶן.

מֶען אִיז אַרַיין אִין הוֹיז אוּן דֶער בַּעַל הַבַּיִת הָאט גֶעזָאגְט מִיט שִׂמְחָה צוּ זַיין פְרוֹי:

— דֶער אוֹיבֶערְשְטֶער הָאט אוּנְז צוּגֶעשִיקְט דְרַיי אִידְן אוֹיף פֶּסַח.

מֶען הָאט גְלַייךְ גֶעגְרֵייט צוּם טִיש אוּן דֶערְלַאנְגְט עֶסְן פַאר די גֶעסְט.

מֶען הָאט דִי מֶענְטְשְׁן דֶערְלַאנְגְט עֶסְן אוּן אַזֶעלְכֶע גוּטֶע שְׁפַּייזְן, וָואס זֵיי הָאבְּן נָאךְ אִין זֵייעֶר לֶעבְּן נִישְׁט גֶעזֶען.

דִי מֶענְטְשְׁן זַיינֶען גֶעוֶוען אוֹיסְגֶעמַאטֶערְט. וָואכְן לַאנְג הָאבְּן זֵיי נִישְׁט גֶעהַאט קֵיין וַוארִים גֶעקֶעכְטְס אִין מוֹיל. הָאבְּן זֵיי גֶעגֶעסְן מִיט גְרוֹיס אַפֶּעטִיט. בַּאזוּנְדֶערְס הָאט אַרוֹיס גֶעוִויזְן דֶעם אַפֶּעטִיט דֶער בַּעַל עֲגָלָה. עֶר הָאט אָבֶער בַּאמֶערְקְט אַ שְׁמֵייכְל אוֹיף דֶעם פָּנִים פוּן דִי סוֹחֲרִים — אַ שְׁמֵייכְל פוּן זַיין זוֹלֵל־וְסוֹבֵא׳דִיגְקַייט. עֶר הָאט זִיךְ גֶעפְּרוּבְט פַארְעֶנְטְפֶערְן מִיט דֶעם אוֹיסְרֵייד פוּן נְקָמָה. עֶסְט אַ סַאךְ! עֶסְט מִיט אַלֶע כֹּחוֹת! גֶעזֶעהְן אַ גְרָאבְּקַייט פוּן אַ אִידְן! בֶּעטְן דְרַיי הוּנְדֶערְט רוּבְּל פַאר דְרַיי אִידְן!

זֵיי הָאבְּן אָפְּגֶעגֶעסְן, הָאט מֶען זֵיי בַּאוִויזְן אַ צִימֶער זִיךְ צוּ וַואשְׁן. וֶוען זֵיי הָאבְּן זִיךְ אוֹיסְגֶעוַואשְׁן אוּן אַרַיין אִין פָארְצִימֶער, הָאבְּן זֵיי נִישְׁט גֶעפוּנֶען זֵייעֶרֶע וֶועשׁ אוּן קְלֵיידוּנְג. אוֹיף דֶעם אָרְט זַיינֶען גֶעלֶעגְן שֵׁיינֶע זַיידֶענֶע וֶועשׁ אוּן נַייעֶ פְרִישֶׁע טַייעֶרֶע בְּגָדִים. זֵיי הָאבְּן זִיךְ

אָנגעטהון און אַרױסגעגאַנגען. זײ האָבן געפרעגט אױף זײערע בגדים און דער בעל הבית האָט זײ געענטפערט:

— װאָס האָט איהר געװאָלט? אַרײנגײן אין יום־טוב פּסח אין די אַלטע בגדים װאָס איהר זײנט אין זײ געפאָרן און מיט זײ זיך געװאַלגערט?!

די סוחרים האָבן צװישן זיך גערעדט, אַז דער בעל הבית איז נישט קײן רוצח, װי זײ האָבן פון אָנפאַנג געמײנט, נאָר ער האָט געבעטן אַ סאַך געלט, װײל ער לאָזט זיך אױף זײ פיהל קאָסטן. אַלעס גײט בײ איהם מיט גרױס לוקסוס און דאָס קאָסט טאַקע אַ סאַך געלט. זײ װאָלטן אָבער מער צופרידן געװען, װען מען נעמט בײ זײ אַ דרײסיג רובל און זײ האָבן אַ געװײנליכן פּסח — מצה מיט װײן מיט אַלעס װאָס אַ איד מוז האָבן פּסח.

מען האָט די דרײ אידן אַרײנגעפירט אין אַ צימער. אין צימער זײנען געשטאַנען גרײטע בעטן. זײ האָבן זיך געלײגט, געשלאָפן עטליכע שעה און אױפגעשטאַנען פרישע.

דֶער בַּעַל הַבַּיִת הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִי גֶעסְט, אַז נִישְׁט וַוייט פוּן דָא — בְּעֶרֶךְ אַ מַייל, אִיז פַארְהַאן אַ מִנְיָן אוּן עֶס קוּמֶען זִיךְ צוּזַאמֶען צֶעהן מֶענְטְשְׁן פוּן פַארְשִׁידֶענֶע עֶרְטֶער.

זֵיי זַיינֶען גֶעגַאנְגֶען דַאוְונֶען, גֶעקוּמֶען צוּרִיק אַהֵיים אוּן זֵיי הָאבְּן גֶעטְרָאפְן גֶעדֶעקְטֶע טִישְׁן אָנְגֶעשְׁטֶעלְט מִיט דִי בֶּעסְטֶע פֶּסַח שְׁפַּייזְן.

זֵייעֶר כַּעַס אוֹיף דֶעם בַּעַל הַבַּיִת אִיז שׁוֹין לַאנְג אַרִיבֶּער. אָבֶּער דִי אֵיין מַחְשָׁבָה הָאט זֵיי גֶעעֶגְבֶּערְט דָאס הַארְץ. זֵייעֶרֶע פְּרוֹיעֶן אוּן קִינְדֶער זַיינֶען אִין דִי הַייזֶער אַלֵיין אוּן זֵיי זִיצְן דָא אוּן גִיבְּן אוֹיס זֵייעֶר גָאלְד אוֹיף לוּקְסוּס?

דֶעם עֶרְשְׁטְן טָאג חוֹל הַמּוֹעֵד הָאבְּן דִי סוֹחֲרִים גֶעשְׁמוּעֶסְט, אַז אוֹיב דֶער בַּעַל הַבַּיִת וֶועט זִיךְ מִיט זֵיי פִירְן אַ גַאנְץ פֶּסַח וִוי עֶר פִירְט זִיךְ בִּיז אִיצְט, וֶועט אִיהם פוּן דִי דְרַיי הוּנְדֶערְט רוּבְּל גָארְנִישְׁט בְּלַייבְּן.

דִי אַכְט טֶעג פֶּסַח זַיינֶען אַרִיבֶּער אוּן עֶס אִיז אָנְגֶעקוּמֶען מוֹצָאֵי יוֹם טוֹב. דִי אִידְן הָאבְּן זִיךְ

געוואַלט לאָזן אין וועג, אָבער דער בעל הבית און די באַלעבאָסטע האָבן זיך געשטעלט און געזאָגט:

— עס קען נישט זיין! צו פאָרן שפּעט אין דער נאַכט איז אַ סכּנה. מיר פאַרשטייען אייך גאַנץ גוט, אָבער זיך לאָזן ביינאַכט אין וועג דאָס קענען מיר נישט ערלויבן!

די אידן זיינען געבליבן און דער בעל הבית האָט געזאָגט:

— מיר דאַרפן איצט פּראַווען אַ סעודה! מיר דאַרפן באַגלייטן דעם פריילאַכן יום טוב פּסח און מיר דאַרפן באַגלייטן די חשובע געסט!

מען האָט געפּראַוועט אַ סעודה כּיד המלך.

צו מאָרגנס אין דערפרי האָבן די אידן זיך געגרייט צום וועג. דער בעל עגלה האָט געוואָלט גיין שפּאַנען דאָס פערד, אָבער דער בעל הבית האָט געזאָגט אַז זיינע מענטשן וועלן שוין דאָס אַלעס טהון.

די מענטשן זיינען אַרויס פון הויז, דער בעל

הַבַּיִת מִיט דִי בַּעַל הַבַּיִתְטֶע אוּן אַלֶע הוֹיז מֶענְטְשְׁן זַיינֶען זֵיי נָאכְגֶעגַאנְגֶען.

אוֹיפְן וָואגְן זַיינֶען גֶעלֶעגְן גֶעפַּאקְטֶע פֶּעקְלַאךְ. דִי אִידְן הָאבְּן גֶעפְרֶעגְט דֶעם בַּעַל הַבַּיִת, וָואס זַיינֶען דָאס פַאר אַ פֶּעקְלַאךְ? הָאט דֶער בַּעַל הַבַּיִת זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט:

— חֲדָשִׁים זַיינְט אִיהר נִישְׁט גֶעוֶועְן אִין דֶער הֵיים! אַ גַאנְץ פֶּסַח זַיינֶען אַייעֶרֶע פְרוֹיעֶן אוּן קִינְדֶער גֶעוֶועְן אִין דִי הַייזֶער אַלֵיין, דַארְף מֶען זֵיי כָאטְשׁ דֶערְפְרֵייעֶן מִיט עֶפֶּעס מַתָּנוֹת!

דִי אִידְן הָאבְּן פַארְשְׁטַאנֶען, אַז אִין דִי פֶּעקְלַאךְ לִיגְן חָשׁוּבֶע זַאכְן אוּן זֵיי הָאבְּן גֶענוּמֶען טַעֲנֶה'ן:

— דִי דְרַיי הוּנְדֶערְט רוּבְּל, וָואס מִיר דַארְפְן אַייךְ גֶעבְּן הָאבְּן מִיר שׁוֹין לַאנְג אַרוֹיסְגֶענוּמֶען, דַארְפְט אִיר נָאךְ אוּנְז גֶעבְּן מַתָּנוֹת?

דֶער בַּעַל הַבַּיִת אוּן דִי בַּעַל הַבַּיִת'טֶע הָאבְּן אָבֶּער גֶעטַעֲנֶהט עַקְשָׁנוּת'דִיג:

— מִיר פַארְשְׁטֵייעֶן נִישְׁט, ווִי קֶען מֶען

קומען אַהיים אָן אַ מַתָּנָה פַאר דער הײם נאָך אַזאַ לאַנגע צײט?

זײ זײנען צוגעגאַנגען צום װאָגן און דער װאָס האָט געהאַט בײ זיך דאָס געלט האָט אַרױס גענומען דרײ הונדערט און געװאָלט געבן דעם בַּעַל הַבַּיִת.

האָט דער בַּעַל הַבַּיִת געפרעגט מַעֲשֶׂה תָּם:

— װאָס איז דאָס פַאר אַ געלט?

האָט דער סוחר געזאָגט:

— געלט פַארן פֶּסַח! מיר זײנען דאָך בײ אײך געװען פֶּסַח, מיר האָבן דאָך בײ אײך געגעסן!

האָט דער בַּעַל הַבַּיִת געזאָגט:

— װאָס װילט איהר, איך זאָל די מִצְוָה פַארקױפן פַאר געלט?

דער סוחר האָט זיך נישט געלאָזט, אָבער ער האָט גאָרנישט אױסגעפירט. דער בַּעַל הַבַּיִת האָט

קֵיין גֶעלְט בְּשׁוּם אוֹפָן נִישְׁט גֶענוּמֶען.

אֵיינֶער פוּן דִי סוֹחֲרִים הָאט גֶעפְרֶעגְט דֶעם בַּעַל הַבַּיִת:

— אוֹיבּ אִיהר ווִילְט קֵיין גֶעלְט נִישְׁט נֶעמֶען, אִיז פַּארְוָואס הָאט אִיהר דָאס גֶעלְט גֶעבֶּעטְן אוּן פַּארְוָואס זַיינְט אִיהר גֶעוֶוען אַזוֹי אַיינְגֶעעַקְשְׁנְט, וֶוען מִיר הָאבְּן אַייךְ גֶעפְרֶעגְט: אֶפְשֶׁר קֶען עֶס זַיין בִּילִיגֶער?

הָאט דֶער בַּעַל הַבַּיִת גֶעעֶנְטְפֶערְט דִי סוֹחֲרִים:

—אִיךְ הָאבּ גֶעזֶען אוֹיף אַייעֶרֶע פֶּנִימֶער, אַז אִיהר זַיינְט שְׁטִילֶע אוּן פַיינֶע מֶענְטְשְׁן. אִיךְ הָאבּ מִיר פָארְגֶעשְׁטֶעלְט, אַז אִיהר הָאט נָאךְ קֵיינְמָאל נִישְׁט גֶעזֶעסְן בַּיי אַ פְרֶעמְדְן טִישׁ אוּן אוֹיבּ אִיךְ וָואלְט בַּיי אַייךְ קֵיין גֶעלְט נִישְׁט גֶעבֶּעטְן, וָואלְט בַּיי אַייךְ דֶער פֶּסַח גֶעוֶוען אַ תִּשְׁעָה בְּאָב — אִיהר זִיצְט אוּן אִיהר עֶסְט בַּיי אַ פְרֶעמְדְן טִישׁ. אִיךְ הָאבּ דֶערִיבֶּער גֶעבֶּעטְן דֶעם פוּהלְן פְּרַייז, כְּדֵי אִיהר זָאלְט פִילְן, אַז אִיהר עֶסְט אַייעֶרֶע אֵייגֶענֶע, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ קֵיינְמָאל נִישְׁט גֶעטְרַאכְט בַּיי אַייךְ עֶפֶּעס צוּ נֶעמֶען פַאר פֶּסַח.

# בַּיים קָארִיצֶער סֵדֶר נַאכְט

צְוֵויי ווִיכְטִיגֶע זְמַנִים פון אַ עֵת רָצוֹן זַיינֶען גֶעוֶוען בַּיים צַדִיק רַבִּי פִּנְחָס קָארִיצֶער זצ״ל וֶוען מֶען הָאט גֶעזֶעהן יְשׁוּעוֹת. די צְוֵויי זְמַנִים זַיינֶען גֶעוֶוען; עֶרֶב יוֹם כִּפּוּר פַאר כָּל-נִדְרֵי און די סֵדֶר נַאכְט.

דָאס הָאבְּן גֶעוואוּסְט די זִקְנֵי הַחֲסִידִים, די וָואס זַיינֶען גָאר נָאנְט גֶעשְׁטַאנֶען צוּם רֶבִּין.

די הִימְלִישֶׁע כֹּחוֹת פון צַדִיק — פְלֶעגְן די ״אַלְטֶע״ גֶעבְּן צוּ פַארְשְׁטֵיין צוּ די ״יוּנְגֶע״ — זַיינֶען פֶערְשִׁידְן. נִישְׁט אַלֶע נִסִים וְנִפְלָאוֹת זַיינֶען גְלַייךְ און שְׁטֵייעֶן אוֹיף אֵיינֶע און די זֶעלְבֶּע מַדְרֵגָה. פִיהל זַיינֶען די מֶענְטְשְׁלִיכֶע צְרָכִים. הָאסְטוּ עֶפֶּעס אַ גֶעוֵויינְלִיכֶע בַּקָשָׁה צוּם צַדִיק, וֶועלְכֶע אִיז אִין די גְרֶענִיצְן פון דֶרֶךְ הַטֶבַע, קוּם צוּ אִיהם צוּ יֶעדְן זְמַן און דוּ וֶועסְט זִיכֶער בַּיי אִיהם

פוּעלְן. טָאמֶער פָּאדֶערְסְטוּ אָבֶער אַ זֵייעֶר וַואזְשְׁנֶעם פֶּערְלַאנְג, הָאסְטוּ עֶפֶּעס אוּמְנַאטִירְלִיכֶעס, דַאן מוּזְטוּ וַוארְטְן בִּיז דֶער רִיכְטִיגֶע גֶעלֶעגְנְהַייט, בִּיז דֶעם זְמַן וָואס דֶער צַדִיק אִיז אַ פוּלְשְׁטֶענְדִיגֶער "מוֹשֵׁל אִיבֶּער דֶער נַאטוּר". אָבֶּער דִי דָאזִיגֶע שָׁעוֹת הַכּוֹשֶׁר (גֶעלֶעגְנְהַייטְן) זַיינֶען גֶעצֵיילְטֶע, נִישְׁט מֶעהר וִוי צְוֵויי מָאל אִין יָאהר.

*

דָאס אַלְצְדִינְג, הָאט רַבִּי בֶּערֶעלֶע שָׂרָה'קֶעס גֶעלֶערְנְט אוּן גֶעוואוּסְט נָאךְ אִין זַיין פְּרִיהְסְטֶער יוּגְנְד. זַייעֶנְדִיג בֶּעגַאבְּט מִיט גְרוֹיסֶע פֶּעהִיגְקַייטְן אוּן מִיט אַ גֶעוַואלְדִיגֶע נֵייגוּנְג צוּם חֲסִידוּת, אִיז עֶר נָאךְ אִין זַיין פְּרִיהְסְטֶער יוּגְנְד גֶעוָוארְן גֶעוואוֹיר דִי טִיפֶע סוֹדוֹת פוּן צַדִיק'ס דְרָכִים. עֶר הָאט שׁוֹין דַאמָאלְס גֶעוואוּסְט, וָואס דָאס וָוארְט צַדִיק בֶּעדַייטֶעט, אַז דֶער רֶבִּי אִיז דֶער קְוַואל פוּן אֶמֶת'ן לֶעבְּן, דֶער וֶועלְטְס עַמוּד אֵשׁ, דֶער "מָאוֹר שֶׁבָּעַיִן" (דֶער שְׁוַוארְץ אַפְּל פוּן אוֹיג). זַיין אֱמוּנָה אוּן אִיבֶּערְגֶעבְּנְהַייט צוּם צַדִיק הָאט נִישְׁט גֶעוואוּסְט פוּן קֵיין גְרֶענִיץ. דִי גְרוֹיסֶע אֱמוּנָה הָאט אִיהם

אָבֶער בַאלְד גֶעבְּרַאכְט דֶעם ״מַתַּן שְׂכָרָה בְּצִדָּהּ״, דִי רִיכְטִיגֶע בֶּעלוֹינוּנְג. כָאטְש נָאךְ אַ יוּנְגֶערְמַאן, אִיז עֶר דָאךְ שׁוֹין גֶעצֵיילְט גֶעוָוארְן צְווִישְׁן דֶער מְסִבָּה פוּן צַדִיק, צְוִוישְׁן דִי זִקְנֵי הַחֲסִידִים, אוּן טַאקֶע דֶער צַדִיק גוּפָא פְלֶעגְט זִיךְ אִין אִיהם קָאכְן, מִיט אִיהם זִיךְ מִשְׁתַּעֲשֵׁעַ זַיין וִוי מִיט אַ צַאצְקֶעלֶע, אַ דָבָר יָקָר.

אוֹיב עֶס אִיז מֶעגְלִיךְ צוּ זָאגְן אוֹיף אַ מֶענְטְש אַז עֶר אִיז ״דֶערְהוֹיבְּן גֶעוָוארְן אוֹיף דִי פְלִיגְל פוּן גְלִיק״, אִיז דָאס בְּלִי סָפֵק גֶעוֶוען רַבִּי בֶּערֶעלֶע שָׂרָה׳קֶעס. דִי הַשְׁגָחָה פוּן הִימְל הָאט אִיהם גֶעלַייטְזֶעלִיגְט מִיט אַלֶע מֶענְטְשְׁלִיכֶע גְלִיקְזֶעלִיגְקַייטְן. עֶר אִיז גֶעוֶוען בֶּערִיהמְט אִין דֶער גַאנְצֶער חֲסִידִישֶׁער סְבִיבָה מִיט זַיינֶע פִיהל יְדִיעוֹת אִין ״נִגְלֶה״ וִוי אִין ״נִסְתָּר״. דֶערְצוּ אִיז עֶר גֶעוֶוען פְרוּם, אָפְּגֶעהִיטְן פוּן אַ נִדְנוּד־עֲבֵירָה. אוֹיסֶער דֶעם אִיז עֶר אוֹיךְ גֶעוֶוען גוּט אוּן אֵיידְל, עֶר אִיז דֶערִיבֶּער גֶעוֶוען דֶער לִיבְּלִינְג פוּן אַלֶע אַיינְוואוֹינֶער פוּן שְׁטָאט קָארִיץ, פוּן יֶעדְן אֵיינֶעם בֶּעטְרַאכְט גֶעוָוארְן אַלְס דֶער מוּבְחָר שֶׁבַּחֲסִידִים, דִי פֶּערְל פוּן צַדִיק׳ס נָאהֶנְטֶע מְקוּרָבִים.

אִיז קֵיין וואונְדֶער נִישְׁט וָואס דֶער שְׁטָאט־גְבִיר, רַבִּי מֵאִיר׳ל הָאט עֶס גֶעהַאלְטְן פַאר אַ זְכִיָה צוּ נֶעהמֶען דֶעם דָאזִיגְן זַיידֶענֶעם יוּנְגֶערְמַאן פַאר אַ אֵיידֶעם, גֶעבְּנְדִיג אִיהם זַיין גֶערָאטֶענֶע טָאכְטֶער אֶסְתֶּר׳ל, פַאר אַ וַוייבּ. דֶערְצוּ אוֹיךְ אַ גְרוֹיסְן נַדָן, קֶעסְט, וִוי אוֹיךְ אַנְדֶערֶע צָרְכֵי פַּרְנָסָה, אוֹיף זַיין חֶשְׁבּוֹן.

אָבֶּער דָאךְ, אַ וָואלְקְן הָאט זִיךְ בֶּעוִויזְן בַּיים גְלִיקְלִיכְן פָּאר פָּאלְק. דָאס גְלִיק אִיז דֶערִיבֶּער נִישְׁט גֶעוֶוען בִּשְׁלֵימוּת צוּלִיבּ דִי פְרַאגֶע פוּן קִינְדֶער.

דִי עֶרְשְׁטֶע עֶטְלִיכֶע יָאהר הָאט זִיךְ דָאס פָּאר פָאלְק נִישְׁט שְׁטַארְק גֶעמַאכְט דֶערְפוּן. עֶס אִיז נָאךְ צַייט, וָואס אִיז דָאס אַיילֶענִישׁ? זֵיי הָאבְּן בַּיי גֶעלֶעגְנְהַייטְן זִיךְ מַזְכִּיר גֶעוֶוען בַּיים צַדִיק, דֶערְהַאלְטְן פוּן אִיהם דִי גֶעוֵויינְלִיכֶע בְּרָכָה, אוּן כְּסֵדֶר גֶעהָאפְט, אַז מִיט דֶער צַייט וֶועט זִי אוֹיךְ מְקוּיָם וֶוערְן. אָבֶּער אַזוֹי וִוי עֶס אִיז אַוֶועק אַ מֶשֶךְ פוּן יָאהרְן אוּן עֶס הָאט זִיךְ אַלְץ נָאךְ גָאר נִישְׁט אָנְגֶעהוֹיבְּן, הָאט דֶער וָוארים פוּן פֶערְצְוֵוייפְלוּנְג אָנְגֶעהוֹיבְּן שְׁטַארְק צוּ טָאטְשֶׁען זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער

און זײַערע מוחות.

און אֶסתּער׳ל האָט עס נישט געקענט מער אַריבּערטראָגן.

— פאַרוואס שווײַגסטו, בּערעלע? פאַרוואס דערקוטשעסטו נישט דעם צדיק ער זאָל פאַר אונז מתפלל זײַן?! ווערן דאָך פון זײַנע תּפילות געהאָלפן אַ וועלט מיט מענטשן! — האָט אֶסתּער׳ל געוויינט מיט בּיטערע טרערן פאַר איהר מאַן, בּערעלע.

— השם־יתבּרך איז מײַן עדות, אַז איך האָב דיר שוין פאַר איהם מזכּיר געוועזן פיהל מאָל — האָט ער דערויף געענטפערט מיט אַ טיפן זיפץ — אָבּער וואָס איז דאָ צו טהון? די תּפילות ווערן נישט אָנגענומען, און מען טאָר דאָך נישט זײַן קיין דוחק את השעה.

— אָבּער ער קען דאָך, ווען ער וויל, ער קען און וועט אויך פועלן ווײַבּאַלד דו וועסט דיר נאָר בּײַ איהם אײַנשפּאַרן — האָט זיך אֶסתּער׳ל געהאַלטן בּײַ איהרעס.

— לָאמִיר נָאךְ וַוארְטְן. עֶס קוּמְט מִיר זֵייעֶר שְׁוֶוער אָן צוּ דֶערְקוּטְשֶׁען דֶעם צַדִיק מֶער וְוי עֶס לָאזְט זִיךְ.

— אוֹיב דוּ ווִילְסְט וַוארְטְן אוֹיף אַ נַאטִירְלִיכֶע יְשׁוּעָה אוּן וֶועסְט דִיר נִישְׁט רֶעכְט אַיינְשְׁפַּארְן בַּיים צַדִיק, דַאן הָאבּ אִיךְ מוֹרָא אַז דִי עֶרְוַוארְטֶעטֶע יְשׁוּעָה וֶועט חָלִילָה וְחַס, קֵיינְמָאל נִישְׁט קוּמֶען. שׁוֹין צֶעהן יָאהר זַיינֶען אַרִיבֶּער בִּיז הוּנְדֶערְט אוּן צְוַואנְצִיג יָאהר. דוּרְךְ דֶער גַאנְצֶער צַייט הָאט אוּנְז דֶער צַדִיק גֶעגֶעבְּן זַיינֶע בְּרָכוֹת, וֶועלְכֶע זַיינֶען אַלְץ נָאךְ נִישְׁט מְקוּיָם גֶעוָוארְן. וֵוייסְטוּ פַּארְוָואס? וַוייל עֶר טְהוּט זִיךְ נִישְׁט אָן קֵיין כּוֹחוֹת, אוּן דָאס אִיז נָאר דוּרְךְ דֶעם וָואס דוּ גֵייסְט אַלְץ מִיט תַּחֲנוּנִים אוּן ווִילְסְט אִיהם נִישְׁט דֶערְקוּטְשֶׁען. עֶס מוּז שׁוֹין אַמָאל אַ עֶק נֶעמֶען צוּ דֶער צוּשְׁטַאנְד. אִיךְ קֶען מֶעהר נִישְׁט אוֹיסְהַאלְטְן.

— אָבֶּער אִיךְ קֶען נִישְׁט. אִיךְ קֶען נִישְׁט זַיין קֵיין דוֹחֵק אֶת הַשָּׁעָה. אִיהם, זָאל לֶעבְּן, צְווִינְגֶען צוּ גֶעבְּן מִיט גֶעוַואלְד. אִיךְ קֶען נִישְׁט.

— אוֹיבּ דוּ קֶענְסְט נִישְׁט, דַאן מוּז אִיךְ דָאס

קענען. אָט קומט דער ערב יום כפור, דער עת־
רצון, איך וועל אַליין גיין צום צדיק.

*

אונאויפהערליך האבן געדרונגען די טרערן פון
דער פערוויטאגטע אסתר'ל, ווען זי איז
געשטאנען פארן צדיק אין ערב יום־כפור פאר כל־
נדרי.

— הייליגער רבי — האט זי כליפענדיג
ארויסגערעדט — איהר זיינט דאך דער קוואל פון
אלע ישועות. פארוואס זשע זיינען דוקא מיר אזא
אויסנאם? פארוואס קענען מיר נישט בעקומען פון
אייך א מקוים'דיגע ברכה? מיט וואס זיינען מיר
אזוי זינדיג, רבי הייליגער, מיט וואס?

דער צדיק האט זיך רעש'דיג אויפגעהויבן פון
זיין שטול און אנגעהויבן ארומשפאצירן אין חדר.
זיין צוזאמענגעצויגענער שטערן האט דייטליך
געצייגט, אז ער איז פערטיפט אין זיינען
געדאנקען. עס איז קלאר געווען צו זעהן, אז די
תחנונים־ווערטער פון אסתר'ל האט בעריהרט א
שמערצליכן פונקט אין דער טיפעניש פון זיין

הַארְץ.

אַ מוֹרָא׳דִיגֶע שְׁטִילְקַייט הָאט גֶעהֶערְשְׁט אִין חֵדֶר.

— הָאט רַחְמָנוּת, גְרוֹיסֶער צַדִיק. הָאט רַחְמָנוּת אוּן גִיט מִיר אַ יְשׁוּעָה! — הָאט אֶסְתֵּר׳לְס וֵויינֶענְדִיגֶער גֶעבֶּעט אוּנְטֶערְגֶעבְּרָאכְן דָאס שְׁטִילְקַייט.

— עֶס אִיז שְׁפֶּעט, עֶס אִיז צַייט צוּ גֵיין אִין שׁוּהל צוּ כָּל־נִדְרֵי — הָאט צוּ אִיהר דַאן דֶער צַדִיק גֶעזָאגְט — גֵיי אִין שׁוּהל, בֶּעט פַאר דִיר אַלֵיין אוּן זַיי מְעוֹרֵר דָאס רַחְמָנוּת פוּן דֶעם הִימְלִישְׁן בַּעַל הָרַחֲמִים. דִי שַׁעֲרֵי־רַחֲמִים זַיינֶען פַאר מִיר פֶערְשְׁלָאסְן, טָא פְּרוּבִּיר דוּ אַלֵיין. בֶּעט פַאר דִיר אוֹיס אַ גוּט גְלִיקְלִיךְ יָאהר. גֵיי אִין אַ שָׁעָה מוּצְלַחַת.

מִיט אַ צוּבְּרָאכְן הַארְץ אִיז אֶסְתֵּר׳ל אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם צַדִיק׳ס חֵדֶר, כְּדֵי דַאן צוּ גֵיין אִין שׁוּהל צוּ כָּל נִדְרֵי. דֶער צַדִיק הָאט אִיהר נִישְׁט מַבְטִיחַ גֶעוֶוען. עֶס הָאט אִיהר שְׁטַארְק וֵויי גֶעטְהוּן צוּ זֶעהן אַז אֵיין גֶעלֶעגֶנְהַייט אוֹיף וֶועלְכֶע

זי האט געלייגט איהר גרויסע האפנונג, איז אריבער אן קיין רעזולטאט. איהר הארץ איז געווען געבראכן, אבער נישט פערצווייפלט. זי האט איהר האפנונג בשום אופן נישט אויפגעגעבן. עס איז דאך נאך פערבליבן א צווייטע און א וויכטיגערע געלעגנהייט — די סדר־נאכט. דאמאלס וועט זי זיכער פועלן. דאמאלס מוז זי פועלן.

ווייל עס זיינען פארהאנען צוויי ערליי דרכים דורך וועלכע א געליבט קינד קען אויס׳פועלן ביים פאטער ער זאל איהם נאכגעבן זיינס א בקשה. פארהאנען א קינד וואס עס פועלט אלצדינג דורך וויינען און אויסבעטן. דאמאלס איז אפטמאל דער פאטער נישט ממלא דעם רצון פון קינד מיטן גאנצן הארץ. ער טהוט עס נאר, אמאל געגן זיין ווילן, כדי דאס קינד זאל אויפהערן צו וויינען און נישט האבן מעהר קיין צער.

פארהאנען אבער א קינד, וועלכעס פועלט ביים פאטער ער זאל איהם נאכגעבן זיין פערלאנג דורך שמחה. עס לאשטשעט זיך צום טאטן, ברייגט דורך דעם אריין דעם פאטער אין א גוטע

פְרֵיילִיכְע שְׁטִימוּנְג. דִי אַהֲבָה צוּם קִינְד וַואקְסְט דַאמָאלְס אִיבֶּער אַלֶע גְרֶענִיצְן. קוּקְט דַאן דֶער פָּאטֶער אִין קִינְד׳ס אוֹיגֶעלֶעךְ אַרַיין, כְּדֵי פוּן זֵיי אַרָאפְּצוּלֵייעֶנֶען דֶעם קִינְד׳ס בַּקָשָׁה, כְּדֵי אִיהם צוּ פֶערְשַׁאפְן אַ נַחַת־רוּחַ. דָאס קִינְד בֶּעקוּמְט דַאמָאלְס אַלֶע זַיינֶע וִוינְטְשׁוּנְגֶען אֵיידֶער עֶר רֶעדְט זֵיי נָאךְ רֶעכְט אַרוֹיס. אוּן גֶעגֶעבְּן וֶוערְן זֵיי אִיהם נִישְׁט אוֹיף אַ אוֹפָּן פוּן אַ מִין בְּעַל־כָּרְחוֹ, אִיבֶּער־דַאנְק, נָאר מִיטְן גַאנְצְן הַארְץ, מִיט הַרְחָבָה אוּן שִׂמְחָה.

דָאס אִיז דֶער אוּנְטֶערְשֵׁייד פוּן דֶעם צַדִיק׳ס כֹּחוֹת אִין יוֹם־כִּפּוּר אוּן אִין דֶער סֵדֶר־נַאכְט. אִין יוֹם־כִּפּוּר מוּז עֶר עֶרְשְׁט אוֹיסְבֶּעטְן, אוֹיסְוֵויינֶען, נֶעמֶען מִיט גֶעוַואלְד. אָבֶּער בַּיים סֵדֶר, וֶוען דִי הִימְלִישֶׁע וֶועלְטְן וֶוערְן פוּהל מִיט שִׂמְחָה פוּן דֶעם צַדִיק׳ס נְגִינָה הִתְעוֹרְרוּת, פּוֹעֶל׳ט עֶר בַּיים פָּאטֶער אִין הִימְל וָואס עֶר ווִיל, אָן זִיךְ אָנְטְהוּן עֶפֶּעס אַ כֹּחַ. דִי אֶמֶתֶע בְּחִינָה פוּן ״טֶרֶם יִקְרָאוּ וַאֲנִי אֶעֱנֶה״.

אֶסְתֵּר׳ל הָאט גֶעהָאפְּט אוּן גֶעוַוארְט מִיט אַ פְלַאטֶער׳דִיגֶע הַארְץ אוֹיף דֶעם קוּמֶענְדִיגְן פֶּסַח, אוֹיף דֶער גְרוֹיסֶער סֵדֶר־נַאכְט. זִי אִיז זִיכֶער גֶעוֶוען

אַז אין דעם ליל־שמורים, וועט זי דערהאַלטן פון דעם צדיק איהר לאַנג ערוואַרטעטע ישועה.

*

די סדר נאַכט פון פסח.

אויף דער הסב־בעט זיצט דער צדיק אָנגעטהון אין דעם ווייסן קיטל, מיט אַ ווייסע זײדענע יאַרמעלקע אויפן קאָפּ. בײדע, דער קיטל און די יאַרמעלקע זײנען פּאַרפּוצט מיט שײנע זילבער פאָדים, אַ רמז אויף כתר־שם־טוב. דאָס פּנים פון צדיק האָט געשײנט ווי פון אַ מלאך, אַ אָפּגלאַנץ פון דער גרויסער קדושה און הימלישע התעוררות וואָס דער צדיק פיהלט און איז משיג אין די פּסח'דיגע סדר־נאַכט.

און דער צדיק פּראַוועט מיט גרויס התלהבות דעם סדר של פּסח צוזאַמען מיט אַ מנין געהויבענע חסידים, אַלע בעלי מדריגה, וואָס האָבן געהאַט די זכיה אָנגענומען צו ווערן אַלס אורחים בײם צדיק'ס פּסח־טיש. אַרום דעם טיש שטײען די הײמישע שטאָטישע, גאָר נאָהנטע מקורבים, אויך נאָר יחידי סגולה, וועלכע האָבן

שוֹין גֶעהַאט אָפְּגֶעפְּרַאוֶועט זֵייעֶר אֵייגֶענֶעם סֵדֶר בְּחִפָּזוֹן, אִין אֵיילֶענִישׁ, אוּן זַיינֶען דַאן גֶעקוּמֶען צוּם צַדִיק הֶערְן דִי "שִׁירִים" פוּן זַיין הַגָדָה אוּן זַיין סֵדֶר־עֲבוֹדָה, בֶּעזוּנְדֶערְס אִיהם צוּ הֶערְן דֶעם סְפֶּעצִיעֶלְן "סְקַארְבָּאוֶועץ" נִיגוּן, פוּן דֶעם בַּעַל שֵׁם טוֹב אוֹיף דֶעם זֶמֶר "אַדִיר הוּא".

צְווִישְׁן דִי יְחִידֵי סְגוּלָה וָואס הָאבְּן גֶעהַאט דִי זְכִיָה צוּגֶעלָאזְט צוּ וֶוערְן צוּם סֵדֶר פוּן צַדִיק רַבִּי פִּנְחָס'ל זַיינֶען אוֹיךְ גֶעוֶועז רַבִּי בֶּערֶעלֶע אוּן זַיין ווייבּ אֶסְתֶּר'ל. קֵיין אֵיינְצִיגֶע סֵדֶר נַאכְט הָאבְּן זֵיי נִישְׁט אוֹיסְגֶעפֶּעהלְט זִינְט זֵיי הָאבְּן חֲתוּנָה גֶעהַאט צוּ זַיין בַּיים גְרוֹיסְן רֶבִּין וֶוען עֶר הָאט גֶעזוּנְגֶען דֶעם דָאזִיגְן בֶּערִיהמְטְן זֶמֶר פוּן דֶער הַגָדָה. רַבִּי בֶּערֶעלֶע פְלֶעגְט שְׁטֵיין צְווִישְׁן דִי נָאהנְטֶע מְקוֹרָבִים, הִינְטֶער דֶעם רֶבִּינְס שְׁטוּל, אוּן אֶסְתֶּר'ל ווִידֶער פְלֶעגְט זַיין אִין צְווייטְן חֶדֶר, וואוּ דִי רֶעבֶּעצְן מִיט דִי בְּנֵי בַּיִת זַיינֶען גֶעזֶעסְן. דִי טְהִיר אִיז גֶעוֶועזְן אָפְן כְּדֵי דָאס בְּנֵי בַּיִת זָאלְן קֶענֶען הֶערְן דֶעם צַדִיק'ס סֵדֶר.

אוּן גֶעקוּמֶען אִיז דֶער גְרוֹיסֶער מָאמֶענְט פוּן צַדִיק'ס סֵדֶר, דָאס זִינְגֶען פוּן זֶמֶר "אַדִיר הוּא יִבְנֶה

בֵּיתוֹ בְּקָרוֹב״.

דֶער צַדִיק און אַלֶע חֲסִידִים זִינְגֶען מִיט, דֶער רֶבִּי חַזֶר׳ט אִיבֶּער דִי עֶרְשְׁטֶע עֶטְלִיכֶע וֶוערְטֶער פון זֶמֶר פִּיהלֶע פִּיהלֶע מָאל, און פון אֵיינְמָאל צום צְוֵוייטְן פֶערְשְׁטַארְקְט זִיךְ אַלְץ מֶעהר זַיין הִתְלַהֲבוּת און דָאס זִינְגֶען וֶוערְט רַעשׁ׳דִיגֶער פון די קוֹלֵי־קוֹלוֹת. מֶען הָאט גֶעקֶענְט זֶעהן מַמֶשׁ בְּחוּשׁ, אַז דֶער צַדִיק הָאט שְׁטַארְק חֵשֶׁק אויסְצוּ׳פּוֹעלְן בַּיי הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ עֶר זָאל אויפְבּוֹיעֶן, טַאקֶע ״בִּמְהֵרָה בִּמְהֵרָה״ דָאס בֵּית הַמִקְדָשׁ.

דֶער רֶבִּי זִינְגְט, דִי חֲסִידִים הֶעלְפְן אוּנְטֶער, דָאס וַוארִימְקַייט פַארְגְרֶעסֶערְט זִיךְ, דָאס דְבֵקוּת פֶערְשְׁטַארְקְט זִיךְ מֵרֶגַע לְרֶגַע. עֶס דוּכְט זִיךְ יֶעדְן אויס אַז נִישְׁט נָאר דִי וֶוענְט, דִי כְּלֵי בַּיִת און דִי גַאנְצֶע סְבִיבָה, נָאר אויךְ דִי גַאנְצֶע וֶועלְט זִינְגְט.

בַּיי דִי וֶוערְטֶער ״אֵ־ל בְּנֵה אֵ־ל בְּנֵה בְּנֵה בֵּיתְךָ בְּקָרוֹב״ הָאט זִיךְ דֶער צַדִיק אויפְגֶעהוֹיבְּן צוּ טַאנְצְן זַיין רְקִידָה.

תֵּיכֶף הָאבְּן דִי חֲסִידִים אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ טַאנְצְן, דִי קוֹלוֹת פון זִינְגֶען און פון טַאנְצְן הָאבְּן ״בּוֹקֵעַ

רְקִיעִים״ גֶעוֶוען.

בְּאוֹתוֹ רֶגַע וֶוען דֶער צַדִיק נֶעהמְט זִיךְ צוּם טַאנְצְן, פֶּערְלָאזְן גֶעוֶויינְלִיךְ אוֹיךְ דִי בְּנֵי בַּיִת פוּן צַדִיק זֵייעֶר טִישׁ אִין זֵייעֶר חֶדֶר, קוּמֶען צוּ צוּ דֶער טְהִיר, כְּדֵי צוּ זֶעהן דִי גְרוֹיסֶע ״רְקִידָה״.

אַלֶע טַאנְצְן, מִיטְן אוֹיסְנַאם פוּן בֶּערֶעלֶע וֶועלְכֶער טַאנְצְט הַיינְט נִישְׁט מִיט. עֶר שְׁטֵייט זִיךְ אִין אַ ווִינְקֶל פוּהל מִיט צַעַר.

דָאס טַאנְצְן הָאט עֶנְדְלִיךְ אוֹיפְגֶעהֶערְט. בֶּעדֶעקְט מִיט שְׁוֵייס אוּן נָאךְ הַאלְבּ פֶּער׳דְבֵקָה׳ט, לָאזְט זִיךְ דֶער צַדִיק צְווִישְׁן צְוֵויי שׁוּרוֹת פוּן זַיינֶע חֲסִידִים צוּרִיקְצוּגֵיין צוּ זַיין שְׁטוּל בַּיים סֵדֶר־טִישׁ.

אָבֶער וָואס אִיז עֶפֶּעס גֶעשֶׁעהן?

שְׁרֶעקְלִיךְ אִיז דֶער צַדִיק אִיבֶּערְרַאשְׁט גֶעוָוארְן. דֶער דְבֵקוּת פָּאדִים אִיז פְּלוּצִים אִיבֶּערְגֶערִיסְן גֶעוָוארְן. עֶר הָאט פְּלוּצִים דֶערְהֶערְט אוֹיסְשְׁרַייעֶן מִיט אַ יָאמֶערְלִיךְ קוֹל;

— הֶעלְפְט, הֵיילִיגֶער צַדִיק! הַיינְט מוּזְט

אִיהר מִיר הֶעלְפְן! אִיךְ לָאז אַייךְ נִישְׁט אַרִיבֶּער פוּן דַאנֶען בִּיז אִיהר וֶועט מִיר נִישְׁט מַבְטִיחַ זַיין אַ יְשׁוּעָה!

— דָאס אִיז מַיין וַוייבּ "אֶסְתֵּר בַּת בֵּיילָא" — הָאט מְנֻיה וּבֵיה רַבִּי בֶּערֶעלֶע זִיךְ אַרַיינְגֶעמִישְׁט, אוֹיפְקְלֶערְנְדִיג דֶעם צַדִיק, אִין וָואס עֶס הַאנְדְלְט זִיךְ אֵייגְנְטְלִיךְ — זִי אִיז זֵייעֶר פֶערְבִּיטֶערְט, רֶבִּי, הָאט זִי דֶערִיבֶּער בֶּעשְׁלָאסְן מַפְצִיר צוּ זַיין דֶעם רֶבִּין בִּשְׁעַת דֶער "רְקִידָה" אִיהר צוּ גֶעבְּן אַ בְּרָכָה מִיט אַ הַבְטָחָה פוּן אַ יְשׁוּעָה. הָאט נִישְׁט קֵיין הַקְפָּדָה הֵיילִיגֶער צַדִיק, "אֵין אָדָם נִתְפַּס עַל צַעֲרוֹ" (מֶען דַארְף נִישְׁט בֶּעשְׁטְרָאפְט וֶוערְן פַאר אַ זַאךְ וָואס מֶען טְהוּט אִין אַ גְרוֹיסֶער פֶערְצְוֵוייפְלוּנְג).

דֶער צַדִיק הָאט זִיךְ אַבִּיסְל בֶּערוּהִיגְט אוּן דַאן זִיךְ אָנְגֶערוּפְן:

— מֶען טָאר נִישְׁט דוֹחֵק זַיין דִי שָׁעָה, מֶען טָאר נִישְׁט, פְרוּמֶע מֶענְטְשְׁן וִוי אִיהר זַיינְט. מֶען דַארְף וִויסְן אַז "כָּל מַה דְעָבִיד רַחֲמָנָא לְטַב עָבִיד" (וָואס זַיין לִיבֶּער נָאמֶען זָאל נִישְׁט טְהוּן אִיז אַלְץ צוּם גוּטְן).

— זָאל זַיין וָואס עֶס ווִיל — הָאט דִי פֶּערְבִּיטֶערְטֶע אֶסְתֵּר׳ל אוֹיסְגֶערוּפְן — אִיךְ לָאז אַייךְ, הֵיילִיגֶער רֶבִּי, נִשְׁט צוּ צוּם טִישׁ בִּיז אִיהר וֶועט מִיר נִשְׁט מַבְטִיחַ זַיין גֶעהָאלְפְן צוּ וֶוערְן מִיט אַ קִינְדֶער יְשׁוּעָה טַאקֶע אִין דֶעם יָאהר!

אַ וָואלְקְן פוּן "עַצְבוּת" הָאט זִיךְ פַּארְצוֹיגְן אוֹיפְן צַדִיק׳ס צוּרָה.

— דוֹחֶקֶת אֶת הַשָׁעָה... ווִיל נֶעהְמֶען מִיט כֹּחַ... — הָאט דַאן דֶער צַדִיק גֶעמוּרְמְלְט ווִי צוּ זִיךְ אַלֵיין. מֶען הָאט לַייכְט גֶעקֶענְט אַרָאפְּלֵייעֶנֶען פוּן צַדִיק׳ס צוּרָה דֶעם טִיפְן צַעַר פוּן זַיין הֵיילִיגְן נֶפֶשׁ.

— דוּ וֶועסְט הָאבְּן אַ קִינְד נָאךְ אִין דֶעם יָאהר! — הָאט דַאן צוּ אִיהר גֶעזָאגְט דֶער רֶבִּי קוּרְץ אוּן שַׁארְף — אוֹיבּ דוּ בִּיזְט אַיינְגֶעשְׁפַּארְט אוּן ווִילְסְט דַוְקָא, מֵהֵיכֵי תֵּיתֵי.

זִי אִיז תֵּיכֶּף אַוֶועק פוּהל מִיט פְרֵייד, זִי הָאט סוֹף כָּל סוֹף דֶערְגְרֵייכְט צוּ דֶעם וָואס זִי הָאט גֶעוָואלְט, אַ בְּפֵירוּשׁ׳דִיגֶע בְּרָכָה אוּן הַבְטָחָה פוּן צַדִיק.

דֶער צַדִיק הָאט דַאן גֶעעֶנְדִיגְט דֶעם סֵדֶר מִיט סִימָנִים פוּן בִּלְבּוּל הַדַעַת.

רַבִּי בֶּערֶעלֶע אִיז אַהֵיימְגֶעגַאנְגֶען פוּן רֶבִּינְס סֵדֶר גַאנְץ צוּרוּדֶערְט. עֶר אִיז נִישְׁט צוּפְרִידְן גֶעוֶוען מִיטְן רֶבִּינְס בְּרָכָה. עֶפֶּעס אַזוֹי טְרוּקֶן! עֶפֶּעס אַזוֹי וָואכֶעדִיג! גָאר נִישְׁט מַעֲשֶׂה בְּרָכָה. דֶער סֵדֶר פוּן דֶעם צַדִיק בַּיים גֶעבְּן אַזַא בְּרָכָה אִיז תָּמִיד גֶעוֶוען צוּ זָאגְן "זָאל דִיר הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ הֶעלְפְן צוּם לֶעבְּן אוּן צוּם גֶעזוּנְד". אָט דָאס זַיינֶען דִבּוּרִים אוּן דָאס הֵייסְט אַ בְּרָכָה. צוּ אֶסְתֶּר'ל אָבֶער הָאט עֶר פְּרָאסְט אוּן אַיינְפַאךְ גֶעזָאגְט; דוּ וֶועסְט הָאבְּן אַ קִינְד. וֶוער וֵוייסְט וָואס עֶס וֶועט זַיין?

אַזֶעלְכֶע מַחְשָׁבוֹת הָאבְּן אִיהם כְּסֵדֶר פוּן יֶענֶעם פֶּסַח אָן גֶעפְּלָאגְט אוּן שְׁטַארְק מְבַלְבֵּל גֶעוֶוען. עֶנְדְלִיךְ הָאט דִי שִׂמְחָה פוּן זַיין הַארְץ גוֹבֵר גֶעוֶוען דָאס עַצְבוּת, עֶר הָאט זִיךְ מְחַזֵק גֶעוֶוען מִיט דֶער הָאפְנוּנְג אַז הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ וֶועט אִיהם פוּן אַלֶעס בֵּייזְן אוֹיסְהִיטְן מִיטְן כֹּחַ פוּן צַדִיק.

אוּן ווירְקְלִיךְ אִיז טַאקֶע גֶעוֶוען אַזוֹי. עֶס אִיז זֵייעֶר שְׁוֶוער צוּגֶעגַאנְגֶען. רַבִּי בֶּערֶעלֶע אִיז

גֶעקוּמֶען קְלַאפְּן בַּיים רֶבִּין אַז אִיהר צוּשְׁטַאנְד אִיז זֵייעֶר שְׁוֶוער. אִיהר לֶעבְּן אִיז אִין אַ גְרוֹיסְן גֶעפַאר. דֶער קָארִיצֶער הָאט עֶנְדְלִיךְ צוּגֶעוואוּנְטְשְׁן עֶס זָאל גֵיין כְּשׁוּרָה. דַאן הָאט מֶען אִיהם גֶעוואוּנְקֶען מִיט רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אַז דֶערְפַאר וֶוערְט עֶר אָן זַיין שְׂכַר מִצְוֹת פוּן בִּיז יֶעצְט.

— מַסְכִּים — הָאט עֶר אוֹיסְגֶערוּפְן — מַעֲשִׂים טוֹבִים קֶען אִיךְ טְהוּן אַנְדֶערֶע, אָבֶער וָואס טְהוּט מֶען נִישְׁט כְּדֵי צוּ רַאטֶעוֶוען אַ אִידִישְׁן נֶפֶשׁ !

בַּאלְד דֶערוֹיף אִיז דֶער גַבַּאי אַרַיינְגֶעקוּמֶען אוּן אָנְגֶעזָאגְט דֶעם צַדִיק דִי בְּשׂוֹרָה טוֹבָה, אַז אֶסְתֶּר׳ל הָאט בְּשָׁלוֹם אוּן אָן אַ מִכְשׁוֹל גֶעבוֹירְן אַ בֵּן־זָכָר.

# װײַן בײַם צװײטן סדר

מיט פֿיהל יאָהרן צוריק האָט אין אַ צװײטן לאַנד געהערשט אַ מעכטיגער קעניג. דער קעניג איז גראַדע נישט געװען קײן שׂונא ישׂראל. אַדרבה, זײַן נאָענטסטער פֿרײַנד איז געװען דער רב פון דער אידישער קהילה אין דער הױפּט שטאָט.

דער קעניג האָט דעם רב שטאַרק געשעצט פֿאַר זײַן חכמה, גאָטספֿאַרכטיקײט, ענײװת און אַנדערע גוטע מידות. פון צײַט צו צײַט פֿלעגט דער קעניג אײַנלאַדענען דעם רב צו זיך אין פּאַלאַץ, און עס איז פֿאַר איהם געװען אַ גרױסער פֿאַרגעניגן צו שמועסן מיטן רב װעגן פֿאַרשידענע הױכע ענינים, און דערבײַ אויך באַראָטן זיך מיט איהם װעגן מלוכה אַנגעלעגנהײטן.

אַלץ װאָלט געװען גוט און פֿײַן, װען דעם קעניג׳ס װיזיר (משנה למלך) װאָלט נישט מקנא

גֶעוֶועֶן דֶעם רָב צוּלִיבּ דֶעם כָּבוֹד אוּן דֶער פְרַיינְדְשַׁאפְט וָואס דֶער קֶענִיג וַוייזְט אִיהם אַרוֹיס. דֶערְצוּ אִיז דֶער ווִיזִיר גֶעוֶועןְ סְתָם אַ שׂוֹנֵא־יִשְׂרָאֵל אוּן הָאט זִיךְ אַרוּמְגֶעטְרָאגְן מִיט בֵּייזֶע פְּלֶענֶער אוּן גְזֵירוֹת קֶעגְן דִי אִידְן, וָואס עֶר הָאט נִישְׁט גֶעקֶענְט דוּרְכְפִיהְרֶן וַוייל דֶער רָב אִיז אִיהם גֶעשְׁטַאנֶען אִין וֶועג.

אֵיינְמָאל גִיט דֶער ווִיזִיר אַ פְרֶעג דֶעם קֶענִיג, פַארְוָואס עֶר אִיז אַזוֹי בַּאפְרַיינְדֶעט מִיט דֶעם רָב.

— פַארְוָואס נִישְׁט? — עֶנְטְפֶערְט דֶער קֶענִיג — וֶוער נָאךְ אִיז אַזוֹי גֶעלֶערְנְט אוּן קְלוּג, אַזוֹי עֶרְלִיךְ אוּן בַּאשֵׁיידְן, אוּן אַזוֹי גֶעטְרַיי צוּ מִיר, ווִי דֶער רָב?

— ווִי וָואלְט גֶעוֶועןְ, אֲדוֹנִי הַמֶּלֶךְ, וֶוען אִיךְ וֶועל דִיר אִיבֶּערְצַייגְן, אַז דָאס אַלְץ אִיז נִישְׁט מֶער ווִי אַ אָנְשְׁטֶעל, אוּן אַז עֶר הַאלְט זִיךְ הֶעכֶער פוּן דֶעם קֶענִיג׳ס גֶעזֶעצְן, אוּן וֶועט זִיךְ נִישְׁט אָפְּהַאלְטְן פוּן רֵיידְן שְׁלֶעכְטְס אוֹיף דֶעם קֶענִיג?

— אִיךְ גְלוֹיבּ נִישְׁט, אַז דֶער רָב אִיז פֶּעהִיג אוֹיף דֶעם — רוּפְט זִיךְ אָפּ דֶער קֶענִיג, שׁוֹין נִישְׁט

אַזוֹי זיכֶער ווי פְריעֶר — אָבֶער אויב דו קֶענְסְט מִיר אִיבֶּערְצַייגְן, אַז עֶר אִיז פַאלְש צוּ מִיר, וֶועל אִיךְ וויסְן וָואס צוּ טְהוּן מִיט אַ פַארְרֶעטֶער. זַיי וִויסְן, מַיין טַייעֶרער ווִיזִיר, אַז דוּ שְׁפִּילְסְט זִיךְ מִיט פַייעֶר. אויבּ דַיינֶע בַּאשוּלְדִיגוּנְגֶען וֶועלְן זִיךְ אַרוֹיסְוַוייזְן אַלְס נִישְׁט בַּארֶעכְטִיגְטֶע, פַארְלִירְסְטוּ דַיין קָאפּ!

— אַ קָאפּ פַאר אַ קָאפּ! מַיין קָאפּ אָדֶער דֶעם רָב׳ס קָאפּ — עֶנְטְפֶערְט דֶער ווִיזִיר.

— אַזוֹי וֶועט עֶס זַיין! — אִיז דֶער קֶענִיג מַסְכִּים — אוּן אִיצְט זָאג מִיר נָאר, ווִי אַזוֹי וֶועסְטוּ מִיר אִיבֶּערְצַייגְן אִין דֶעם וָואס דוּ הָאסְט גֶעזָאגְט וֶועגְן רָב?

— אִיבֶּערְמָארְגְן, אֲדוֹנִי הַמֶלֶךְ, הוֹיבְּן אָן דִי אִידְן צוּ פַייעֶרְן זֵייעֶר יוֹם־טוֹב פֶּסַח, דִי עֶרְשְׁטֶע צְוֵויי נֶעכְט פְּרַאוֶועט זֵיי אַ "סֵדֶר", וֶוען זֵיי טְרִינְקֶען פִיר בֶּעכֶער מִיט וַויין אַלְס אָנְדֵיינְקוּנְג פוּן זֵייעֶר בַּאפְרַייאוּנְג פוּן פַארְשְׁקְלַאפוּנְג אִין מִצְרַיִם. אַזוֹי וִויכְטִיג אִיז בַּיי זֵיי דִי מִצְוָה פוּן טְרִינְקֶען פִיר בֶּעכֶער מִיט וַויין בַּיים סֵדֶר, אַז אַ אִיד וֶועט

פַּארְקוֹיפְן זַיין לֶעצְטֶע הֶעמְד אַבִּי צוּ הָאבְּן וַויין פַּאר דִי פִיר כּוֹסוֹת. אִיז מַיין פְּלַאן אַזוֹי: זָאל דֶער קֶענִיג אַרוֹיסְגֶעבְּן אַ בַּאפֶעל, אַז אִידְן טָארְן נִישְׁט טְרִינְקֶען קֵיין וַויין אִין דִי אַכְט טֶעג פוּן זֵייעֶר יוֹם־טוֹב פֶּסַח, וֶועסְטוּ דַאן זֶען, אַז דֶער רָב אוּן אַלֶע אִידְן וֶועלְן דִיר נִישְׁט פָאלְגְן אוּן שְׁטִילֶערְהֵייט פְּרַאוֶועןּ אַ סֵדֶר אוּן טְרִינְקֶען וַויין, אוּן וֶועלְן זִיךְ אוֹיסְלַאכְן פוּן קֶענִיג אוּן דֶערְבַּיי אוֹיךְ נִישְׁט זְשַׁאלֶעוֶוען בֵּייזֶע קְלָלוֹת...

— אוּן וִוי אַזוֹי וֶועלְן מִיר זִיךְ דֶערְוִויסְן דֶערְפוּן? אִיךְ וֶועל זִיךְ דַאן נִישְׁט פַארְלָאזְן אוֹיף דַיינֶע עֵדוּת!

— נִישְׁט נוֹיטִיג קֵיין עֵדוּת, אֲדוֹנִי הַמֶלֶךְ, מִיר בֵּיידֶע וֶועלְן דָאס צוּזֶען מִיט אוּנְזֶערֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגְן אוּן הֶערְן מִיט אוּנְזֶערֶע אֵייגֶענֶע אוֹיעֶרְן...

— וִוי אַזוֹי וֶועסְטוּ בַּאוַוייזְן אַזַא קוּנְץ?

— גַאנְץ פָּשׁוּט: דֶער רָב אִיז זִיךְ נוֹהֵג, אַז אֵיידֶער עֶר זֶעצְט זִיךְ צוּ זַיין אֵייגֶענֶעם סֵדֶר, גֵייט עֶר פְרִיעֶר בַּאזוּכְן דָאס גַאסְטְהוֹיז, וואוּ דִי קְהִילָה אָרְדְנְט אַיין אַ סֵדֶר פַאר אָרִימֶעלַייט, דוּרְכְפָארֶער

און פאַר יעדן וואָס קען נישט פּראָווען אַ סדר פאַר זיך, און דער רב פירט אָן מיט דעם דאָזיגן קהל׳שן סדר. בּמילא קענען מיר זיך פאַרשטעלן און אויסמישן צווישן דעם עולם, און קיינער וועט אונז נישט דערקענען...

— מסכּים! אָבער געדיינק, אַ קאָפּ פאַר אַ קאָפּ! — האָט דער קעניג איהם נאָכאַמאָל געוואָרנט.

דער וויזיר איז אַוועק, און דער קעניג האָט באַלד געשיקט רופן דעם רב. ווען דער רב איז דערשיינען פאַר דעם קעניג, האָט איהם דער קעניג געמאָלדן, אַז ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל וואָס פאַרבּאָט די אידן צו טרינקען וויין אין פאַרלויף פון דעם גאַנצן יום־טוב פּסח, פון דעם ערשטן סדר אָן. דער וואָס וועט עובר זיין אויף דעם פאַרבּאָט וועט באַקומען טויט־שטראָף!

דעם קעניג׳ס באַפעל האָט דעם רב שטאַרק געוואונדערט און ווי געטהון, אָבער ווײַבאַלד דער קעניגליכער באַפעל איז שוין אַרויסגעגעבן געוואָרן, איז שוין געווען אוממעגליך עפּעס צו

טְהוּן װעגְן דעם. דער רַב הָאט זִיךְ פַארְנוֹיגְט פַאר דעם קעניג און געענְטפֶערְט:

— דעם קעניג׳ס בַּאפֶעל װעט שְׁטְרֵיינְג אָפְּגעהִיט װערְן.

דער רַב הָאט בַּאלְד געהֵייסְן אוֹיסְרוּפְן אִין אַלֶע שוּהלְן און בָּתֵּי־מִדְרָשִׁים דִי פָאלְגענְדֶע מוֹדָעָה:

— אַזוֹי וִוי דעם קעניג׳ס בַּאפֶעל פַארְבָּאט אוּנְז צוּ טְרִינְקען וַויין צוּם סֵדֶר, זָאל מען פְּרַאוֶועןן דִי סְדָרִים אָן אַרְבַּע כּוֹסוֹת, אָבֶער מִיט דער זֶעלְבֶער שִׂמְחָה וִוי אַלֶע יָאהר. יעדעס מָאל וָואס לוֹיט דעם סֵדֶר פוּן הַגָּדָה דַארְף מען טְרִינְקען אַ כּוֹס וַויין, זָאל מען אוֹיפְהוֹיבְן אַ לֵיידִיגְן בֶּעכֶער און זָאגְן אַ קוּרְצֶע תְּפִילָה: ״רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! עס אִיז פַאר דִיר אַנְטְפְּלֶעקְט און בַּאוואוּסְט, אַז מִיר וִוילְן מְקַיֵים זַיין דַיינֶע מִצְוֹות מִיטְן גַאנְצְן הַארְצְן, אָבֶער אוּנְזֶער גְנֶעדִיגֶער קעניג הָאט אוּנְז פַארְבָּאטְן צוּ טְרִינְקען וַויין צוּם סֵדֶר און הָאט אַרוֹיפְגעלֵייגְט אוֹיף דעם אַ טוֹיט שְׁטְרָאף, און וִויבַּאלְד, אַז דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה לֶערְנְט אוּנְז, אַז פִּיקוּחַ נֶפֶשׁ שְׁטוּפְּט אָפּ דִי מִצְוָה

פון די אַרְבַּע כּוסות, זַיי אונְז מוחֵל פַאר נִישְׁט מְקַיֵים זַיין די דָאזִיגֶע טַייעֶרֶע מִצְוָה, און נֶעם אָן דֶעם לֵיידִיגְן כּוס פונְקְט ווי עֶר וָואלְט גֶעוֶוען פול און מִיר וָואלְטְן אויף אִיהם גֶעמַאכְט די בְּרָכָה בּורֵא פְּרִי הַגָפֶן.

*

אִין גַאסְט הויז אִיז דֶער טִישׁ גֶעוֶוען גְרֵייט צום סֵדֶר, מִיט מַצָה, מָרור און חֲרוסֶת און די אַנְדֶערֶע זַאכְן וֶועלְכֶע זַיינֶען נויטִיג פַאר דֶער קְעָרָה. די אורְחִים זַיינֶען גֶעקומֶען און הָאבְּן זִיךְ גֶעזֶעצְט אויף זֵייעֶרֶע פְּלֶעצֶער. צְוֵויי אומְבַּאקַאנְטֶע אורְחִים הָאבְּן זִיךְ אויךְ גֶעזֶעצְט בַּיים בְּרֶעג טִישׁ, און קֵיינֶער הָאט זֵיי נִישְׁט גֶעשָׁאנְקֶען קֵיין אויפְמֶערְקְזַאמְקַייט. קֵיינֶעם אִיז גֶעווִיס נִישְׁט אַיינְגֶעפַאלְן, אַז דָאס זַיינֶען דֶער קֶענִיג און זַיין וְוִיזִיר.

בַּאלְד אִיז אויךְ אַרַיינְגֶעקומֶען דֶער רָב. אַלֶע הָאבְּן זִיךְ אויפְגֶעשְׁטֶעלְט מִיט גְרויס כָּבוד. בַּאגְרִיסְנְדִיג די גֶעסְט מִיט אַ הַארְצִיגְן ״גוט־יום־טוב!״ הָאט זִיךְ דֶער רָב גֶעזֶעצְט אויבְן אָן בַּיים טִישׁ.

אַזוֹי ווי דֶער פֶּסַח הוֹיבְּט זִיךְ אָן מִיט קַדֵש, הָאט דֶער רָב דֶערְמָאנְט דִי אוֹרְחִים וֶועגְן דֶעם קֶענִיגְלִיכְן בַּאפֶעל.

— עֶס אִיז דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל וָואס אוּנְזֶער גְנֶעדִיגֶער קֶענִיג הָאט אַרוֹיסְגֶעגֶעבְּן אַ גְזֵירָה וָואס פַארְבָּאט אוּנְז צוּ טְרִינְקֶען וַויין דֶעם פֶּסַח. מְמֵילָא קֶענֶען מִיר נִישְׁט מַאכְן קִידוּשׁ אוֹיף וַויין אוּן אוֹיךְ נִישְׁט מְקַיֵים זַיין דִי מִצְוָה פוּן דִי כּוֹסוֹת, דֶערִיבֶּער וֶועלְן מִיר אוֹיפְהוֹיבְּן לֵיידִיגֶע כּוֹסוֹת אוּן זָאגְן דִי קוּרְצֶע תְּפִילָה: רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם א.א.וו. אוּן דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער וֶועט אוּנְז זִיכֶער מוֹחֵל זַיין אוּן אָנְנֶעמֶען אוּנְזֶער תְּפִילָה פּוּנְקְט ווִי מִיר וָואלְטְן מְקַיֵים זַיין דִי מִצְוָה בְּפוֹעַל מַמֶשׁ...

דֶער עוֹלָם הָאט פּוּנְקְטְלַאךְ דוּרְכְגֶעפִירְט דֶעם רָב׳ס אָנְוַוייזוּנְגֶען, אוּן מֶען הָאט פָארְגֶעזֶעצְט דֶעם סֵדֶר אוּן גֶעזָאגְט דִי הַגָדָה מִיט גְרוֹיס שִׂמְחָה אוּן בַּאגַייסְטֶערוּנְג. דֶערְנָאךְ הָאט מֶען סֶערְוִוירְט אַ שֵׁיינֶעם יוֹם־טוֹב׳דִיגְן מָאלְצַייט אִין אַ גֶעהוֹיבֶּענֶע שְׁטִימוּנְג.

דֶער קֶענִיג אוּן זַיין ווִיזִיר הָאבְּן כְּלוֹמֶרְשְׁט

נָאכְגֶעטְהוּן וָואס דִי אַנְדֶערֶע אוֹרְחִים הָאבְּן גֶעטְהוּן. פִיר מָאל הָאבְּן זֵיי גֶעהֶערְט דִי דֶערְמָאנְטֶע תְּפִילָה, אוּן יֶעדְן מָאל הָאט זִיךְ דֶער פַארְשְׁטֶעלְטֶער קֶענִיג שְׁטַארְק גֶעפְרֵייט אִין הַארְצְן. דֶער גַאנְצֶער סֵדֶר הָאט אוֹיף אִיהם גֶעמַאכְט אַ טִיפְן אַיינְדְרוּק, אוּן עֶר הָאט סְפֶּעצִיֶעל הֲנָאָה גֶעהַאט פוּן דֶעם שֵׁיינֶעם מָאלְצַייט. בְּלוֹיז אֵיינֶער צְווִישְׁן אַלֶע אָנְוֶועזֶנְדֶע הָאט זִיךְ גֶעפִילְט זֵייעֶר נִישְׁט גוּט. עֶר אִיז גֶעזֶעסְן וִוי אַ אָבֵל צְווִישְׁן חֲתַנִים, וִוי אֵיינֶער וָואס אִיז פַארְאוּרְטֵיילְט גֶעוָוארְן צוּם טוֹיט... דָאס אִיז גֶעוֶוען דֶער וִוִיזִיר.

*

דֶער "יוֹם־הַדִין" פַאר דֶעם וִוִיזִיר אִיז גֶעקוּמֶען בַּאלְד אוֹיף מָארְגְן. אוֹיף דֶעם קֶענִיג'ס אַיינְלַאדוּנְג אִיז דֶער רָב גֶעקוּמֶען צוּם קֶענִיג, מֵיינֶענְדִיג אַז דֶער קֶענִיג הָאט אִיהם אַיינְגֶעלַאדְנְט צוּ אַ גֶעמִיטְלִיכְן שְׁמוּעֶס, וִוי אַלֶעמָאל. וִוי אִיבֶּערְרַאשְׁט אִיז עֶר גֶעוָוארְן זֶעהֶענְדִיג אוֹיף דֶעם וִוִיזִיר, אוּן דֶערְצוּ נָאךְ אַ בְּלַאסְן אוּן דֶערְשְׁרָאקֶענֶעם.

דֶער קֶענִיג הָאט זִיךְ גֶעוֶוענְדֶערְט צוּם רָב:

— מַיין טַייעֶרער און גֶעשֶׁעצְטֶער פְּרַיינְט!
אִיךְ וֶועל דִיר אוֹיסְזָאגְן אַ סוֹד. אִיךְ און מַיין וְוִיזִיר הָאבְּן נֶעכְטְן בַּיינַאכְט בַּייגֶעוואוּינְט דֶעם עֶרְשְׁטְן סֵדֶר אִין אַייעֶר גַאסְטְהוֹיז. מִיר זַיינֶען, פַארְשְׁטֵייט זִיךְ, גֶעוֶוען פַארְשְׁטֶעלְט, און גֶעקוּמֶען זַיינֶען מִיר צוּ זֶען אוֹיבּ אִיהר וֶועט אָפְּהִיטְן מַיין בַּאפֶעל. מַיין נַארִישֶׁער ווִיזִיר, וֶועמֶענְס הַארְץ וֶוערְט צוּפְּרֶעסְט פוּן קִנְאָה און שִׂנְאָה צוּ דִיר און דַיינֶע בְּרִידֶער, הָאט אַיינְגֶעשְׁטֶעלְט זַיין קָאפּ, הָאפְּנְדִיג צוּ אִיבֶּערְצַייגְן מִיר, אַז זַיינֶע בַּאשׁוּלְדִיגוּנְגֶען זַיינֶען בַּארֶעכְטִיגְטֶע. עֶס פְרֵייט מִיר וָואס עֶר אִיז מִיאוּס דוּרְכְגֶעפַאלְן. אִיצְט אִיז בְּלוֹיז אַ פְרַאגֶע, וָואס פַאר אַ טוֹיט אוֹיסְצוּקְלַייבְּן פַאר דֶעם דָאזִיגְן בֵּייזְן הוּנְט, און דָאס לָאז אִיךְ אִיבֶּער צוּ דִיר!

— "אֲדוֹנִי הַמֶלֶךְ" — הָאט דֶער רָב גֶעעֶנְטְפֶערְט, — זִינְט דֶעם חוּרְבָּן פוּן אוּנְזֶער בֵּית־הַמִקְדָשׁ אִין יְרוּשָׁלַיִם, הָאט קֵיין רָב אָדֶער בֵּית־דִין נִישְׁט קֵיין רֶעכְט צוּ פַאר'מִשְׁפָּט'ן אַ מֶענְטְשׁ צוּם טוֹיט.

— אוֹיבּ אַזוֹי וֶועל אִיךְ אִיהם מִשְׁפָּט'ן וְוִי עֶר הָאט זִיךְ אַלֵיין פַאר'מִשְׁפָּט — הָאט דֶער קֶענִיג

גֶעזָאגְט. — אִין דְרַיי טֶעג אַרוּם וֶועט מֶען אִיהם אוֹיפְהֶיינְגֶען פַאר אַלֶעמֶען אִין דִי אוֹיגְן אוּן עֶס וֶועט זַיין אַ מוּסַר־הַשְׂכֵּל פַאר אַלֶעמֶען!

נָאכְדֶעם וִוי מֶען הָאט אַרוֹיסְגֶעפִירְט דֶעם ווִיזִיר גֶעשְׁמִידְט אִין קֵייטְן, הָאט דֶער קֶענִיג גֶעזָאגְט צוּם רָב:

— קֶענְסְט מִיטְטֵיילְן אַלֶע אִידְן, אַז מַיין פַארְבָּאט צוּ טְרִינְקֶען וַויין אִיז צוּרִיקְגֶעצוֹיגְן גֶעוָוארְן. גִיב אִיבֶּער דַיינֶע בְּרִידֶער מַיין הַארְצִיקְן וואוּנְטְשׁ פַאר אַ פְרֵיילִיכְן יוֹם־טוֹב!

דִי פְרֵיילִיכֶע בְּשׂוּרָה הָאט זִיךְ שְׁנֶעל פַארְשְׁפְרֵייט צְווִישְׁן דִי אִידְן אוּן צוּם צְוֵוייטְן סֵדֶר הָאט מֶען אוֹיךְ מְקַיֵים גֶעוֶוען דִי טַייעֶרֶע מִצְוָה פוּן דִי אַרְבַּע כּוֹסוֹת מִיט אוֹיסֶערְגֶעוֵוינְלִיכֶע פְרֵייד, אוּן גֶעפְרֵייט הָאט מֶען זִיךְ נִישְׁט נָאר מִיט דֶער פִירְפַאכִיקֶע גְאוּלָה פוּן גָלוּת מִצְרַיִם, נָאר אוֹיךְ מִיט דֶעם וָואס מֶען אִיז אוֹיסְגֶעלֵייזְט גֶעוָוארְן פוּן דֶעם גְרוֹיזַאמֶען רָשָׁע, דֶעם ווִיזִיר. עֶס אִיז גֶעוֶוען דֶער פְרֵיילִיכְסְטֶער סֵדֶר אִין זֵייעֶר לֶעבְּן.

# דֶערְצֵיילְן פַאר דִי קִינְדֶער

רַבִּי נָחוּם אִיז גֶעוֶוען אַ חָשׁוּבֶער יוּנְגֶערְמַאן, נָאךְ אַלְס בָּחוּר הָאט עֶר זִיךְ גֶערֶעכְנְט פוּן דִי בֶּעסְטֶע בַּחוּרִים אִין שְׁטִיבְּל. עֶר אִיז גֶעוֶוען אַ מַתְמִיד אוּן אַ גְרוֹיסֶער יְרֵא שָׁמַיִם, אוּן דֶער צוּקוּנְפְט אִיז גֶעוֶוען אָפְן פַאר אִיהם. נָאךְ זַיין חֲתוּנָה וֶוען עֶר אִיז שׁוֹין גֶעוָוארְן אַ זַיידֶענֶער יוּנְגֶערְמַאן, הָאט עֶר כִּמְעַט וְוִי אָנְגֶעפִּיהרְט מִיט דִי שְׁטִיבְּל יוּנְגֶעלַייט אוּן אַלֶע הָאבְּן אִיהם זֵייעֶר גֶעעֶהרְט.

דֶער שְׁוֶוער הָאט אִיהם צוּגֶעזָאגְט פִינְף יָאהר קֶעסְט, אוּן רַבִּי נָחוּם — וְוִי אַלֶע הָאבְּן אִיהם גֶערוּפְן אִין שְׁטֶעטְל — הָאט דֶעם גַאנְצְן טָאג פַארְבְּרֵיינְגְט עַל הַתּוֹרָה וְעַל הָעֲבוֹדָה.

גֶעוָואלְט הָאט עֶר לֶעבְּן רוּהִיג, אוּן זֶעהן נַחַת פוּן זַיין הוֹיז. אָבֶער לַיידֶער הָאט מֶען פוּן הִימְל

אַנְדֶערְשׁ גֶעוָואלְט. דֶער עֶרְשְׁטֶער יָאהר נָאךְ דֶער חֲתוּנָה אִיז שׁוֹין אַרִיבֶּער, אַלֶע חַבֶרְטֶעס וֶועלְכֶע הָאבְּן חֲתוּנָה גֶעהַאט אִין אֵיין צַייט הָאבְּן זִיךְ שׁוֹין אַרוּמְגֶעפָּארֶעט אַרוּם דִי קְלֵיינֶע קִינְדֶער אוּן בַּיי רַבִּי נָחוּם מִיט קְרֵיינְדְלֶען הֶערְט זִיךְ גָארְנִישְׁט.

רַבִּי נָחוּם אַלֵיין הָאט זִיךְ דֶערְפוּן כִּמְעַט נִישְׁט וִויסְנְדִיג גֶעמַאכְט. עֶר אִיז גֶעוֶוען צוּ שְׁטַארְק פַארְנוּמֶען מִיטְן לֶערְנֶען, עֶר זָאל הָאבְּן צַייט דֶערְפוּן אֲפִילוּ צוּ טְרַאכְטְן. אִין שְׁטוּבּ אִיז עֶר גֶעוֶוען אַזוֹי וִוי אַ גַאסְט. אַרַיינְגֶעכַאפְּט זִיךְ אִינְדֶערְפְרִי עֶפֶּעס אָנְבַּייסְן אוּן דֶערְנָאךְ בַּאלְד גֶעלָאפְן אִין שְׁטִיבְּל וואוּ עֶר הָאט גֶעלֶערְנְט מִיט גְרוֹיס הַתְמָדָה. אוֹיךְ מִיטָאג אִיז עֶר נִישְׁט מֶעהר וִוי אַ קוּרְצֶע וַויילֶע גֶעוֶוען אִין שְׁטוּבּ, אוּן וֶוען עֶר פְלֶעגְט קוּמֶען אַהֵיים בַּיינַאכְט אִיז שׁוֹין זַיין וַוייבּ לַאנְג גֶעשְׁלָאפְן.

*

דֶער צְוֵוייטֶער יָאהר אִיז אוֹיךְ אַרִיבֶּער אוּן רַבִּי נָחוּם הָאט נָאךְ אַלְץ קֵיין קִינְדֶער נִישְׁט גֶעהַאט. קֵיין שְׁמוּעֶס וֶועגְן דֶעם אִיז נָאךְ נִישְׁט

פָארגֶעקומֶען צְווישְׁן דֶעם פָּאר פָאלְק, כָאטְשׁ דִי שְׁכֵנוֹת און סְתַּם רְכִילוּת־וַוייבֶּער הָאבְּן דָא גֶעפונֶען אַ אָרְט צו פְּלוידֶערְן, כְּלוֹמֶר׳שְׁט אַלְס רַחְמָנוּת.

וֶוען עֶס אִיז שׁוֹין אָבֶּער אַרִיבֶּער אוֹיףְ דֶער דְרִיטֶער יָאהר און עֶס אִיז גָאר קֵיין עֶנְדֶערוּנְג נִישְׁט גֶעוֶוען, הָאבְּן "גוּטֶע פְרַיינְד" זִיךְ גֶענוּמֶען אַרַיינְלֵייגְן און זִיךְ מִישְׁן וואו מֶען דַארְף זֵיי נִישְׁט. מֶען הָאט אָנְגֶערֵייצְט דִי שְׁוִויגֶער, דִי מוּטֶער פון רַבִּי נָחוּם׳עְן, זִי זָאל ווירְקְן אוֹיף רַבִּי נָחוּם׳עְן, עֶר זָאל וָואס גִיכֶער אָפְּשְׁנַיידְן, "פַּאר זַיין טוֹבָה וֶועגְן" אֵיידֶער עֶס וֶוערְט צו שְׁפֶּעט, וֶוען עֶר וֶועט שׁוֹין זַיין אִין דִי הֶעכֶערֶע יָאהרְן.

דִי שְׁוִויגֶער, אַ פְּשׁוּטֶע אִידֶענֶע, הָאט פִיהל מִתְפַּלֵל גֶעוֶוען צוּם אוֹיבֶּערְשְׁטְן און אוֹיסְגֶעגָאסְן אִיהר הַארְץ אַז אִיהר זוּהן זָאל גֶעהָאלְפְן וֶוערְן, אָבֶּער זֶעהֶענְדִיג אַז קֵיין הִילְף אִיז נָאךְ נִישְׁט גֶעקוּמֶען, הָאט זִי זִיךְ גֶעלָאזְט אַיינְרֶעדְן און גֶענוּמֶען פָּאדֶערְן פון אִיהר זוּהן עֶר זָאל וָואס גִיכֶער אָפְּגֶעטְן זַיין וַוייבּ.

דִי שְׁנוּר, דֶערְווִיסְנְדִיג זִיךְ פוּן דִי אַלֶע

רײדעראײען איז געװארן זײער צובראכן דערפון און אין א טאג, װען איהר מאן איז אהײם געקומען עפעס איבערכאפן, האט זי זיך מעהר נישט געקענט אײנהאלטן און מיט טרערן אין די אויגן װעלכע האבן זיך געגאסן אן אויפהער, האט זי אויסגעגאסן פאר איהר מאן איהר ביטער הארץ, װי מען באערדט איהר פון אלע זײטן, מען טײטלט אויף איהר מיטן פינגער, װי זי װאלט געװען אין עפעס שולדיג, און טאמער איז דאס נאך װײניג, קומט נאך די שװיגער און שיט זאלץ אויף די װאונדן.

רבי נחום איז ערשיטערט געװארן. ער איז געװען אזוי פארטהון אין לערנען, אז ער האט פון דעם אלעס גארנישט געװאוסט. ער האט גענומען טרײסטן זײן װײב און איהר ערמוטיגן, זי זאל זיך פארלאזן אויפן אויבערשטן און האבן בטחון אז ער װעט זײ ענדליך העלפן מיט א שמחה, אזוי װי ער האט געהאלפן פאר אונזערע מוטערס. לאמיר זיך נישט מאכן װיסנדיג און נישט נעמען צום הארצן פון די אלע פלוידעראײען און רכילות־רײד װעלכע מען טראגט ארום זײ, דאס קען סײ װי

נִישְׁט שַׁאדְן אוּן זֵיי קֶענֶען קֵיין שׁוּם שְׁלֶעכְטְס נִישְׁט טְהוּן.

דִי טְרֵייסְט רֵייד פוּן רַבִּי נָחוּם׳עְן הָאבְּן גֶעווירְקְט אוֹיף קְרֵיינְדְלֶען אוּן זִי אִיז גֶעוָוארְן בַּארוּהִיגְט. אוֹיךְ זַיין מוּטֶער, הֶערְנְדִיג פוּן אִיהר זוּהן אַז עֶר קְלֶערְט גָארְנִישְׁט צוּ עֶנְדֶערְן זַיין בַּאצִיהוּנְג צוּ זַיין וַוייבּ, וֶועלְכֶע אִיז גֶעוֶועזְן אַ עֶרְלִיכֶע אוּן כָּשֶׁרֶע פְרוֹי אוּן עֶר שְׁפִּירְט אוֹיךְ אִיהר וֵוייטָאג, הָאט זִי אוֹיף זִיךְ גֶענוּמֶען זִיךְ צוּ בַּאצִיהֶען אַנְדֶערְשׁ צוּ אִיהר שְׁנוּר, אִיהר טְרֵייסְטְן אוּן מוּטִיגְן אוּן אוֹיךְ מִתְפַּלֵל זַיין פַאר אִיהר צוּם אוֹיבֶּערְשְׁטְן.

*

וֶוען עֶס אִיז אַרִיבֶּער נָאךְ אַ יָאהר אוּן קֵיין שׁוּם עֶנְדֶערוּנְג צוּם גוּטְן אִיז נִישְׁט גֶעקוּמֶען בַּיים פָּאר פָּאלְק, הָאבְּן דִי עֶלְטֶערְן פוּן בֵּיידֶע צְדָדִים, וְוִי אוֹיךְ רַבִּי נָחוּם׳ס חֲבֵרִים אִיהם צוּגֶערֶעדְט עֶר זָאל פָאהרְן קֵיין ווִיזְשְׁנִיץ, צוּם צַדִיק רַבִּי יִשְׂרָאֵל זצ״ל, בַּיי וֶועלְכְן פִיהל זַיינֶען גֶעהָאלְפְן גֶעוָוארְן פוּן זַיינֶע בְּרָכוֹת אוּן תְּפִלּוֹת.

אַ וואָך פאַר פֶּסַח, די הֲכָנוֹת צום יום טוב גֵייט אִין פוהלְן טֶעמְפָּא, אַלֶע זַיינֶען פאַרנומֶען צו רֵייניגְן און צוגְרֵייטְן די הַייזֶער לְכָבוֹד פֶּסַח. מִיט אַמָאל קומְט מֶען צו רַבִּי נָחוּם׳ען מִיט אַ ווִיכְטִיגֶע יְדִיעָה: רַבִּי שְׁמוּאֵל, דֶער גְבִיר פון שְׁטֶעטְל פָאהרְט צום רֶבִּין קֵיין ווִיזְשְׁנִיץ. אִין צְוֵויי טֶעג אַרום לָאזְט עֶר זִיךְ אִין וֶועג. עֶר וֶועט פַייעֶרְן דֶעם יום טוב פֶּסַח אִין דֶעם גֶעגְנַוואַרְט פון צַדִיק, און אַזוֹי ווִי עֶר ווֵייס אַז רַבִּי נָחוּם חַלְשְׁט צו פָאהרְן צום רֶבִּין און עֶס הָאט זִיךְ אִיהם בִּיז אִיצְט נִישְׁט גֶעמַאכְט קֵיין גֶעלֶעגְנְהַייט, דֶערִיבֶּער לֵייגְט עֶר אִיהם פָאר, עֶר זָאל מִיט אִיהם מִיטְפָאהרְן און עֶר ווֶעט אִיהם מְקַרֵב זַיין בַּיים רֶבִּין.

זֵייעֶר שְׁוֶוער אִיז גֶעוֶוען בַּיי רַבִּי נָחוּמ׳ען צו בַּאשְׁלִיסְן, פַארְלָאזְן זַיין שְׁטוּבּ אִין סַאמֶע עֶרֶב פֶּסַח און אִיבֶּערְלָאזְן זַיין ווַייבּ אַלֵיין, אָבֶּער ווִי קֶען מֶען אַזַא גֶעלֶעגְנְהַייט פַארְפַּאסְן. און גֶעבְּלִיבְּן אִיז אַז רַבִּי נָחוּם פָאהרְט.

אִין אַ גוּטֶע שָׁעָה אִיז רַבִּי נָחוּם אַרוֹיסְגֶעפָאהרְן צום רֶבִּין קֵיין ווִיזְשְׁנִיץ. די פַאמִילְיֶע און גוּטֶע פְרַיינְד הָאבְּן אִיהם בַּאגְלֵייט

בִּיז אִין דְרוֹיסְן פוּן שְׁטֶעטְל אוּן גֶעוַוארְט בִּיז דֶער וָואגְן אִיז פַארְשְׁווֹאוּנְדְן גֶעוָוארְן פוּן זֵייעֶרֶע אוֹיגְן.

רַבִּי שְׁמוּאֵל פָּאהרְט זֵייעֶר אָפְּט צוּלִיב זַיינֶע גֶעשֶׁעפְטְן. עֶר אִיז שׁוֹין גוּט בַּאהַאוְונְט אִין דִי וֶועגְן, הָאט עֶר צוּגֶעזֶעהן רַבִּי נָחוּמֶ׳עְן עֶר זָאל זִיךְ פִיהלְן גוּט אוֹיפְן וֶועג. עֶר הָאט אִיהם אוֹיךְ צוּגֶעוואוּנְטְשְׁן, עֶר זָאל בַּאגְלִיקְן אִין זַיין וֶועג, אוּן דֶער עִיקָר עֶר זָאל קֶענֶען אוֹיפְנֶעמֶען דֶעם רֶבִּינְס בְּרָכָה.

קֵיין וִיזְשְׁנִ׳ץ זַיינֶען זֵיי אָנְגֶעקוּמֶען פּוּנְקְט עֶרֶב פֶּסַח. קוֹים וָואס זֵיי הָאבְּן בַּאקוּמֶען אַ אַכְסַנְיָא וואוּ אַיינְצוּשְׁטֵיין. זֵיי הָאבְּן בַּאשְׁטֶעלְט עֶסְן אוֹיף יוֹם טוֹב אוּן קוֹים וָואס זֵיי זַיינֶען צוּרִיקְגֶעקוּמֶען פוּן בֵּית הַמֶּרְחָץ אִיז שׁוֹין דִי נַאכְט צוּגֶעפַאלְן. זֵיי הָאבְּן זִיךְ יוֹם טוֹב׳דִיג גֶעקְלֵיידֶעט אוּן בַּאלְד גֶעלָאפְן אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ.

דִי שׁוּל אִיז גֶעוֶוען אִיבֶּערְפוּהלְט מִיט מֶענְטְשְׁן, אַלֶעס הָאט גֶעבְּלַאשְׁקֶעט אוּן גֶעלוֹיכְטְן. דֶער עוֹלָם גֶעקְלֵיידֶעט מִיט נַייעֶ גְלַאנְצֶעדִיגֶע קַאפָּאטֶעס, וַוייסֶע זָאקְן. דֶער אַיינְדְרוּק אִיז גֶעוֶוען

זֵייעֶר שְׁטַארְק, אַ גֶעהוֹיבֶּענֶע אַטְמָאסְפֶער. אַלֶעמֶענְס אוֹיגְן זַיינֶען גֶעוֶוענְדֶערְט צוּ אֵיין פּוּנְקְט — צוּ דֶעם רֶבִּינְס גֶעשְׁטַאלְט וֶועלְכֶער שְׁטֵייט בַּיי דֶער מִזְרַח וַואנְט. דֶער עוֹלָם דְרִיקְט זִיךְ נֶענְטֶער צוּ יֶענֶעם פּוּנְקְט כְּדֵי צוּ נֶעמֶען שָׁלוֹם פוּן רֶבִּין. אוֹיךְ רַבִּי שְׁמוּאֵל מִיט רַבִּי נָחוּמֶ׳ען דְרִיקְן זִיךְ צוּ יֶענֶעם רִיכְטוּנְג אוּן נָאךְ גְרוֹיס מִיה אִיז זֵיי גֶעלוּנְגֶען צוּ גֶעבְן שָׁלוֹם דֶעם רֶבִּין, אָבֶּער קֵיין וָוארְט נִישְׁט גֶעקֶענְט אַרוֹיסְרֶעדְן צוּלִיב דִי שְׁפֶּעטֶע שָׁעָה.

דֶער דַאוְונֶען אִיז גֶעוֶוען אוֹיפְן וִויזְשְׁנִיצֶער נוּסַח, מִיט גֶעשְׁמַאק, מִיט חִיוּת, לֶעבֶּעדִיג, אוּן דֶער צַדִיק בַּאשֵׁיינְט דֶעם גַאנְצְן בֵּית מִדְרָשׁ, דֶער מִזְרַח אִיז אוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט פוּן דִי קִינְדֶער אוּן פַּאמִילְיֶע אוּן פוּן דָארְטְן שְׁטְרַאלְט אִיבֶּער דֶעם גַאנְצְן בֵּית מִדְרָשׁ.

נָאכְן דַאוְונֶען, מִיטְן גוּט יוֹם טוֹב וִוינְטְשְׁן, זַיינֶען אַלֶע שְׁטָאטִישֶׁע אַהֵיים גֶעגַאנְגֶען נָאר דִי גֶעסְט זַיינֶען גֶעבְּלִיבְּן בַּיים רֶבִּין, צְווִישְׁן זֵיי אוֹיךְ רַבִּי שְׁמוּאֵל מִיט רַבִּי נָחוּמֶ׳ען. רַבִּי נָחוּם הָאט גֶעשְׁטַאמְט פוּן אַ שְׁטוּב וֶועלְכֶע זַיינֶען גֶעוֶוען הוֹילֶע וִויזְשְׁנִיצֶער חֲסִידִים, עֶר הָאט זִיךְ פִיהל

אָנְגֶעהֶערְט אוֹיף דֶעם צַדִיק אָבֶער לַיידֶער הָאט עֶר בִּיז יֶעצְט נִישְׁט גֶעהַאט דִי זְכִיָה אִיהם צוּ זֶעהן. עֶר אִיז יֶעצְט גֶעוֶועןְ גְלִיקְלַאךְ, מַמֶשׁ בִּיזְן הִימְל. וֶוען עֶר הָאט דִי זְכִיָה זִיךְ צוּ גֶעפִינֶען אִין אֵיין מְחִיצָה מִיטְן צַדִיק אוּן אַיינְזַאפְּן אִין זִיךְ פוּן זַיין תּוֹרָה אוּן קְדוּשָׁה.

דֶער עוֹלָם זֶעצְט זִיךְ צוּ דִי טִישְׁן אִין בֵּית מִדְרָשׁ אוּן רַבִּי נָחוּם אִין זְכוּת פוּן זַיין בַּאגְלֵייטֶער רַבִּי שְׁמוּאֵל בַּאקוּמְט אַ אָרְט נָאהנְט צוּם רֶבִּין. עֶר נֶעמְט נִישְׁט אַרָאפּ דִי אוֹיגְן פוּן צַדִיק. יֶעדֶע בַּאוֶועגוּנְג, יֶעדֶעס וָוארְט פַארְנֶעמְט בַּיי אִיהם אַ הוֹיכְן אָרְט, עֶר דֶערְמַאנְט זִיךְ דֶעם צְוֶועק צוּלִיב וֶועלְכְן עֶר אִיז אַהֶער גֶעקוּמֶען אוּן עֶר עֶרְגֶערְט זִיךְ פַארְוָואס עֶר הָאט נָאךְ נִישְׁט אוֹיסְפִּיעֶט אוֹיסְצוּרֶעדְן אַ וָוארְט מִיטְן צַדִיק.

דֶער סֵדֶר הָאט זִיךְ פַארְצוֹיגְן בִּיז שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט. דֶער אַיינְדְרוּק אִיז גְרוֹיס. פִיהל, זֵייעֶר פִיהל וֶועט רַבִּי נָחוּם הָאבְּן צוּ דֶערְצֵיילְן פַאר זַיין וַוייבּ אוּן דִי שְׁטֶעטְלְשֶׁע אִידְן פוּן דֶעם אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גֶעזֶעהן אוּן מִיטְגֶעלֶעבְּט בַּיים יֶעצְטִיגְן סֵדֶר, עֶר גֶעפִינְט זִיךְ יֶעצְט אִין זִיבֶּעטְן הִימְל פוּן דִי

פיהל איינדרוקן וואס ער האט אין זיך איינגעזאפט. דאך האט ער נישט פארגעסן וואס ער האט דא צו טהון, ער האט גענומען צווייפלען צו ער וועט זיך קענען טרעפן מיטן רבין צווישן פיהר אויגן, אין דער צייט וואס דער רבי איז ארומגערינגלט מיט חסידים און מען קען גאר נישט צוקומען צו איהם. דאגעגן מוצאי יום טוב מוז ער גלייך זיך לאזן אין וועג, ווייל רבי שמואל, זיין באגלייטער, מוז צוליב זיינע געשעפטן זיך טרעפן מיט איניגע סוחרים שוין דעם ערשטן טאג חול המועד.

דער פריהמארגן קומט שוין באלד אונטער, דער עולם הויבט אן ארויסצוגיין פון בית המדרש. אנדערע ווילן נאך אויסשפיען צו כאפן א דרעמל, אנדערע זיך אפרוהען אביסל, דער געדריינג איז זייער גרויס, אויך רבי נחום ווערט מיטגעשלעפט מיט די מאסע. ער וואלט זייער געוואלט צוגיין נענטער צום רבין, אבער ער ווערט אוועקגעשליידערט העט ווייט, ער זעהט נישט קיין האפענונג צו שמועסן מיטן צדיק.

דער צדיק דערנענטערט זיך צו די טהיר אויפן

װעג צום דְרוֹיסְן, מִיט אַמָאל גִיט עֶר זִיךְ אַ שְׁטֶעל אָפּ און אוּנְטֶער אִיהם שְׁטֶעלְט זִיךְ אָפּ דִי גַאנְצֶע מַאסֶע. דֶער צַדִיק נֶעמְט שְׁפַּאנֶען אוֹיף רֶעכְטְס צוּ דֶעם רִיכְטוּנְג וואוּ רַבִּי נָחוּם גֶעפִינְט זִיךְ, עֶס װֶערְט אַ פְּלַאץ קוֹים אַ דוּרְךְ צוּ גֵיין. דֶער עוֹלָם שְׁטֵייט פַארְוואוּנְדֶערְט און וֵייס נִישְׁט וואוּהִין דֶער רֶבִּי גֵייט. דֶער צַדִיק גֵייט צוּ דִירֶעקְט צוּ רַבִּי נָחוּמ׳עָן, גִיט אִיהם אַ קְלַאפּ אוֹיפְן פְּלֵייצֶע און זָאגְט גֶעמִיטְלִיךְ:

— נוּ, נָחוּם, וָואס פַּאר אַ אַיינְדְרוּק הָאט אוֹיף דִיר גֶעמַאכְט דֶער סֶדֶר! אִיךְ הָאף אַז דוּ װֶעסְט הָאבְּן פִיהל צוּ דֶערְצֵיילְן פַּאר דַיינֶע קִינְדֶער און קִינְדְס קִינְדֶער.

אַ קַאלְטֶער שְׁוֵייס הָאט בַּאגָאסְן רַבִּי נָחוּם׳עָן. טְרֶערְן הָאבְּן זִיךְ גֶעוִויזְן אִין דַיינֶע אוֹיגְן. זַיין גֶעזִיכְט אִיז גֶעוֶוען בְּלַאס וִוי דִי וַואנְט און זַיין גַאנְצֶער קֶערְפֶּער הָאט גֶענוּמֶען צִיטֶערְן. אָבֶּער בַּאלְד הָאט עֶר זִיךְ צוּרִיק גֶעכַאפְּט, עֶר אִיז גֶעוָוארְן עֶרְשִׁיטֶערְט. מַמָשׁ אָפֶענֶע רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, נִישְׁט צוּ גְלוֹיבְּן.

דֶער צַדִיק אִיז בַּאלְד דֶערְנָאךְ אַרוֹיס פוּן בֵּית מִדְרָשׁ אוּן נָאךְ אִיהם דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם. נָאר רַבִּי נָחוּם אִיז גֶעבְּלִיבְּן ווִי צוּגֶעשְׁמִידְט צוּם אָרְט. וֶוען עֶר שֶׁעפְּטְשֶׁעט נָאךְ דִי וֶוערְטֶער פוּן רֶבִּין: "אִיךְ הָאף אַז דוּ וֶועסְט נָאךְ הָאבְּן פִּיהל צוּ דֶערְצֵיילְן פַּאר דַיינֶע קִינְדֶער אוּן קִינְדְס קִינְדֶער".

נָאךְ דֶעם וָואס דֶער עוֹלָם הָאט פַּארְלָאזְן דִי שׁוּהל, אִיז רַבִּי שְׁמוּאֵל צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ רַבִּי נָחוּם'עֶן אוּן גֶעפְרֶעגְט וָואס דֶער רֶבִּי הָאט אִיהם אַרַיינְגֶעשֶׁעפְּטְשֶׁעט אִין אוֹיעֶר. וֶוען רַבִּי שְׁמוּאֵל הָאט גֶעהֶערְט דִי וֶוערְטֶער וָואס דֶער רֶבִּי הָאט גֶעזָאגְט פַּאר רַבִּי נָחוּמ'עֶן, אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פוּן אָרְט אוּן אוֹיסְגֶערוּפְן מִיט גְרוֹיס עֶקְסְטַאז:

— נוּ, רַבִּי נָחוּם, דַיין וואוּנְטְשׁ אִיז עֶרְפִיהלְט גֶעוָוארְן. דֶעם רֶבִּינְס וֶוערְטֶער זַיינֶען אַזוֹי קְלָאר, אַז עֶס פָאדֶערְט נִישְׁט דֶערְצוּ קֵיין שׁוּם פֵּירוּשׁ. דוּ בִּיסְט שׁוֹין אַ גֶעהָאלְפֶענֶער. דוּ בִּיסְט שׁוֹין זִיכֶער, מִיטְן אוֹיבֶּערְשְׁטְנְס הִילְף, אַז דוּ וֶועסְט זַיין אַ טַאטֶע אוּן אַ זֵיידֶע אוּן מִיר אַלֶע ווִינְטְשְׁן דִיר פִיהל גְלִיק!

אִין אַ יָאהר אַרוּם הָאט שׁוֹין רַבִּי נָחוּם גֶעהַאט אַ קִינְד. דִי גַאנְצֶע שְׁטָאט הָאט זִיךְ מִיטְגֶעפְרֵייט מִיט זֵייעֶר שִׂמְחָה, נַאכֶער אִיז גֶעקוּמֶען אַ צְוֵוייטֶע אוּן אַ דְרִיטֶע קִינְד א.א.וו. רַבִּי נָחוּם הָאט שְׁטֶענְדִיג גֶעהַאלְטְן אוּן גֶעגְלוֹיבְּט בֶּאֱמוּנָה שְׁלֵימָה אַז דִי אַלֶע קִינְדֶער הָאט עֶר גֶעהַאט נָאר אִין זְכוּת פוּן דֶעם רֶבִּין.

נָאךְ בִּיז הַיינְט דֶערְצֵיילְן דִי אֵיינִיקְלַאךְ פוּן רַבִּי נָחוּמ׳עְן בַּיים סֵדֶר אַלֶעס וָואס הָאט גֶעטְרָאפְן מִיט זֵייעֶר זֵיידְן, וְוִי אַזוֹי עֶר הָאט אָפְּגֶערִיכְט דֶעם סֵדֶר צוּזַאמֶען מִיטְן רֶבִּין אוּן אַלֶעס וָואס עֶר הָאט דָארְטְן מִיטְגֶעלֶעבְּט, אוּן דִי בְּרָכָה ״עֶר זָאל זוֹכֶה זַיין צוּ דֶערְצֵיילְן פַאר זַיינֶע קִינְדֶער אוּן קִינְדְס קִינְדֶער״.

# גיפְט אִין דִי מַצוֹת

גֶעשֶׁעהן אִיז דִי מַעֲשֶׂה אִין דִי עֶרְשְׁטֶע נַאכְט פוּן דֶעם יוֹם טוֹב פֶּסַח, פוּן יָאהר שמ״ד.

דִי אִידְן פוּן פְּרָאג הָאבְּן זִיךְ גֶעגְרֵייט צוּ פַייעֶרְן דֶעם יוֹם טוֹב פֶּסַח מִיט גְרוֹיס פְרֵייד. קֵיין זַאךְ אִיז נִישְׁט גֶעוֶוען פַארְדֶעכְטִיגְט. זַיינֶען דִי אִידְן גֶעוֶוען זִיכֶער, אַז דָאס יָאהר וֶועט דֶער יוֹם טוֹב אַרִיבֶּערְגֵיין אוֹיף זֵיי אוּמְגֶעשְׁטֶערְט. אוֹיךְ דֶער מַהֲרַ״ל אִיז גֶעוֶוען בַּארוּהִיגְט אוּן גֶעהָאפְט אַז דִי שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל וֶועלְן זִיךְ נִישְׁט טְשֶׁעפֶּען מִיט דִי אִידְן אוּן עֶר הָאט זִיךְ גֶעגְרֵייט צוּם יוֹם טוֹב מִיט גְרוֹיס בִּטָחוֹן.

עֶס אִיז אָנְגֶעקוּמֶען דִי נַאכְט פוּן פֶּסַח. פוּן אַלֶע הַייזֶער הָאבְּן אַרוֹיסְגֶעשַׁיינְט דִי לִיכְט אוּן גֶעוָוארְפְן זֵייעֶר שַׁיין אוֹיף וַוייט אַרוּם. דִי טִישְׁן זַיינֶען גֶעוֶוען צוּגֶעגְרֵייט פוּן אַלֶעס גוּטְס, אוּן אִין

דִי שׂוּהלֶן הָאבְּן זִיךְ דִי אִידְן צוּזַאמֶענְגֶעקְלִיבְּן צוּ דַאוְונֶען, צוּ דַאנְקֶען אוּן לוֹיבְּן דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטְן אוֹיף דִי נִסִים וָואס עֶר הָאט מִיט זֵיי גֶעטְהוּן אַרוֹיסְנֶעמֶענְדִיג זֵיי פוּן מִצְרַיִם אוּן אוֹיף דִי נִסִים וָואס עֶר טְהוּט מִיט זֵיי אַלֶע יָאהרְן.

אִין דֶער אַלְטְנַיי שׂוּהל פוּן פְּרָאג הָאט דֶער חַזָן אָנְגֶעהוֹיבְּן דַאוְונֶען מַעֲרִיב, זִינְגֶענְדִיג דֶעם "בָּרְכוּ" מִיט אַ יוֹם טוֹב'דִיגֶער נִגוּן. דֶער רָב פוּן שְׁטָאט, דֶער מַהַרַ"ל, אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בַּיי דֶער מִזְרָח וַואנְד אוּן גֶעדַאוְונְט מִיט גְרוֹיס כַּוָונָה. עֶר הָאט זִיךְ גֶעפִּיהרְט צוּ דַאוְונֶען פוּן סִידוּר אוּן נִישְׁט אוֹיסְנֶווייְנִיג.

אָבֶער בַּיי דֶער עֶרְשְׁטֶע בְּרָכָה פוּן מַעֲרִיב, אַנְשְׁטָאט עֶר זָאל זָאגְן "וּמַחֲלִיף אֶת הַזְמַנִים" — גָ־ט בַּייט אִיבֶּער אוּן עֶנְדֶערְט דִי צַייטְן, הָאט זִיךְ נִישְׁט ווילְנְדִיג פוּן זַיין מוֹיל אַרוֹיסְגֶערֶעדְט דִי וֶוערְטֶער: "וּמַחְמִיץ אֶת הַזְמַנִים" — גָ־ט מַאכְט דִי צַייטְן זוֹיעֶר, חָמֵץ'דִיג.

עֶס אִיז אַ אַלְטֶער כְּלָל אַז בַּיי צַדִיקִים אוּן גְרוֹיסֶע הֶעכֶערֶע מֶענְטְשְׁן, אִיז דָאס מוֹיל, וֶועלְכֶער

איז גֶעהֵײלִיגְט פון שְׁטֶענְדִיגֶער תּוֹרָה און תְּפִילָה, מַאכְט זִיךְ בַּײ אִיהם קֵײנְמָאל נִישְׁט קֵײן אוּמְזִיסְטֶער טָעוּת. וְוײבַּאלְד עֶס רֶעדְט זִיךְ אַרוֹיס פון אִיהם עֶפֶּעס אַ דִּבּוּר אַנְדֶערְשׁ ווִי מֶען וָואלְט עֶס גֶעדַארְפְט זָאגְן, הָאט דֶער דִּיבּוּר אַ גְרוֹיסֶע בַּאדַײטוּנְג און עֶס פָּאדֶערְט אִיהם צוּ שֵׁײנְקֶען גְרוֹיס אוֹיפְמֶערְקְזַאמְקַײט.

אִיז טַאקֶע דֶער מַהֲרַ״ל שְׁרֶעקְלִיךְ דֶערְשְׁרָאקְן גֶעוָוארְן. עֶר הָאט גֶעוואוּסְט קְלָאר אַז זַײן מוֹיל וֶועט קֵײנְמָאל נִישְׁט מַאכְן בַּײם דַאוְונֶען אַזַא מָאדְנֶעם טָעוּת. דָאס מוּז זִיכֶער הָאבְּן אַ זֵײעֶר גְרוֹיסֶע בַּאדַײטוּנְג אָט דֶער ״וּמַחְמִיץ״, דָאס מַאכְט מֶען אִיהם אוֹיפְמֶערְקְזַאם פון הִימְל און מֶען וָוארְנְט אִיהם עֶר זָאל טְהוּן עֶפֶּעס דֶערְצוּ.

*

בַּאלְד נָאכְדֶעם וָואס מֶען הָאט גֶעעֶנְדִיגְט שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה, אִיז דֶער מַהֲרַ״ל אַרוֹיף אוֹיף דֶער בִּימָה, גֶעגֶעבְּן אַ קְלַאפּ און אוֹיסְגֶערוּפְן:

— רַבּוֹתַי! עֶס אִיז עֶפֶּעס גֶעשֶׁעהן אַ זַאךְ וָואס אִיךְ מוּז יֶעצְט אַוֶועקְגֵײן און זִיךְ עֶרְקוּנְדִיגְן

וֶועגְן דֶעם. אִיךְ בֶּעט פוּן דֶעם עוֹלָם, אַז נָאכְדֶעם וָואס אִיהר וֶועט עֶנְדִיגְן דַאוְונֶען, זָאל קֵיינֶער נִישְׁט פַארְלָאזְן דִי שׁוּהל אַהֵיים צוּ גֵיין בִּיז וַואנֶען אִיךְ וֶועל צוּרִיק קוּמֶען אוּן אַייךְ מֶעלְדְן!

עֶר הָאט בַּאלְד גֶעגֶעבְּן אַ בַּאפֶעהל פַאר דֶעם אַלְטְן שַׁמָש, רַבִּי אַבְרָהָם חַיִים, עֶר זָאל שְׁנֶעל שִׁיקְן שְׁלִיחִים אִין אַלֶע שׁוּהלְן אוּן אָנְזָאגְן אִין נָאמֶען פוּן רָב, אַז קֵיינֶער זָאל נִישְׁט פַארְלָאזְן דִי שׁוּהלְן, נָאר מֶען זָאל וַוארְטְן אוֹיף זַיין בַּאפֶעהל.

דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם אִין דִי שׁוּהלְן אִיז גֶעוָוארְן מוֹרָא׳דִיג אוּמְרוּהִיג. מֶען הָאט גֶעוואוּסְט אַז עֶפֶּעס וִויכְטִיגְס הָאט גֶעמוּזְט גֶעשֶׁעהְן וָואס דֶער גְרוֹיסֶער מַהֲרַ״ל הָאט עֶס דֶערְפִיהלְט בַּיים דַאוְונֶען, וֶוער וֵוייס וָואס פַאר אַ נַייעֶ גְזֵרָה עֶס עֶרְוַוארְט זֵיי? זֵיי הָאבְּן אָבֶּער אַלֶע גֶעהַאט צוּטְרוֹי צוּ דֶעם מַהֲרַ״ל, אַז מִיטְן אוֹיבֶּערְשְׁטְנְס הִילְף וֶועט אִיהם גֶעלִינְגֶען זֵיי אָבְצוּהִיטְן פוּן אַלֶעס שְׁלֶעכְטֶס. זַיינֶען זֵיי אַלֶע פַארְבְּלִיבְּן אִין שׁוּהל אוּן גֶעזָאגְט דֶערְוַוייל קַאפִּיטְלַאךְ תְּהִלִים. אִין דֶער זֶעלְבֶּער צַייט אִיז דֶער מַהֲרַ״ל אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער בַּאגְלֵייטוּנְג פוּן דֶעם רֹאשׁ הַקָהָל רַבִּי מָרְדְכַי מַייזְל אוּן נָאךְ

עֶטְלִיכֶע חָשׁוּבֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים, אִין אַ בֶּעזוּנְדֶער צִימֶער פוּן קָהָל שְׁטוּב, נֶעבְּן דֶער שׁוּהל.

פוּן דָארְטְן הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט יָאסֶעלֶע גוֹלֶם צוּ זִיךְ אַהֵיים, מִיט אַ בַּאפֶעהל אִיהם צוּ בְּרֵיינְגֶען וָואס שְׁנֶעלֶער אַ מַצָּה פוּן זַיינֶע מַצּוֹת. און נָאכְדֶעם ווִי עֶר הָאט עֶס גֶעבְּרַאכְט הָאט עֶר גֶעהֵייסְן דֶעם גוֹלֶם עֶסְן דֶערְפוּן אַ כַּזַיִת מַצָּה.

קוֹים הָאט דֶער גוֹלֶם גֶעהַאט אוֹיפְגֶעגֶעסְן דֶעם כַּזַיִת, הָאט עֶר זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבְּן וַוארְפְן ווִי אַ שְׁלַאנְג פַאר גְרוֹיס בּוֹיךְ וֵוייטָאג, עֶר הָאט כְּסֵדֶר גֶעוִוינְן מִיט דֶער הַאנְד אוֹיפְן בּוֹיךְ, אַז עֶר הָאט דָארְטְן גְרוֹיסֶע יְסוּרִים.

דֶער מַהֲרַ"ל הָאט זִיךְ דֶערְשְׁרָאקְן אָנְקוּקְנְדִיג דֶעם גוֹלֶם מִיט זַיינֶע יְסוּרִים. עֶרְשְׁט אִיצְט הָאט עֶר שׁוֹין פַארְשְׁטַאנֶען דֶעם פְּשַׁט פוּן דֶעם וָואס עֶר הָאט זִיךְ פַארְפְּלָאנְטֶערְט בַּיים דַאוְונֶען און זַיין מוֹיל הָאט אַרוֹיס גֶערֶעדְט "וּמַחְמִיץ" אַנְשְׁטָאט "וּמַחֲלִיף", דָאס אִיז גֶעוֶוען אַ אָנְמֶערְקוּנְג אַז דִי מַצּוֹת טָאר מֶען נִישְׁט עֶסְן, וַוייל עֶפֶּעס אַ טְרֵפָה'נֶע הַאנְד פוּן אַ שׂוֹנֵא יִשְׂרָאֵל, וָואס הָאט אַ צוּטְרִיט צוּ

די אִידִישֶׁע בֶּעקֶערַייעֶן, הָאט פַארְגִיפְטֶעט דִי מַצוֹת מִיט סַם הַמָוֶת.

דֶער מַהֲרַ"ל הָאט אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט זַיין הַאנְד אוֹיף דֶער בּוֹיךְ פוּן יָאסֶעלֶע אוּן בִּיז אֵיינִיגֶע מִינוּט אִיז אִיהם בֶּעסֶער גֶעוָוארְן. דִי שְׁמֶערְצְן אִין בּוֹיךְ זַיינֶען אִינְגַאנְצְן פַארְשְׁווּאוּנְדְן גֶעוָוארְן, לוֹיט דִי צֵייכְנְס וָואס דֶער שְׁטוּמֶער גוֹלֶם הָאט גֶעוִויזְן.

יֶעצְט הָאט עֶר גֶעהֵייסְן דֶעם אַלְטְן שַׁמָשׁ, רַבִּי אַבְרָהָם חַיִים, וֶועלְכֶער הָאט שׁוֹין גֶעהַאט צוּרִיק גֶעקוּמֶען, עֶר זָאל נָאכְאַמָאל גֵיין שְׁנֶעל אוּן שִׁיקְן אִין אַלֶע שׁוּהלְן אוֹיסְרוּפְן אִין דֶעם נָאמֶען פוּן רָב, אַז אַלֶע מַצוֹת וָואס זַיינֶען גֶעבַּאקְן גֶעוָוארְן אִין שְׁטָאט, מוּזְן בַּאטְרַאכְט וֶוערְן פַאר חָמֵץ גָמוּר, צוּלִיבּ אַ גֶעוִויסֶע אוּרְזַאךְ. קֵיינֶער טָאר אֲפִילוּ נִישְׁט בַּארִיהרְן קֵיין מַצָה, עֶס אִיז דֶערְבַּיי דָא אוֹיסֶער דֶער גְרוֹיסֶער אִיסוּר פוּן חָמֵץ, אוֹיךְ סַכָּנַת נְפָשׁוֹת.

אַלֶע מֶענְטְשְׁן זַיינֶען שְׁנֶעל אַהֵיים גֶעגַאנְגֶען כְּדֵי שְׁטְרֵיינְג אָנְצוּזָאגְן אִין שְׁטוּב דֶעם בַּאפֶעהל פוּן רָב, נִישְׁט צוּ עֶסְן פוּן דִי מַצָה.

דאַן האָט דער מהר״ל געשיקט רופן צו זיך דעם מצה בעקער, אָבער נאָך אײדער דער שמש איז אַװעק, איז שױן דער מצה בעקער געקומען צו לױפן אַ דערשראָקענער און אַ צוטומלטער, און מיט גרױס װײטאָג אױסגערופן:

— װײ איז מיר, רבי, װאָס איז בײ מיר געשעהן װאָס די מצות װעלכע איך האָב געבאַקן זײַנען חמצדיג?!

— איך קען דיר נאָכנישט זאָגן קײן קלאָרע זאַך — האָט דער מהר״ל צו איהם געזאָגט — ביז װאַנען איך װעל באַקומען פון דיר אַ ענטפער אױף אײניגע פראַגעס. ערשטנס, זאָג מיר, װער האָט דיר געהאָלפן בײם באַקן די מצות?

— װאָס הײסט װער, רבי? די אַלע באַשטימטע אַרבעטער װאָס העלפן מיר שױן יאָהרן לאַנג און דער רבי קען זײ אַלעמען. יאָ, איך דערמאַן זיך, אַז דעם לעצטן טאָג זײַנען קראַנק געװאָרן צװײ פון מײַנע אַרבעטער און איך בין געװען אין גרױס פאַרלעגנהײט, װײל עס זײַנען געװען אַ סאַך װאָס האָבן נאָך נישט געהאַט קײן מצות.

— וָואס הָאסְטוּ גֶעטְהוּן? הָאסְטוּ גֶענוּמֶען צְוֵויי אַנְדֶערֶע אִידְן אַנְשְׁטָאט זֵיי?

— נֵיין, רֶבִּי, קֵיין אִידְן הָאב אִיךְ נִישְׁט גֶעפוּנֶען. הָאט זִיךְ מִיר אָבֶער גֶעמַאכְט בַּיים הַאנְט צְוֵויי "גוֹיִם" וֶועלְכֶע אִיךְ קֶען זֵיי שׁוֹין פוּן לַאנְגֶע יָאהרְן אוּן מֶען רוּפְט זֵיי "דִי צְוֵויי רוֹיט־בֶּערְדִיגֶע", אוּן זֵיי הָאבְּן בַּאוִוילִיגְט צוּ אַרְבֶּעטְן בַּיי מִיר בַּיי דִי מַצוֹת.

— אוּן וִויפְל טֶעג הָאבְּן בַּיי דִיר גֶעאַרְבֶּעט אָט דִי גוֹיִם?

— נָאר אִין עֶרֶב פֶּסַח, פוּן זִיבְּן אִינְדֶערְפְרִי בִּיז דְרַיי אַ זֵייגֶער נָאכְמִיטָאג.

— וֵוייסְטוּ וֶוער הָאט בַּאקוּמֶען פוּן דִי מַצוֹת וֶועלְכֶע מֶען הָאט אִין יֶענֶעם טָאג גֶעבַּאקְן?

— נֵיין, רֶבִּי. עֶס אִיז אוּמְמֶעגְלִיךְ צוּ וִויסְן. דֶער טוּמְל אִיז גֶעוֶוען זֵייעֶר גְרוֹיס. יֶעדֶער אֵיינֶער הָאט מִיר גֶעיָאגְט, מוֹרָא הָאבְּנְדִיג עֶר זָאל נִישְׁט בְּלַייבְּן אָן קֵיין מַצוֹת אוֹיף יוֹם טוֹב.

— וֵוייסְטוּ וואוּ אָט דִי גוֹיִם וואוֹינֶען?

— יָא, רֶבִּי, זֵיי וואוֹינֶען אִין אַ קְלֵיין הַייזְקֶע וָואס שְׁטֵייט אַיינְזַאם בַּיים בְּרֶעג פון דֶעם טַייךְ מָאלְדָאוֶוע.

— יֶעצְט וֵוייס אִיךְ שׁוֹין אַלֶעס — הָאט דֶער מַהֲרַ״ל גֶעזָאגְט — גֵיי אַהֵיים אוּן אִיךְ וֶועל בַּאלְד מֶעלְדְן וָואס אִיז מִיט דִי מַצוֹת.

בַּיים מַהֲרַ״ל אִיז יֶעצְט גֶעוֶוען אַ זִיכֶערֶע זַאךְ, אַז אָט דִי צְוֵויי גוֹיִם הָאבְּן צוּלִיבּ אַ גֶעווִיסֶע אוּרְזַאךְ פַארְגִיפְטֶעט דִי מַצוֹת.

יֶעצְט הָאט דֶער מַהֲרַ״ל גֶעשִׁיקְט אִין דִי שׁוּהלְן אוּן אִין דִי שְׁטִיבֶּער דֶעם אַלְטְן שַׁמָשׁ, עֶר זָאל אוֹיסְרוּפְן, אַז נָאר דִי מַצוֹת וָואס מֶען הָאט גֶעבַּאקְן אִין עֶרֶב פֶּסַח זַיינֶען חָמֵץ׳דִיג אוּן מֶען טָאר זֵיי נִישְׁט עֶסְן. דַאגֶעגְן דִי אִיבֶּערִיגֶע מַצוֹת זַיינֶען יָא כָּשֵׁר. עֶר הָאט גֶעהֵייסְן דִי אִידְן וֶועלְכֶע זַיינֶען נָאךְ פַארְבְּלִיבְּן אִין דִי שׁוּהלְן זֵיי זָאלְן גֵיין אַהֵיים אוּן אָפְּרִיכְטְן דֶעם סֵדֶר, אוּן וֶוער עֶס הָאט נִישְׁט קֵיין כָּשֶׁרֶע מַצוֹת, זָאל זִיךְ טֵיילְן מִיט דֶעם וָואס הָאט יָא כָּשֶׁרֶע מַצוֹת, כְּדֵי נִישְׁט צוּ פַארְשְׁטֶערְן דֶעם עוֹנֶג יוֹם טוֹב. אֵיין שָׁכֵן זָאל אִיבֶּערְגֶעבְּן דֶעם צְוֵוייטְן, אוּן דֶער צְוֵוייטֶער צוּם

דְרִיטְן, כְּדֵי אַלֶע זָאלְן בַּאלְד וִויסְן פוּן דֶעם מֶעלְדוּנְג.

בִּיז אַ הַאלְבֶּע שָׁעָה הָאבְּן דִי אַלֶע אַיינְוואוֹינֶער פוּן דֶעם גֶעטָא שׁוֹין גֶעווּאוּסְט דִי נַייעֶס אוּן דֶעם בַּאפֶעהל פוּן דֶעם רָב.

דֶער מַהֲרַ"ל אַלֵיין הָאט זִיךְ נָאךְ נִישְׁט גֶעזֶעצְט צוּם סֵדֶר.

עֶר הָאט צוּ זִיךְ אַרַיינְגֶערוּפְן יָאסֶעלֶע גוֹלֶם אוּן צוּ אִיהם גֶעזָאגְט:

— בַּיים בְּרֶעג פוּן דֶעם טַייךְ מָאלְדָאוֶוע גֶעפִינְט זִיךְ אַ אַיינְזַאמֶע הַייזְקֶע, דָארְטְן וואוֹינֶען דִי צְוֵויי "רוֹיט בֶּערְדִיגֶע גוֹיִם" (בֵּיידֶע הָאבְּן גֶעטְרָאגְן בֶּערְד אוּן זֵיי זַיינֶען גֶעוֶוען רוֹיט, פְלֶעגְט מֶען זֵיי רוּפְן: "דִי רוֹיט בֶּערְדִיגֶע גוֹיִם"). גֵיי אַרַיין דָארְטְן אִין שְׁטוּב אוּן זָאלְסְט דָארְטְן גוּט אוּנְטֶערְזוּכְן, אוּן אוֹיבּ דוּ וֶועסְט גֶעפִינֶען אַ פְלֶעשֶׁעלֶע אָדֶער אַ שַׁאכְטְל מִיט עֶפֶּעס פַארְדֶעכְטִיגֶס, זָאלְסְטוּ עֶס גְלַייךְ בְּרֵיינְגֶען צוּ מִיר.

דֶער גוֹלֶם הָאט אוֹיסְגֶעפִיהְרְט דָאס בַּאפֶעהל

פון דעם מַהֲרַ״ל. די צְוֵויי רויט בֶּערְדִיגֶע גוֹיִם, וֶועלְכֶע הָאבְּן גֶעוואוֹינְט צוּזַאמֶען, זַיינֶען גְרַאדֶע נִישְׁט גֶעוֶוען אִין דֶער הֵיים. דֶער גוֹלָם אִיז צוּרִיק גֶעקוּמֶען און גֶעבְּרֵיינְגְט דֶעם מַהֲרַ״ל אַ שַׁאכְטְל וָואס עֶר הָאט גֶעפוּנֶען בַּאהַאלְטְן אִין אַ שוּפְלָאד און וֶועלְכֶער הָאט עֶנְטְהַאלְטְן אַ וַוייסֶער שְׁטוֹיבּ.

דֶער מַהֲרַ״ל הָאט גֶעוואוּסְט אַז זַיין גוֹלָם מַאכְט נִישְׁט קֵיין טָעוּת, און דֶער שְׁטוֹיבּ אִיז אַזַא סָארְט גֶעפֶערְלִיכֶער גִיפְט. דֶער שַׁאכְטְל אִיז שוֹין גֶעוֶוען נִישְׁט פוּהל, און עֶס אִיז גֶעוֶוען קֶענְטִיג אַז מֶען הָאט דֶערְפוּן אַרָאפְּגֶענוּמֶען. אַ צֵייכְן, אַז מֶען הָאט עֶס פַארְנִיצְט פַאר עֶפֶּעס אַ צְוֶועק.

עֶר הָאט גֶעהֵייסְן פַּארְן גוֹלָם עֶר זָאל שוֹין צוּרִיק טְרָאגְן דָאס שַׁאכְטְל מִיטְן שְׁטוֹיבּ און עֶס אַוֶועקְלֵייגְן צוּרִיק אוֹיף דֶעם זֶעלְבְּן אָרְט וואוּ עֶר הָאט עֶס גֶעפוּנֶען און עֶר אַלֵיין הָאט זִיךְ אָנְגֶעטְהוּן זַיין אוֹיבֶּערְרָאק, גֶענוּמֶען דֶעם שְׁטֶעקְן אִין הַאנְד און אִין דֶער בַּאגְלֵייטוּנְג פוּן דֶעם אַלְטְן שַׁמָשׁ רַבִּי אַבְרָהָם חַיִים, הָאט עֶר זִיךְ גֶעלָאזְט גֵיין צוּם רִיכְטוּנְג פוּן דֶער פָּאלִיצֵיי סְטַאנְצִיֶע און דָארְטְן אָנְגֶעבְן אַ אָנְקְלַאגֶע.

אוֹיפְן וֶועג הָאט דֶער מַהֲרַ"ל גְרַאדֶע בַּאגֶעגְנְט דִי צְוֵויי רוֹיט בֶּערְדִיגֶע גוֹיִם, וֶועלְכֶע הָאבְּן זִיךְ אַרוּמְגֶעדְרֵייט אִין דִי אִידִישֶׁע גַאסְן כְּדֵי צוּ זֶעהְן דֶעם רֶעזוּלְטַאט פוּן זֵייעֶרֶע גֶעפֶעהְרְלִיכֶע מַעֲשִׂים. זֵיי הָאבְּן עֶרְוַואְרְט צוּ הֶערְן יָאמֶערְלִיכֶע גֶעשְׁרֵייעֶן פוּן אַלֶע אִידִישֶׁע הַייזֶער, אָבֶּער אַנְשְׁטָאט גֶעוֵויינֶען, הֶערְט מֶען גָאר זִינְגֶען דִי גֶעוֵויינְלִיכֶע סֵדֶר נִיגוּנִים. זֵיי הָאבְּן נִישְׁט גֶעקֶענְט פַארְשְׁטֵיין וָואס דָא אִיז גֶעשֶׁעהְן. מֶען הָאט דָאךְ אִין דֶעם זֶעלְבְּן טָאג גֶעבַּאקְן אוֹיךְ דִי מַצּוֹת פַאר דֶעם רָב אוּן דָא גֵייט עֶר עֶרְגֶעץ צוּ גַאסְט, גֶעזוּנְט אוּן פְרִישׁ, אוּן טַאקֶע ווַאוּהִין זָאל דָאס גֵיין דֶער רָב פוּן פְּרָאג אִין מִיטְן דֶער נַאכְט פוּן פֶּסַח, אַ צַייט אִין וֶועלְכְן מֶען מַאכְט נִישְׁט קֵיין וִוזִיטְן?

דֶער רָב הָאט דַאן דֶערְצֵיילְט פַאר דֶעם פָּאלִיצֵיי דִירֶעקְטָאר דֶעם שְׁרֶעקְלִיכְן פַארְדַאכְט וָואס עֶר הָאט אוֹיף דִי צְוֵויי חֶבְרֶה לַייט אוּן גֶעבֶּעטְן שׁוֹין צוּ מַאכְן אַ אוֹיסְפָארְשׁוּנְג.

דֶער פָּאלִיצֵיי דִירֶעקְטָאר הָאט אִיהם פַארְשְׁפְּרָאכְן דָאס צוּ טְהוּן מִיט דֶער בַּאמֶערְקוּנְג, אַז עֶר אַלֵיין וִויל בַּייוואוֹינֶען דִי הוֹיז רֶעוִויזְיֶע פוּן

דִי רוֹיט בֶּערְדִיגֶע, כְּדֵי עֶר זָאל זִיךְ פֶּערְזֶענְלִיךְ אִיבֶּערְצַייגְן פוּן דִי רִיכְטִיגְקַייט פוּן דֶער אָנְקְלַאגֶע.

דִי צְוֵויי חֶבְרֶה לַייט זַיינֶען נָאךְ נִישְׁט גֶעוֶוען אִין זֵייעֶר הֵיים וֶוען דֶער פָּאלִיצֵיי דִירֶעקְטָאר הָאט בַּיי זֵיי גֶעמַאכְט אַ רֶעווִיזְיֶע אוּן גֶעפוּנֶען דָאס שַׁאכְטְל מִיט דֶעם פַארְדֶעכְטִיגְן אִינְהַאלְט.

דִי פָּאלִיצֵיי הָאט בַּאלְד אוֹיסְגֶעפוּנֶען דִי צְוֵויי רוֹיט בֶּערְדִיגֶע. אִין אָנְהוֹיבּ הָאבְּן זֵיי גֶעפְּרוּבְט צוּ לֵייקֶענֶען. הָאט דֶער פָּאלִיצֵיי דִירֶעקְטָאר בַּאפוֹילְן צוּ בְּרֵיינְגֶען צוּ דֶער פָּאלִיצֵיי סְטַאנְצְיֶע דִי אַלֶע פַארְדֶעכְטִיגֶע מַצוֹת אוּן בַּאפוֹילְן אוֹיף דִי צְוֵויי רוֹיט בֶּערְדִיגֶע צוּ עֶסְן דֶערְפוּן. עֶר הָאט זֵיי אוֹיךְ גֶעווִיזְן דֶעם שַׁאכְטְל מִיטְן גִיפְט וָואס מֶען הָאט בַּיי זֵיי גֶעפוּנֶען. זֵיי זַיינֶען דַאן צוּבְּרָאכְן גֶעוָוארְן אוּן מוֹדֶה גֶעוֶוען אוֹיף זֵייעֶר פַארְבְּרֶעכְן.

— פַארְוָואס הָאט אִיהר אָפְּגֶעטְהוּן אַזַא שְׁרֶעקְלִיכֶער פַארְבְּרֶעכְן? — הָאט דֶער פָּאלִיצֵיי דִירֶעקְטָאר זֵיי גֶעפְרֶעגְט מִיט צָארְן.

— דֶער גַלַח טַאדֶעאוּס הָאט אוּנְז

אַיינגְעֶרעֶדְט — הָאבְּן די צְוֵויי גֶעעֶנְטְפֶערְט צוּבְּרָאכְן.

— אִיהר זָאגְט לִיגְנְד! — הָאט דֶער פָּאלִיצֵיי דִירֶעקְטָאר אוֹיף זֵיי אָנְגֶעשְׁרִיגְן — ווִי קֶענְט אִיהר וַוארְפְן די שׁוּלְד אוֹיף אַזָא הֵיילִיגְן מֶענְטְשׁ?!

— בִּיטֶע, הֶער פָּאלִיצֵיי דִירֶעקְטָאר — הָאבְּן זִיךְ די צְוֵויי רוֹיט בֶּערְדִיגֶע גֶעבֶּעטְן — זָאל עֶר אוּנְז אוֹיסְהֶערְן וֶועט עֶר דַאן זֶעהן אַז מִיר זָאגְן נִישְׁט קֵיין לִיגְנְד.

און זֵיי הָאבְּן דֶערְצֵיילְט ווִי פָּאלְגֶענְד:

— מִיר זַיינֶען בַּיי די אִידְן אָפְּטֶע אַרַיינְגֵייעֶר און מִיר פַארְדִינֶען בַּיי זֵיי אוֹיף פַּרְנָסָה שׁוֹין פִיהל יָאהרְן. אֵיינִיגֶע טֶעג פַאר פֶּסַח, הָאט אוּנְז דֶער גַלַח טַאדֶעאוּס גֶעשִׁיקְט רוּפְן און אוּנְז גֶעגֶעבְּן צוּ עֶרְקְלֶעהרְן, אַז מִיר וֶועלְן פַארְדִינֶען גַן עֵדֶן אוֹיבּ מִיר וֶועלְן אִיהם פָּאלְגְן. עֶר הָאט אוּנְז דַאן גֶעגֶעבְּן אַ פְלֶעשֶׁעלֶע מִיט עֶפֶּעס אַ פְלִיסִיגְקַייט און פַארלַאנְגְט פוּן אוּנְז, מִיר זָאלְן דֶערְפוּן אַרַיינְגִיסְן אִין די פֶּעסֶער וַויין פוּן רַבִּי מִיכְל בֶּערְגֶער, בַּיי וֶועמֶען די אִידְן קוֹיפְן וַויין אוֹיף פֶּסַח. מִיר הָאבְּן

אִיהם אָבֶער עֶרְקְלֶעהְרְט, אַז רַבִּי מִיכְל לָאזְט אוּנְז קֵיינְמָאל נִישְׁט צוּ בַּיי דִי אָפֶענֶע פֶּעסֶער וַויין, כָאטְשׁ מִיר זַיינֶען דָארְטְן גַאנְץ הֵיימִישֶׁע אַרַיינְגֵייעֶר.

דַאן הָאט אוּנְז דֶער גַלַח טַאדֶעאוּס גֶעגֶעבְּן אָט דֶעם שַׁאכְטְל מִיטְן פּוּלְוֶוער און אוּנְז גֶעהֵייסְן זִיךְ בַּאמִיהֶען צוּצוּקוּמֶען אַלְס גֶעהִילְפְן בַּיים בַּאקְן פוּן דִי אִידִישֶׁע מַצוֹת און דֶעם פּוּלְוֶוער אַרַיינְשִׁיטְן אִין דִי מֶעהל. עֶר הָאט אוּנְז דֶערְפַאר צוּגֶעזָאגְט נִישְׁט נָאר עוֹלָם הַבָּא אַלֵיין נָאר אוֹיךְ אַ גְרוֹיסֶע סוּמֶע גֶעלְד.

עֶס אִיז אָבֶער זֵייעֶר שְׁוֶוער אָנְגֶעקוּמֶען צוּ קֶענֶען צוּקוּמֶען צוּ דֶער אִידִישֶׁער מַצוֹת בֶּעקֶערַיי אַלְס גֶעהִילְפְן. עֶרְשְׁט דֶעם לֶעצְטְן טָאג פַאר פֶּסַח אִיז אוּנְז גֶעלוּנְגֶען זִיךְ דָארְטְן אָנְצוּגֶעבְּן אַלְס מֶעהל זִיפֶּערְס און וֶוען מִיר הָאבְּן גֶעזִיפְּט דָאס מֶעהל און קֵיינֶער הָאט נִישְׁט בַּאמֶערְקְט, אִיז אוּנְז גֶעלוּנְגֶען אַרַיינְצוּשִׁיטְן פוּן דִי פּוּלְוֶוער אִין דִי מֶעהל. עֶס הָאט אוּנְז גָאר נִישְׁט גֶעדְרִיקְט דָאס גֶעווִיסְן פַאר דֶעם גֶעפֶערְלִיכְן טְהַאט וָואס מִיר הָאבְּן אָפְּגֶעטְהוּן, כָאטְשׁ דִי אִידְן זַיינֶען צוּ אוּנְז

גֶעוֶועֶן שְׁטֶענְדִיג גוּט אוּן בְּרִידֶערְלַאךְ, אוּן אוּנְז גֶעגֶעבְּן שַׁיין צוּ פַּארְדִינֶען.

דֶער פָּאלִיצַיי דִירֶעקְטָאר הָאט גֶעשִׁיקְט רוּפְן דֶעם גַלַח טַאדֶעאוּס. דֶער רָשָׁע אִיז בַּאלְד גֶעקוּמֶען אוּן אוֹיסְהֶערְנְדִיג אוֹיף וָואס מֶען קְלָאגְט אִיהם אָן, הָאט עֶר קַאלְטְבְּלוּטִיג גֶעעֶנְטְפֶערְט, פוּן וֶוען אָן גְלוֹיבְּט דֶער פָּאלִיצַיי דִירֶעקְטָאר צוּ דִי רֵייד פוּן צְוֵויי שִׁכּוֹרִים? עֶר קֶען זֵיי גָארְנִישְׁט אוּן עֶר הָאט מִיט זֵיי קֵיינְמָאל נִישְׁט גֶערֶעדְט אוּן נִישְׁט גֶעזֶעהְן.

דֶער פָּאלִיצַיי דִירֶעקְטָאר הָאט נִישְׁט גֶעהַאט קֵיין אַנְדֶער בֶּעוַוייז אוּן גֶעמוּזְט גְלוֹיבְּן דֶעם גַלַח, אָבֶּער דִי צְוֵויי רוֹיט בֶּערְדִיגֶע זַיינֶען גֶעשְׁטֶעלְט גֶעוָוארְן צוּם גֶערִיכְט אוּן מֶען הָאט זֵיי פַּארְאוּרְטֵיילְט אוֹיף פִינְף יָאהר אַרֶעסְט.

גֶעוואוּסְט הָאט אָבֶּער גַאנְץ פְּרָאג אַז דֶער גַלַח טַאדֶעאוּס אִיז דֶער הוֹיפְּט שוּלְדִיגֶער אִין דֶעם פַּארְגִיפְטוּנְגְס פַּארְזוּךְ.

חוֹל הַמוֹעֵד, נָאכְדֶעם וָואס דֶער גֶערִיכְט אִיז פָּארְגֶעקוּמֶען, הָאט דֶער מַהֲרַ״ל צוּזַאמֶען גֶערוּפְן אַלֶע אִידְן פוּן פְּרָאג אִין דֶער אַלְטְנַיי שׁוּהל, אוּן זֵיי

דֶערְצֵיילְט דִי גַאנְצֶע פַּאסִירוּנְג וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶן מִיט דִי מַצוֹת אוּן עֶר הָאט אוֹיסְגֶעפִיהרְט:

— זֶעהט אִיהר, טַייעֶרֶע בְּרִידֶער, וִוי אַזוֹי דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער הִיט אוֹיף אוּנְז אוּן דֶערְלָאזְט נִישְׁט שְׁלֶעכְטֶס צוּ טְהוּן זַיין אוֹיסְדֶערְוֶויילְטֶער פָּאלְק. דָאס מָאל אִיז טַאקֶע גֶעלוּנְגֶען דֶעם שׂוֹנֵא יִשְׂרָאֵל זִיךְ אַרוֹיס צוּדְרֵייעֶן פוּן גֶערִיכְט, אָבֶּער אִיךְ הָאף צוּם אוֹיבֶּערְשְׁטְן, אַז טָאמֶער וֶועט עֶר מַאכְן נָאכְאַמָאל אַ פְּרָאבֶּע אוּנְז שְׁלֶעכְטֶס צוּ טְהוּן, וֶועט עֶר דַאן הָאבְּן זַיין עֶנְדְגִילְטִיגְן סוֹף.

דִי אִידְן פוּן פְּרָאג הָאבְּן דַאמָאלְס גֶעהַאט אַ פְּרֵיילִיכְן פֶּסַח אוּן זֵיי הָאבְּן גֶעדַאנְקְט אוּן גֶעלוֹיבְּט דֶעם בַּאשֶׁעפֶער פַאר דִי גְרוֹיסֶע נִסִים וָואס עֶר הָאט מִיט זֵיי גֶעטְהוּן אִין זְכוּת פוּן זֵייעֶר הֵיילִיגְן רָב, דֶער גְרוֹיסֶער צַדִיק דֶער מַהֲרַ״ל זי״ע.